דעם אָנדענק פון די העלדן, וואָס זייערע קברים זענען צעזייט איבער די פוילישע, אוקראַיִנישע, רוסישע און ווייסרוסישע וועלדער, פון די אַלע, וואָס האָבן מיט זייער לעבן באַצאָלט פאַר דעם כבוד פון זייער פאָלק — ווידמע איך די דאָזיקע אַרבעט.

**דער מחבר**

שלמה שטראַוס־מאַרקאָ

# פוילישע יידן אין די וועלדער

1־טער באַנד

## אין די פוילישע און אוקראַאינישע וועלדער

תל־אביב, תשל״ט — 1979

# אַ פּאָר ווערטער וועגן מחבר

שלמה שטראַוס, פּסעוודאָנים מאַרקאָ, איז געבוירן געוואָרן ביי אָרעמע עלטערן אינעם קליינעם גאַליצישן שטעטל וואַריש, קרייז לעמבערג. שוין אַלס קינד האָט ער דערפילט אויף זיך קעגנזעצלעכע איינפלוסן. די מוטער אַ וועלטלעך־געזיניקטע פרוי באַמיט זיך צו געבן איר זון היינטצייטיקן וויסן, בעת דער פאָטער, אַ רעליגיעזער פאַנאַטיקער טוט אַלץ, כדי צו דערציען אים אין אַלט־פרענקישן גייסט. דערפון באַקומט זיך, אַז שלמה שטראַוס לערנט אין קלויז, טראָגט די גאַליציש־חסידישע הלבשה, געשרויפטע פּאהלעך, און גלייכצייטיק באַזוכט ער די אַלגעמיינע פּוילישע גרונט־שול. זיין פּאָליטישע טעטיקייט הייבט זיך אָן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער איז איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער „גורדוניה", אין זיין שטעטל וואַריש.

גאָר יונג ווערט שלמה שטראַוס אַריינגעצויגן אין דער לינקער אַרבעטער־באַוועגונג. אירע אידעען פילן אויס זיין גייסטיקן וועזן און באַשטימען זיין שפּעטערדיקן לעבנסוועג. זיין טעטיקייטס־געביט איז די יידישע קולטור־אַרבעט.

אין יאָר 1930 קומט ער קיין לעמבערג. מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען וואַרפט ער זיך אַריין אין דער באַוועגונג. גאָר אין גיכן ווערט ער געשטעלט בראש פונעם לינקן קולטור־קלוב א. נ. פון י. ל. פּרץ.

שלמה שטראַוס איז דרייסט און אומדערשראָקן, גייט שטענדיק אין די פאָדערשטע רייען. ס'איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אים טרעפן פּאָליצייאישע קוילן. אין יאָר 1931 ווערט ער פאַרוווּנדעט ביים אויפהענגען אַ פאָן. אין יאָר 1936, בעת די פּאָליטישע אומרוען אין לעמבערג אין צוזאַמענהאַנג מיטן דער־מאָרדן דעם אַרבעטסלאָזן וולאַדיסלאַוו קאָזאַק, נעמט שלמה שטראַוס אַקטיוו אָנטייל אין די גאַסן־קאַמפן. ער באַקומט אַ טיפע ווונד אין קאָפּ.

1939. היטלער פאַלט אָן אויף פּוילן. שלמה שטראַוס קומט אין פּולק א. נ. „די פאַרטיידיקער פון לעמבערג" און מעלדעט זיך צו דער פרייוויליקער קאָמפּאַניע, וועלכע ווערט תיכף אַרויסגעשיקט אויפן פראָנט.

אין דער שלאַכט הינטער פלאָצק ווערט ער פאַרוווּנדעט און פאַלט אַריין אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט. ער האָט נישט קיין אילוזיעס וועגן די היט־לעריסטישע מאָרד־כוונות לגבי יידן. ער גיט זיך אָן אַלס אוקראַינער טימאָפּיע מאַרקאָ. אונטערן דאָזיקן נאָמען הייבט אָן שלמה שטראַוס זיין מאַראַניש טאָפּלט לעבן: אַלס באַהאַלטענער ייד, אונטערערדישער אַנטי־היטלעריסטישער פּאָליטישער טוער און עפנטלעכער אָנפירער פון אַרבעטס־לאַגער פאַר געפאַנגענע הינטער ווין, וועלכער געפינט זיך אונטער דער פּאָליטישער אויפזיכט פון אוקראַינישע פאַשיסטן, די טרויעריקע באַקאַנטע באַנדעראָווצעס. דעם דאָזיקן צייט־אָפּשניט באַשרייבט דער מחבר אין זיין בוך „דער ראַסיקער אַריער".

נאָך דער מלחמה קערט זיך אום שלמה שטראַוס צוריק אַהיים. ער קומט

אויף די חורבות פון זיין שטעטל וואַריש, ווו ער טרעפט קיינעם נישט פון זיין הויז־געזינד, פון זיינע קרובים, ער טרעפט בכלל קיין יידן נישט. פול מיט ענערגיע און דורכגענומען מיט נקמה־געפילן צו די רוצחים פון זיין פאָלק נוצט אויס שלמה שטראַוס די אונטערערדישע קאַמפּס־דערפאַרונג פון „טימאָפּיע מאַרקאָ" און נעמט אָנטייל אַלס קאַפּיטאַן פון פּוילישן מיליטער אינעם קאַמף, אין ליקווידאַציע פון די פּויליש־אוקראַינישע און דייטשע פאַשיסטישע באַנדעס, וועלכע פאַלן אָן און מאָרדן אומשולדיקע מענטשן און אין דער ערשטער ריי די רעשטלעך יידן, וועלכע האָבן זיך פון פאַרשידענע ערטער אומגעקערט צו זייערע היימען. אין איינער פון די שלאַכטן מיט די דאָזיקע באַנדעס ווערט שלמה שטראַוס־מאַרקאָ צום פערטן מאָל פאַרוואונדעט.

ווען עס פאַרענדיקט זיך דער קאַמף מיט די רוצחים אין פּוילן, באַשליסט ער צו פאַרפולקאָמען זיין בילדונג. ער טרעט אַריין לכתחילה אין דער אַקאַדעמיע פאַר סאָציאַלע וויסנשאַפט און שפּעטער, אין יאָר 1948 ווערט ער אָנגענומען אויפן יורידישן פאַקולטעט פון לאָדזשער אוניווערסיטעט. אין יאָר 1952 באַקומט ער דעם דיפּלאָם אַלס מאַגיסטער פון רעכט.

שלמה שטראַוס־מאַרקאָ ווייזט נישט אַרויס קיין איבריקן אינטערעס פאַר יורידישער פּראַקטיק. אים ציט צו ליטעראַרישער טעטיקייט. ער פילט די באַ־דערפעניש צו דערציילן דער וועלט די גרויל צייטן פון היטלעריזם, אויך זיינע איבערלעבענישן און דערפאַרונגען.

שלמה שטראַוס־מאַרקאָ האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט אין פּוילן מיט דעם בוך:

1) „דער ראַסיקער אַריער".
2) „געווען אַמאָל אַ שטעטל".
3) „טשיסטאַ קרעוו", אויסגעברייטערט מיט אַ טייל נייע דאָקומענטן.
4) דריי בענדער „פּוילישע יידן אין די וועלדער" — וועלכע די פּוילישע צענזור האָט קאָנפיסקירט. דעם צענזאָר איז נישט געפעלן געוואָרן וואָס דער מחבר האָט אויפגעדעקט די יידישע נעמען, וועלכע האָבן ביז דעמאָלט פיגורירט אין די רעגיסטערס אַלס נישט־יידן.
5) אין עברית „דם טהור" — איבערזעצט פון פּויליש. אויך אויסגעברייטערט מיט 16 נייע דאָקומענטן און קאַפּיטלען, וועלכע מען האָט אין פּוילן קאָנפיסקירט.
6) אין שופלאָד פון מחבר ליגט שוין אויך אַ ניי בוך גרייט צום דרוק א. נ. „דער קולטור געזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד פון די יידן אין נאָך מלחמהדיקן פּוילן".

דער נאָמען מאַרקאָ מיט וועלכן שלמה שטראַוס האָט זיך באַנוצט אין דער אונטערגרונד באַוועגונג אין דייטשלאַנד, איז צונויפגעוואַקסן געוואָרן נישט בלויז מיט זיין פּאָליטישער אַרבעט, נאָר אויך געוואָרן זיין ביינאָמען, מיט וועלכן ער האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט.

אין יאָר 1971 איז שלמה שטראַוס־מאַרקאָ מיט זיין משפחה געקומען קיין ישׂראל. וווינט אין תל־אביב, און אַרבעט אויפן תל־אביבער אוניווערסיטעט.

**די רעדאַקציע**

# הקדמה

דאָס בוך פון שלמה שטראַוס־מאַרקאָ, „פּוילישע יידן אין די וועלדער" דערציילט וועגן אָנטייל פון יידן אין די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. עס איז פון גרויסער וויכטיקייט פאַר דער געשיכטע פון יידישן ווידערשטאַנד קעגן היטלעריסטישן רוצח.

פאַראַן אַזוי פיל פעלשונגען וועגן דער גרינער לעגענדע, אַז עס איז ממש אַ נאַציאָנאַלער און מענטשלעכער חוב צו דערציילן וועגן אָנטייל פון יידן אין העלדישן קאַמף. סיי די רוסן, סיי די פּאָליאַקן האָבן אויסגענוצט די עקזיסטירנדיקע פאַרהעלטנישן, וואָס האָבן געצווונגען די יידן זיך אויסצובאַהאַלטן אונטער נישט־יידישע נעמען, און פאַררעכנט די העלדן אין זייערע נאַציאָנאַלע רעגיסטערס.

דאָס אַנטדעקן די ריכטיקע נעמען איז נישט געפעלן געוואָרן דער פּוילישער צענזור, און עס איז נישט קיין וואונדער וואָס זיי האָבן דאָס דאָזיקע בוך קאָנפיסקירט, באַמיט זיך עס זאָל נישט זען די ליכטיקע שיין.

„דאָס בוך „פּוילישע יידן אין די וועלדער" וועט זיין סיי אַן אָנדענק פאַר די געפאַלענע העלדן, סיי דאָס וועט ווייזן דער וועלט דעם יידישן אָנטייל אין דעם קאַמף קעגן היטלעריזם. דאָס וועט צו נישט מאַכן דעם בלבול, אַז יידן זענען געגאַנגען ווי שאָף צו דער שחיטה.

עס איז אַ חוב צו דאָקומענטירן די פאַלשקייט פון דאָזיקן בלבול, און די פאַרשאַרבעט פון שלמה שטראַוס־מאַרקאָ האָט עס באַוויזן, און דאָס בוך וועט זיין אַ ביישטייער צו דער געשיכטע פון דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

11 מערץ 1979

**יהודה קערש**

# אַ וואָרט פון אויטאָר

מיט דער געשיכטע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה וועלן זיך נאָך לאַנג אינטערעסירן היסטאָריקער, שרייבער, קריטיקער, קריגס־לייט און וויסנשאַפטלער. שוין דערפאַר וואָס די תקופה 1939 — 1945 איז איינע פון די טראַגישסטע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט בכלל און די גרויזאַמסטע אין דער יסורים־פולער געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק.

איין דריטל פון אונדזער פאָלק איז אויף אַן אומבאַשרייבלעכן אופן אומגעקומען פון די הענט פון חיהשע אַנטיסעמיטן און אויסוואורפן. און עס וועט נאָך לאַנג עקבערן אין די מוחות פון פסיכאָלאָגן און פאָליטיקער די פראַגע, ווי אַזוי עס האָט געקאָנט קומען צו אַזאַ אַכזריות אין דער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט.

עס איז דעריבער נייטיק סיי פאַרן היינט און נאָך מער פאַרן מאָרגן צו באַקענען זיך מיט וואָס מער זכרונות, נאָטיצן און מאַטעריאַלן פון דער דאָזיקער טראַגישער צייט.

די שרעקלעכע איבערלעבונגען בעת דער היטלער־אָקופּאַציע האָבן אויפגעוועקט דעם דראַנג צו שרייבן ביי אַ סך פשוטע מענטשן, וועלכע האָבן קיינמאָל אין זייער לעבן נישט געטרוימט פון קיין ליטעראַרישער קאַריערע. דערפאַר איז די זכרונות־ליטע־ראַטור פון דער חורבן־תקופה זייער גרויס. עס זענען געשאַפן געוואָרן טאָג־ביכער און כראָניקעס, בענדער פון טרויעריקער פּאָעזיע און שוידערלעכע דערציילונגען, אָבער דער עיקר גיבן איבער די אַלע מאַטעריאַלן, דערציילונגען און לידער — בילדער פון גרול און פּיין אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און זייער ווייניק וועגן יידישער גבורה אין יענער צייט.

אָרעם איז די ליטעראַטור פון דער חורבן־תקופה אין דער־ציילונגען פון ווידערשטאַנד און קאַמף, פון שלאַכטן פון יידישע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן מיט געווער אין האַנט געקעמפט

קעגן דעם פּילפּאַכיק שטאַרקערן אין דער צאָל און ביז צו די ציין באַוואָפנטן שונא.

ווייניק האָבן מיר דערציילונגען וועגן מוטיקע יידן, וועלכע טראָגן הילף זייערע מיטבירגער און מיטקעמפער נישט־יידן און נישט איינמאָל דערפאַר באַצאָלט מיט דעם יונגן לעבן. ווייניק פאַקטן פון אונטערערדישער טעטיקייט, באַשרייבונגען וועגן יידן פאַרשטעלטע אַלס אַריער, וועלכע האָבן דורכגעפירט סאַבאָטאַזש־אַקטן און דיווערסיע אין רוקן פון שונא, אין זיינע רייען און מיינ־סטנטייל פאַרענדיקט זייער בליענדיקע יוגנט אין קעלערן און קאַזעמאַטן פון דער געסטאַפּאָ.

די געשיכטע פאַרלאַנגט פון אונדז אַן אייביקן דענקמאָל פאַר די דאָזיקע העלדן, אַז די קומענדיקע דורות זאָלן מיט דרך־ארץ און ליבע דערמאָנען זייערע נעמען.

טאַקע דערפאַר האָב איך באַשלאָסן צו זאַמלען מאַטעריאַלן ביי די לעבן־געבליבענע קעמפער — פאַרטיזאַנער פון פאַרשידענע אָפּטיילונגען, פון פאַרשידענע געביטן און וועלדער, וועלכע האָבן מיט געווער אין דער האַנט פאַרטיידיקט זייער כבוד און דעם כבוד פון זייער פאָלק — נעמענדיק נקמה פאַר די טראַגיש־אומ־געקומענע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, פאַר די צעשטערטע היימען.

געוויס וועט מיין אַרבעט אַרומנעמען גאָר אַ קליינעם טייל פון דער געשיכטע פון העראָישן פאַרטיזאַנער־קאַמף און בלויז געציילטע פון די טויזנטער און טויזנטער יידן, וואָס האָבן זיך העלדיש פאַר־מאָסטן קעגן די מחנות פון דעם דייטשן אָקופּאַנט, אָבער דאָך וועט עס זיין אַ באַשיידענער צושטייער צו דער קאַמפּס־געשיכטע פון דעם יידישן פאָלק אין דער צייט פון דער חורבן־תקופה אין די יאָרן 1939—1945, ווי אויך אַ דערמאָנונג און וואָרענונג פאַר די, וואָס האָבן אונדזער פאָלק געוואָלט פאַרניכטן.

וואַרשע, דעם 2.11.1962

**שלמה שטראַוס־מאַרקאָ**

# דער שטורעם־באַטאַליאָן

אויף דעם גאַנצן שטח פון די סאָסנאָווע ביעלאָמוטער וועלדער צווישן מאָסקווער און ריאַזאַנסקער ראַיאָן קומט איצט פאָר אַ לעבהאַפטע אַרבעט, פול ענערגיע און ברען. יונגע זעלנער, אויסגעקליבענע פון פאַרשידענע מיליטערישע פאָרמאַציעס בויען אַלץ נייע און נייע זעמליאַנקעס פאַר זיך און פאַר אַנדערע צוקונפטיקע פאַרטיזאַנער. זיי שניידן די הויכע סאָסנעס ווי אַלטע דערפאַרענע וואַלד־אַרבעטער. דאָ און דאָרט הערן זיך לידער אין פאַרשידענע שפּראַכן, וועלכע שלאָגן זיך אָפּ מיט אַ ווידערקול אין דער ענדלאָזער גרינער ווייטקייט. „קינדער־יאָרן, שיינע זיסע יאָרן״... — זינגט אַ שוואַרצער, שלאַנקער בחור פון לעמבערג. זיין שטימע ווערט אונטער־געכאַפּט פון אַ גרופּע זיינע מיטאַרבעטער...

די ביימער פאַלן ווי זאַנגען אונטער דעם סערפּ פון שניטער. מען האַקט אָפּ די צווייגן, מען צעזעגט זיי אויף פּאַלעס, און עס וואַקסן זעמליאַנקעס ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן... „העי טי וויסלאַ, מאָדראַ זשעקאָ, פּאָד לאַסעם״... — הערט זיך אַ בענקנדיק ליד פון אַ וואַרשעווער פּוילישן בחור. יעדן טוט דאָס ליד אין עפּעס דערמאָנען... נישט איינער לאָזט שטעקן זיין האַק אין דעם בוים, דרייט אויס זיין קאָפּ אין דער ריכטונג, פון וועלכער עס טראָגט זיך די בענקנדיקע מעלאָדיע. זי דערמאָנט די היים... די פּוילישע ערד... אַ טייכל, אין וועלכן מען האָט זיך געבאָדן מיט חברים אין דער פרישטער יוגנט... אַרום טראָגט זיך דאָס ווידערקול פון די קלעפּ מיט די העק, געמישט מיט אַ „וואָלגאַ, וואָלגאַ, מאַט ראָדנאַיאַ״... פון אַ גרופּע רוסישע יאַטן...

עס זענען דאָ פאַרזאַמלט מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, מענטשן פון פאַרשידענע עקן וועלט, מיט פאַרשידענע פּאָליטישע איבער־צייגונגען — אָבער מיט איין ציל — אויסצושולן זיך אויף גוטע ראַדיסטן, שיפראַנטן, מינערן, אויסשפּירער און פּאַראַשוטיסטן, כדי שפּעטער אַראָפּ־געוואָרפן צו ווערן אין היגטערלאַנד פונעם שונא אַלס פּאַרטיזאַנער און מיט געווער אין האַנט קעמפן קעגן דעם אָקופּאַנט.

אויף דעם באַפעל פון דעם פירער פון דעם ערשטן קאָרפּוס פון די פּוילישע באַוואָפנטע כוחות אין ראַטנפאַרבאַנד — גענעראַל בערלינג —

האָט דעם 18־טן אָקטאָבער 1943 דער שלאַנקער, שוואַרצער בחור פון וולאָצלאַוועק, הענריק טאָרונטשיק, גענומען אָרגאַניזירן דעם אַזוי גערופענעם „שטורעם־באַטאַליאָן", כדי צו שולן ספּעציאַליסטן פּאַרטיזאַנער, וועלכע מען זאָל שפּעטער אַראָפּוואַרפן אין רוקן פון פיינט צו פירן אַ דיווערסיע־אַרבעט.

זיינע פּאַרטרעטער פּאַר קאַמף־ און שולונגס־פראַגן זענען געווען די צוויי אויסגעפּרווּוטע פּאָליטישע קעמפער, דער שטאַב־שעף לעאָן רובינשטיין און יאָסל קראַטקאָ.

דער שטורעם־באַטאַליאָן האָט זיך איינגעטיילט אין אַכט שולונגס־קאָמפּאַניעס פון פאַרשידענע ספּעציאַליטעטן:

די „ראַדיאָ־קאָמפּאַניע", אין וועלכער עס האָט געהאַלטן פּאָרטראַגן די פּרווי אינזשיניער — אַננאַ מעקלער. דער אָנפירער פון דער דאָזיקער קאָמפּאַניע איז געווען דער פּראָפעסאָר שולקין — אַ זייער באַגאַבטער און טאַלאַנטפולער מענטש. פון דאַנען זענען אַרויסגעקומען די שפּעטערדיקע ראַדיסטן אין די פּאַרטיזאַנישע באַזעס, שיפראַנטן־ספּעציאַליסטן צום אויפנעמען און איבערגעבן פאַרשידענע ידיעות פון זייערע לאַגער־ערטער צו דער „גרויסער ערד";

אַ קאָמפּאַניע פון „אויסשפּירער", מיט וועלכער עס האָבן אָנגעפירט די דערפאַרענע פּאַרטיזאַנער פּראָפעסאָר פּאַרנאַס און דער אויסשפּירער ביי די פּאַרטיזאַנער פון די בריאַנסקער וועלדער, דער לאָדזשער בחור — יוזעף טשאַפּליצקי־קורץ;

אַ „סאַפּערן־ און מינערן־קאָמפּאַניע" — ווו מען האָט געלערנט זיך באַגיין מיט פאַרשידענע מינעס, זייער צוזאַמענשטעל, ווי זיי אומשעדלעך צו מאַכן, אויפרייסן באַן־רעלסן, בריקן און אויך ווי זיי ווידער קאָנען אויפבויען. די איינציקע פרוי אַלס שילערין אין דער דאָזיקער קאָמפּאַניע איז די שפּעטערדיקע העלדישע פּאַרטיזאַנערין — לוציגע הערץ.

אַ וויכטיקן פּלאַץ אין באַטאַליאָן האָט פאַרנומען די שולונג פון פּאַראַשוטיסטן. די דאָזיקע לערע האָט דאָ געדויערט ביי דריי און אַ האַלבן מאָנאַטן. דער אינסטרוקטאָר איז דאָ געווען דער וועלטבאַרימטער מייסטער אין פּאַלשירעם־שפּרונג, דער אַרמענער אַמיטאַיעוו. אונטער זיין פּאַכעמעניש אויג האָט מען געלערנט ווי צו שפּרינגען אין איינצל און אין גרופּן, די קונסט צו מאַנעווורירן מיט דעם אָפענעם פּאַלשירעם, שפּרינגען אין פולער באַוואָפענונג אויף אַ ברייט געביט, ווי אויך אין אַ וואַלדיקן, פּאַקן דאָס געווער אין ספּעציעלע קישנס צום אַראָפּוואַרפן פּאַר די פּאַרטיזאַנער, און אַ סך אַנדערע איבונגען.

עס איז אויך געווען אַן אָפיצירן־קאָמפּאַניע״, פון וואַנען עס זענען געקומען די פירער פאַר אָרגאַניזירן פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען אויף די באַזעצטע געביטן פון שונא. די דאָזיקע אָפיצירן האָבן געהאַט אַלס אויפגאַבע צו לערנען די פאַרטיזאַנער מיליטערישע איבונגען, לערנען זיי באַגיין זיך מיט פאַרשידן געווער, אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט פאַרשידענע מיליטערישע אַקציעס, אָפּענע און געדעקטע, אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען און צילן פון די פאַרטיזאַנער.

דער אַדמיניסטראַטיווער און קוואַטיר־לייטער איז געווען דער חבר יוזעק קראַקאָווסקי. אונטער זיין אויפזיכט זענען געווען אַלע זעמליאַנקעס, אין וועלכע ס׳האָבן געוווינט צו צוויי, זעקס, אַכט זעלנער און אויך גאַנצע דרוזשינעס און פּלוטאָנען.

די ווענט זענען געווען דעקאָרירט מיט פאַרשידענע בילדער, אויסגע־שניטענע פון צייטונגען און זשורנאַלן. דאָס איז שוין געווען אָפּהענגיק פון דער גרופּע מענטשן, וואָס האָבן פאַרנומען די קוואַטיר און פון זייער געשמאַק. אין די זייטן ביי די ווענט זענען געשטאַנען הילצערנע שטענדערס פאַר ביקסן, אַ טישל, לאַנגע בענק, פּריטשן מיט שטרוי־זעק, פאַרדעקטע מיט גרויע מיליטערישע קאָצן. די באַלייכטונג איז באַשטאַנען פון קליינע נאַפט־לעמפּלעך אָדער געוויינלעכע קאַניצן.

עס איז דאָ אויך געווען אַן אָרגאַניזיר־ און קאַדרען־לייטער. די פונקציע האָט אויסגעפירט דער גוטמוטיקער חבר דאַניעל קראַוס. ער האָט דעצידירט ווו און צו וועלכער קאָמפּאַניע זאָל דער אָדער יענער צוגעטיילט ווערן, ווער זאָל דער ערשטער אַרויסגענומען ווערן אויף דער ליסטע, וואָס דער אָנפירער וועט באַשטימען צו שפּרינגען צו די פאַרטיזאַנער. דער חבר דאַניאל קראַוס איז געווען אַ פּסיכאָלאָג און מענטשן־קענער און מיט זיין וואָרט און אונטער־שריפט האָט זיך דער באַטאַליאָן־פירער טאָרונטשיק שטאַרק גערעכנט.

נישט קיין קליינע ראָל האָט דאָ געשפּילט די גרופּע פאַלשירעם־צוזאַמענ־לייגער, וועלכע האָבן געמוזט זיין זייער ערנסטע און פאַראַנטוואָרטלעכע זעלנער. די לערע איז נישט געווען קיין לייכטע, אָבער נאָך שווערער און אָנגעשטרענגטער איז געווען די פּראַקטישע אויספירונג. דער מינדעסטער פעלער אָדער פאַרזען ביים צוזאַמענלייגן אַזאַ פאַלשירעם האָט געקאָנט קאָסטן דאָס לעבן פון אַ גוט־אויסגעשולטן פאַרטיזאַנער.

איינער פון די שפּעטערדיקע אינסטרוקטאָרן ביי דער גרופּע איז געווען דער שוואַרץ־חנעוודיקער בחור עדוואַרד לאַסט.

עס איז שוין געהאַט צוגעפאַלן די נאַכט. אין די ביעלאָמוטער וועלדער

איז שטיל. דער באַטאַליאָן רוט נאָך זיין שווערער טעגלעכער אַרבעט. דאָ און דאָרט הערן זיך בלויז די טריט פון די בייטנדיקע זיך וועכטער און דאָס שטילע רוישן פון דעם סודותפולן און ענדלאָזן רוסישן וואַלד. בלויז אין דער זעמליאַנקע פון דער אָנפירערשאַפט איז מען נאָך נישט געשלאָפן — ביי אַ גרויסער וואַנט־מאַפּע באַצייכנט פול מיט קרייצן און פיילן שטייט טאָרונטשיק און שטעלט איבער די שפּילקעס מיט די קאָלירטע קעפּלעך אויף דער באַוועגלעכער פראָנט־ליניע. זיין בליק גרייכט צו אַלע פּונקטן, וווּ עס געפינען זיך פּאַרטיזאַנישע באַזעס און פאַר די אויגן שטייען די אַלע מענטשן, וועלכע ער האָט צו זיי געשיקט.

— ווער ווייסט — האָט ער געטראַכט — צי וועל איך זיי אַלע נאָך אַמאָל זען ?...

די מאַטע שיין פון דעם פלעמעלע אין קליינעם נאַפט־לעמפּל גלעט די גרויע ווענט פון דער זעמליאַנקע און וואַרפט פאַרשידענע שאָטנס אויף דער מאַפּע. ער וואַנדערט מיט די אויגן איבער איר לענג און ברייט, קרייזט איבער די פּונקטן ווי אַן אָדלער איבער זיין נעסט, און פאַרשידענע געדאַנקען מישן זיך אין זיין קאָפּ... פון זיין פאַרטראַכטקייט האָט אים אויפגעוועקט אַ קלאַפּ אין טיר.

— ביטע אַריין.

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן זיין פאַרטרעטער יאָסל קראַטקאָ — אַ קליינוווּקסיקער, שוואַרצער מאַן פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, אַן אָפּשטאַמיקער פון דעם שטעטל כעלם.

— אָ, גוט וואָס איר זייט דאָ, חבר קראַטקאָ. איך האָב טאַקע געוואָלט שיקן נאָך אייך. איך האַלט דאָ די ליסטע פון די, וואָס דאַרפן אַראָפּגעוואָרפן ווערן צו די פּאַרטיזאַנער. איך וואָלט וועלן איבער יעדער קאַנדידאַטור מיט אייך זיך אַדורכשמועסן. אָט, צום ביישפּיל: טאָרונטשיק האָט גענומען די בלייפעדער און אָנגעהויבן אָפּהאַקלען די נעמען:

פּאָדפּאָרוטשניק — קאָני סענדער
פּלוטאָנאָווי — וואָלקאָוו יעקב
פּאָדפּאָרוטשניק — גוטמאַן איזאַק
פּאָדפּאָרוטשניק — טראַקקי באָריס
עלטערער סערזשאַנט — קרישער עוגעניוש
פּאָדפּאָרוטשניק — הערץ לוצינע
פּאָדפּאָרוטשניק — קאָניוכאָווסקי שמואל
פּאָדפּאָרוטשניק — קאָרנעצקי אַדאַם

קאַפּיטאַן — קאָנאַר יוליאַן
פּאָדפּאָרוטשניק — שוואַרץ בערנאַרד
אינפאַנטעריסט — גרינבערג דוד
פּאָדפּאָרוטשניק — שלייפער הערש
עלטערער סערזשאַנט — זענדעל סאַמועל
פּאָדפּאָרוטשניק — זאַנגער באַריס.

— מיט זיי, חבר קראַטקאָ, מוזט איר פערזענלעך רעדן, זיי מאָראַליש צוגרייטן צו דער טאָפּלטער געפאַר, וואָס דערוואַרט זיי — פון איין זייט אַלס פאַרטיזאַנער, און פון דער צווייטער — אַלס יידן...

— חבר טאָרונטשיק, סענדער קאַני און פיל אַנדערע זענען אינגאַנצן נישט ענלעך צו קיין יידן. זיי גרייטן זיך שוין צום פליען און מאַכן שוין פּלענער איבער פאַרשידענע אונטערנעמונגען. זיי לעבן מיט דעם געפיל פון נקמה.

— סענדער קאַני קען איך — האָט ערנסט אָפּגעענטפערט טאָרונטשיק — ער איז דאָך פון מיין שטעטל, פון וולאָצלאַווועק, אַ שניידער פון פאַך, נאָר אין דעם פאַל, חבר קראַטקאָ, מוז מען מיט יעדן פון זיי אַדורכרעדן באַזונדער — אַלץ געניוי יעדן פאַרשטעלן און אויפקלערן. מיר זענען דאָך פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר זייער לעבן. אויך ער אַליין מוז זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון פון דער גרויסער געפאַר און וועגן די צילן און אויפגאַבן, וועלכע ווערן פאַר אים געשטעלט...

צוזאַמען מיט דעם שטאַב־שעף לעאָן רובינשטיין זענען זיי נאָך לאַנג געזעסן און אַרומגערעדט פאַרשידענע פראַגן: ווי שולן די קאַדרען אין דעם שפּרינגען מיט די פאַלשירעמס, וועגן פּאָליטישער און טעכנישער בילדונג און איבערהויפּט וועגן דעם אויסוואַל פון מענטשן צו דער דיווערסיע־אַרבעט.

— די דיווערסיע־אַרבעט — האָט געזאָגט טאָרונטשיק — איז נישט קיין לייכטע אויפגאַבע. מען מוז גוט קאָנען דעם מענטש, זיין כאַראַקטער, נערוון־סיסטעם, זיינע אָריענטירונגס־פעיקייטן און ווילן. דער היינטיקער דיווערסאַנט מוז זיין אַ גוטער קאָנספּיראַטאָר און איבערהויפּט זיין פעסט איבערצייגט אין דער גערעכטיקייט פון דער זאַך, פאַר וועלכער ער קעמפט, כדי אין אַ געפאַר זיך נישט צוריקהאַלטן, אָדער צוזאַמענברעכן...

עס איז שוין געווען אין מיט נאַכט, ווען די מענטשן, וועלכע מען האָט אָנפאַרטרויט דאָס אָרגאַניזירן און שולן די פאַרטיזאַנישע קאַדרען, האָבן פאַרענדיקט זייער באַראַטונג און באַשטעטיקט די ליסטע פון די פאַראַ־

שוטיסטן, וואָס האָבן איצט געדאַרפט זיין אין דער ריי צום שפּרינגען אין רוקן פון שונא.

אַרום איז געווען שטיל. ענדלעך איז אויך פאַר זיי געקומען די צייט צו רוען, אָבער דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דעם גאַנצן באַטאַליאָן, דער מענטש, אין וועמענס הענט עס איז געלעגן דער גורל פון צענדליקער און הונדערטער פּאַרטיזאַנער, דאָס לעבן פון אַזויפיל יונגע מענטשן — דער פּולקאָווניק הענריק טאָרונטשיק — האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן. ער זעט די אָפענע פאַלשירעמס און זיינע מענטשן, ווי זיי שפּרינגען און... אַרום די פּוילישע ערד... זיין היימשטאָט וולאָצלאַוועק, זיין משפחה, פריינד און באַקאַנטע... אַלץ גייט דאָרט אָפּ אין בלוט אונטער די הענט פון די דייטשע מערדער. איין געדאַנק יאָגט דעם צווייטן. ער דערמאָנט זיך די דייטשע לעגיאָנען אין שפּאַניע... די חורבות פון מאַדריד און סאַראַגאָסאַ... דעם אינטערנירונגס־לאַגער מיט די שטעכל־דראָטן אין אַלזשיר... צוויי הונדערט מאַן זענען זיי דאָרט געווען, די סאָוויעטישע מיסיע האָט זיי אַרויסגעצויגן. שפּעטער דער לאַנגער און אַרומקרייזנדיקער וועג מיט דעם צוג און מיט אויטאָס קיין טריפּאָליס... דערנאָך מיט אַן ענגלישער שיף קיין מצרים, שפּעטער פון אַלעקסאַנדריע קיין חיפה, פון דאָרט איבער טראַנסיאָרדאַניע קיין איראַן — און דאָ דער צוזאַמענטרעף מיט דער פּוילישער אַרמיי פון גענעראַל אַנדערס, וועלכער איז געפאָרן אין אַ פּונקט פאַרקערטער ריכטונג...

דורך דעם קאַספּישן ים זענען זיי שוין געשוווּמען אויף אַ סאָוויעטישער שיף, כדי דאָ, אויף דער גאַסטפריינדלעכער ערד, פאָרצוזעצן דעם קאַמף, וועלכן זיי האָבן פאַרשפּילט אין שפּאַניע...

*

הענריק טאָרונטשיק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1909, אין אַ יידישער פאַמיליע. שוין פון די יוגנט־יאָרן האָט ער זיך פאַרבונדן מיט דער רעוואָלו־ציאָנערער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן. שפּעטער זעצט ער פאָר זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין בעלגיע, ווו ער האָט שטודירט און באַקומען דעם טיטל פון אַ טעקסטיל־אינזשיניער.

ער קעמפט אין שפּאַניע, ווערט אַ מיטגליד פון דער דאָרטיקער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי, אַוואַנסירט אויף שטאַב־שעף, און דערנאָך אויף קאָמענ־דאַנט פון דער בריגאַדע א״נ פון י. דאָמבראָווסקי.

אין באַפרייטן פּוילן ווערט הענריק טאָרונטשיק באַשטימט אַלס קאָמאַנדיר

פון קאָרפּוס פון אינערלעכן מיליטער, שפּעטער אַלס פאַרטרעטער פון קאָמאַנדיר פון קאָרפּוס פון אינערלעכער זיכערקייט. די לעצטע יאָרן אַרבעט טאָרונטשיק אַלס גענעראַל־דירעקטאָר פון מיניסטעריום פון דער לייכט־אינדוסטריע.

דעם 18־טן יאַנואַר 1966 האָט דער דאָזיקער אומבויגזאַמער קעמפער און האַרציקער ייד אונדז פאַרלאָזט אויף אייביק.

# אַ פּלי איבער פיינטלעכע ליניעס

דער גורל האָט געוואָלט, אַז עדוואַרד לאַסט זאָל זיין פון די אויסגע־וויילטע, וועלכע מען האָט אַרויסגענומען פון פאַרשידענע מיליטערישע אָפּטיילונגען און איבערגעשיקט אין די ביעלאָמוטער וועלדער, וואָס האָבן זיך געצויגן אויף אַ שטח פון אַן ערך זיבעציק קילאָמעטער צווישן מאָסקווע און ריאַזאַן.

אויפן באַפעל פונעם אָנפירער פון ערשטן קאָרפּוס פון די פוילישע באַוואָפנטע כוחות אין ראַטנפאַרבאַנד, איז דאָ געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער אַזוי גערופענער „שטורעם־באַטאַליאָן", בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען דער וואָלאָצלאַווקער בחור, פּאָלקאָווניק הענריק טאָרונטשיק, כדי צו שולן ספּעציאַליסטן — פּאַרטיזאַנער, וועלכע זאָלן קאָנען שפּעטער אַריבערגעוואָרפן ווערן אין הינטערלאַנד פון שונא און דאָרטן פירן אַ דיווערסיע־אַרבעט.

צוזאַמען מיט די חברים יצחק לייבוואַנד, קאַראָל גלייכער און ראָמאַן קרישער, איז לאַסט צוגעטיילט געוואָרן צו דער „ראַדיאָ־קאָמפּאַניע", אין וועלכער מען האָט געשולט ספּעציאַליסטן צום באַנוצן זיך מיט ראַדיאָ־סטאַציעס.

זייער לערער איז געווען די פּרוי אינזשיניער אַננאַ מעקלער. צווישן אַנדערע איבונגען איז גרויס געוויכט געלייגט געוואָרן אויף דער שולונג פון פּאַלשירעם־יעגער.

אַלע האָבן זיך גענומען צו דער לערע מיט גרויס ערנסט און פלייס. יעדער האָט געטרוימט פון דעם טאָג, ווען ער וועט אַלס פּאַרטיזאַנער אַראָפּגעוואָרפן ווערן אין רוקן פון שונא, כדי קאָנען נקמה נעמען פאַר דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון די נאָענטע, וועלכע קיינער האָט אפילו נישט געוווּסט ווי אַזוי זיי זענען אומגעקומען, ווו זיי האָבן געזען צום לעצטן מאָל דעם בלויען הימל און ווען זיי האָבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם.

יעדן טאָג זענען אָנגעקומען פרישע ביטעס פון שילער צו דעם פאַר־טרעטער פון פּאָלקאָווניק הענריק טאָרונטשיק, צום חבר יאָסל קראַטקאָ, ער זאָל זיי פאַרשרייבן אויף דער ליסטע פון די, וועלכע זענען שוין באַשטימט צו פליען אין הינטערלאַנד פון שונא.

אין איינעם אַ פרימאָרגן איז לאַסט געװאָרן גערופן צום לייטער פון די קאַדרען פון שטורעם־באַטאַליאָן, חבר דאַניעל קראַוס.

— חבר לאַסט — האָט ער געזאָגט מיט זיין געמיטלעכער שטימע — איר זענט באַשטימט איבערצוגיין צו דער גרופּע, וועלכע וועט זיך לערנען צוזאַמענלייגן פאַלשירעמס.

— אָבער איך... — האָט לאַסט אָנגעהויבן צו שטאַמלען פון אַזאַ נייעס — איך בין דאָך שוין באַשטימט אַראָפּגעוואָרפן צו ווערן צו די פּאַרטיזאַנער פון ראָבערט סאַטאַנאָווסקיס אָפּטייל...

— איר זענט באַשטימט זיך צו לערנען צוזאַמענלייגן פאַלשירעמס — האָט קראַוס שטיל אָבער אַנטשלאָסן געענטפערט. — פאַרגעסט נישט, אַז איר זענט אַ זעלנער פון שטורעם־באַטאַליאָן...

די לערע איז נישט געווען קיין לייכטע, אָבער נאָך שווערער איז געווען די פּראַקטישע אויספירונג. די האַנט האָט געציטערט ביי יעדן גורט, ביי אַ יעדן פאָדעם און דורכגעצויגענעם פּאַסיקל פון צוגעפּרעסטן זיידענעם טוך. יעדער צוזאַמענגעלייגטער פאַלשירעם האָט געקאָסט אַ שטיק געזונט. לאַסט האָט שטענדיק געהאַט פאַר זיינע אויגן אַ חבר, אַ פריינד פון דעם שטורעם־באַטאַליאָן, וואָס וועט אָנטאָן אויף זיך זיין צוזאַמענגעלייגטן פאַלשירעם, פון וועלכן עס וועט בעתן שפּרינגען זיין אָפּהענגיק זיין לעבן...

מיט אַ צייט שפּעטער איז לאַסט געוואָרן דער לייטער פון דער גרופּע אויסגעשולטע פאַלשירעם־צוזאַמענלייגער און גלייכצייטיק אַן אינסטרוקטאָר פון די פאַלשירעם־יעגער. אַלס אַזעלכן איז אים נישט איינמאָל אויסגעקומען צו פליען מיט די, וואָס זענען געשיקט געוואָרן אויף דער צווייטער זייט פון דער פראָנט־ליניע, צו די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען.

באַזונדערס האָט לאַסט פאַרגעדענקט די נאַכט פון 26סטן סעפּטעמבער 1944. ער איז געפלויגן מיט פיר עראָפּלאַנען צו דער פּאַרטיזאַנישער באַזע ביים דאָרף גרושקאַ, קאָנסקער פּאַוויאַט. דאָרט האָט זיך געפונען די ערשטע פּאַרטיזאַנער־בריגאַדע פון דער „אַרמיאַ לודאָוואַ" — „קעלצער ערד", אונטער דער אָנפירונג פון פּוילישן בחור, מאַיאָר זיגמונט האַלאָוויניאַק. די צווייטע בריגאַדע פון דער „אַרמיאַ לודאָוואַ" — „קעלצער ערד" — „שוויט", די דריטע בריגאַדע „קראָקעווער ערד" און אַ ריי סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען. דער שטח אין אַ קרייז פון אַן ערך צען קילאָמעטער איז געווען באַזעצט פון פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילן.

עס זענען צו יענער צייט געפירט געוואָרן גרויסע אַקציעס דורך איבערייסן צוגן מיט דייטשע טראַנספּאָרטן, אָנפאַלן אויף דייטשע גאַר־

גיזאַנען, מיליטערישע פּאַטראָלן און אָפּטיילונגען. צו דעם צוועק האָט מען געדאַרפט טריטאָל, געווער, אַמוניציע. דאָס האָט מען געדאַרפט אַריבער־וואַרפן איבערן פראָנט פון דער „גרויסער ערד״, אונטער אַ האָגל פון שונאס פייער. נישט איין פליער האָט זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט.

אין דער דאָזיקער נאַכט, ווי געזאָגט, האָט זיך לאָסט געפונען אין איינעם פון די פיר עראָפּלאַנען מיט אַמוניציע, באַנדאַזשן, מאַשינגעווער, אויטאָמאַטן, קעגנטאַנקען־וואָפן, גאַראַנטן און מונדירן. עס איז מיט אים אויך געווען אַ יונג רוסיש מיידל, אַן אויסגעשולטע ראַדיסטין מיט אַ ראַדיאָ־סטאַציע. דאָס אַלץ איז טאַקע שפּעטער צונויף געקומען אין דעם פּאַרביסענעם קאַמף, וועלכער איז פאָרגעקומען הינטערן דאָרף גרושקאַ מיט אַ דיוויזיע עס־עס־לייט און אָפּטיילונגען פון זשאַנדאַרן, אין דער נאַכט פון 29־סטן אויפן 30־סטן סעפּטעמבער.

אַזעלכע רייזעס האָט דאָן לאָסט דורכגעמאַכט זייער אָפט: יעדער צוריקקער פון אַזאַ פלי איז געווען באַגלייט נישט איינמאָל מיט געמישטע געפילן פון פרייד, צוליב דער גוט־אויסגעפירטער קאַמפּס־אויפגאַבע און צום ווידער טרעפן זיך מיט די חברים, און מיט טרויער צוליב די, וואָס זענען שוין נישט צוריק געקומען.

איינעם פון זיינע טראַגישסטע פליען האָט לאָסט געהאַט אין דעצעמבער 1944 יאָר. עס זענען אַרויס פון דער באַזע הינטער לובלין צוויי עראָפּלאַנען באַלאָדענע מיט אַמוניציע. איינער איז געווען באַשטימט פאַר דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון דעם לאָדזשער בחור יצחק גוטמאַן — סקוטעלי, וועלכער האָט דעמלט געלאַגערט אין דער געגנט פון נאָווי־טאַרג. מיט דעם עראָפּלאַן איז געפלויגן דער סאָוויעטישער קאַפּיטאַן פּראַנין. דער צווייטער, אין וועלכן לאָסט איז געווען — פאַר דער אָפּטיילונג פון דאָמבראָווסקין, וועלכער האָט זיך געפונען אין ראַיאָן פון פלאָצק.

ווען די עראָפּלאַנען האָבן זיך שוין געפונען גאַנץ הויך, האָבן זייערע פּאַסאַזשירן נאָך אַלץ נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון דער ערד. ווער ווייסט צי זיי פליִען נישט דאָס לעצטע מאָל?! אָבער די דאָזיקע געדאַנקען זענען שנעל פאַרשווונדן. אַ טייל האָבן גענומען דרימלען, אַנדערע ווידער, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די דלאָניעס, האָבן זיך פאַרקלערט וועגן דער היים, ווו מען האָט איבערגעלאָזט אויף אַן אומבאַקאַנטן גורל טאַטע־מאַמע, וועגן שוועסטער און ברידער, חברים און פריינד, אָדער וועגן אַ מיידל, מיט וועלכער מען האָט אין אַזאַ אָוונט שפּאַצירט.



WOJSKO POLSKIE
Samodzielny Specjalny Batalion (Szturmowy)

LEGITYMACJA SPADOCHRONIARZA

| Lp. | Data | Nr rozkazu | Cel skoku | Wysokość w m | Typ samolotu |
|---|---|---|---|---|---|
| 1. | [illegible] | 87 | ćwiczebny | 500 | Aerostat |
| 2. | 11.IV.44 | 94 | — " — | 500 | — " — |
| 3. | 15.IV.44 | 128 | — " — | 500 | " |
| 4. | | | | | |
| 5. | | | | | |
| 6. | | | | | |
| 7. | | | | | |
| 8. | | | | | |

Nazwisko [illegible] Last
Imię Edward
Imię ojca Izaaka
Zgodnie z rozkazem Batalionu Nr 145
z dnia 6.IV 1944 r. ma prawo na noszenie
odznaki Spadochroniarza

Data 11/XI 1944

SZEF SZTABU
kapitan
[illegible]

די לעגיטימאַציע פון פּאַראַשוטיסט עדוואַרד לאַסט

— מיר שניידן איבער די פראָנט־ליניע — האָט זיך דערהערט די שטימע פון דעם נאַוויגאַטאָר — מיר פליִען איבער דער ווייסל...

די דאָזיקע מעלדונג האָט אַרויסגעשלאָגן יעדן פון זיינע טרוימען און ווי אויף אַ באַפעל האָבן אַלע געווענדט זייערע בליקן צו דער ערד. מיט אַמאָל האָט אַ בלענד געטאָן אין די אויגן. אַ שטראַל פון אַ דייטשן רעפלעקטאָר האָט אָנגעטראָפן אויפן עראָפּלאַן. דער פליִער האָט זיך מאָ־מענטאַל אַ הייב געטאָן העכער. דאָס ליכט איז געבליבן נידעריקער און באַלויכטן דעם דעק פון עראָפּלאַן. לאַסטן האָט זיך געדאַכט, אַז דער עראָפּלאַן איז אַרויס פון דער נעץ. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט דאָס שטעפּן פון מאַשינגעווער. דאָס ליכט פון די רעפלעקטאָרן ווערט אויס־געצויגן. ווי גרויסע שערן שניידן זיך די פאַסן ליכט און יעדעס מאָל כאַפּן זיי אַריין דעם עראָפּלאַן אין זייער קרייז. ווידער ציט זיך אַרויס דער פליִער פון זייער נעץ. דאָס פייער הערט נישט אויף. די פונקען פון די קוילן בלייבן אָבער אונטער דעם עראָפּלאַן.

זיי זענען אויף דעם געביט, וואָס איז באַזעצט פון שונא, אָבער קיינער פון דער מאַנשאַפט ווייזט נישט אַרויס קיין צייכן פון דענערוווירונג. פון אונטן צעשפרייט זיך אַ גרויסער וואַלד. אַלע קוקן ווידער דורך די פענצ־טער... עס דרייט זיך זיי אין קאָפּ, עס קלעמט דאָס האַרץ, נאָר קיינער ווייסט נישט צי פאַר פחד צי פאַר פרייד.

צום ציל איז נאָך דאָ אַ האַלבע שעה צייט. די סעקונדן ציִען זיך ווי יאָרן און די מינוטן — ווי אַן אייביקייט.

— מיר זענען ביים ציל! — הערט זיך ענדלעך די פריידיקע שטימע פון נאַוויגאַטאָר.

עס באַווייזן זיך די אָפּגערעדטע פייערלעך — סיגנאַלן. אַ פרישער גייסט וועקט אויף אַלעמען ווי פון אַ קאָשמאַרן חלום. זיי פּרוּוון דעשיפרירן דעם אויסגעלייגטן בוכשטאַב... דאָס שווערסטע האָבן זיי שוין הינטער זיך...

זיי זעצן זיך נידעריקער, מאַכן אַ רונדע און הייבן אָן איבערגעבן די מאַטעריאַלן... ביי דער צווייטער רונדע איז שוין דער גאַנצער „וואָרף" פאַרענדיקט...

עס דויערט נישט לאַנג און זיי קערן זיך אום צוריק צו דער באַזע. אויפן וועג ווערן זיי נאָך אַ מאָל באַשאָסן פון דייטשע נאַכט־יעגער... אָבער זיי לאַנדן גליקלעכע, טיילן זיך מיט איינדרוקן פון דער דורכגעמאַכטער רייזע מיט חברים, וועלכע וואַרטן אין דער ריי אויף אַזאַ פלי, און מיט די, וואָס העלפן אין אָרדענונג ברענגען די מאַשין. מיטאַמאָל דערמאָנען

זיי זיך אין דער צווייטער מאַשין, מיט וועלכער עס איז געפלויגן דער קאַפּיטאַן פראַניק. זי האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין צוריק... די פנימער ווערן פאַרצויגן, אַלע שווייגן. עס קומען געדאַנקען אין קאָפּ, וועלכע קיינער וויל נישט צולאָזן...

ס'האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן, ווען זיי האָבן שווייגנדיקע פאַרלאָזט דעם פּלי־פּלאַץ.

אויף דעם מאָסקווער בלאָנדן בחור מיט זיין עקיפּאַזש, אויף דעם לוסטיקן קאַפּיטאַן פראַניק, דעם „פאַרטיזאַנישן וואָלף", האָבן זיי זיך שוין קיינמאָל מער נישט דערוואַרט... דער גורל פון אַ פליער האָט אים דאָס מאָל נישט געוואָלט אויסמיידן...

*

זיין דינסט האָט לאַסט פאַרענדיקט אינעם פאַרטיזאַנער־שטאַב, וועלכער איז איבערגעטראָגן געוואָרן פון שפּאַנוו ביי ראָוונע קיין לובלין.

אין דעם באַפרייטן פּוילן איז דער מאַיאָר עדוואַרד לאַסט אַוועק צוזאַמען מיט פיל אַנדערע פאַרטיזאַנער אין די שלאַכט־רייען פון דער פאָלקס־אַרמיי אויף דער הויפּטשטאָט פונעם שונא.

# די יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג פון „סעמיאָנען"

די געשיכטע האָט יוליאַן קאַניעווסקי־אייזענמאַן געשענקט דריי חדשים תפיסה פון זיינע פיר און האַלב יאָר. וואָס ער איז אָפּגעזעסן אין ראַדאָם פאַר פּאָליטישער טעטיקייט. אין סעפּטעמבער 1939 האָט ער זיך ווידער געפונען אויף דער פריי. ווען ער האָט אָבער דערזען אונדזער גרויס אומגליק, איז אים פאַרגאַנגען די פרייד פון דער פרייהייט. עס איז ביי אים גלייך אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד־גרופּע, כדי צו קאָנען זיך ווערן קעגן פאַרשידענע שפּיצלעס, דייטשע אַגענטן און אַנדערע אויסוואורפן, און דאָס וויכטיקסטע — כדי שוין אָנצוהייבן אַ סאַבאָטאַזש־אַרבעט.

ער האָט זיך גלייך קאָנטאַקטירט מיט דעם אַלטן רעוואָלוציאָנערן טוער דוד וויינטראַוב און מיט אַנדערע חברים פון ראַדאָם און צוזאַמען אָרגאַניזירט אַ „רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט".

דאָס ערשטע, וואָס זיי האָבן געטאָן, איז געווען אַרויסצובאַקומען געווער פון דער ראַדאָמער געווער־פאַבריק, אויסבאַהאַלטנדיק עס דערווייל אויף דעם קריסטלעכן בית־עולם. אָבער מיט פייער קאָן מען זיך לאַנג נישט שפּילן — און אייזענמאַן איז שנעל געוואָרן אַרעסטירט.

אין אַ שבתדיקן טאָג פון חודש מאַי 1942, ווען אייזענמאַן האָט זיך געפונען אין אַרעסט פון דריטן קאָמיסאַריאַט אין ראַדאָם, האָט זיך מיט־אַמאָל אויפגעעפנט די טיר און עס זענען אַריינגעקומען זעקס מאַן אין דייטשע מונדירן אונטער דער אָנפירונג פון אייזענמאַנס פאַרטרעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער גרופּע, דעם פוילישן בחור טשעסלאַוו באַנאַשיק, און מען האָט באַפוילן גיין מיט זיי...

לאַנג האָט זיך די פּאָליציי „געקראַצט", וואָס אַזאַ פויגל איז זיי אַרויס פון דער שטייג. אָבער אייזענמאַן האָט לאַנג דאָ שוין נישט געקאָנט בלייבן, און ער באַקומט אַ באַפעל צו גיין אין וואַלד.

מיט אַן אָפּטיילונג פון פופצן מאַן קומט ער אָן אין די פּשיסכער וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון דעם פוילישן

בחור יוזעף ראָגולסקי, פסעוודאָנים „ווילק״, און ווערט זיין אָפיציעלער פאַרטרעטער.

פאַרשטאַרקט מיט אַ באַוואָפנטער גרופּע מענטשן, טרעטן זיי צו צו אַ גרעסערער אַקציע. דאָס איז געווען אין אויגוסט 1942. די גאַנצע אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון ראָגולסקין, מאַרשירט אויף דער אָרטשאַפט דזשעוויצע, קרייז אָפּאָטשנע. דער ציל איז געווען — די פּאָליציי־וואַך, ביי וועלכער זיי האָבן געפּלאָנט צו דעראָבערן געווער.

אַ דאַנק דער אויספאָרשונג פון די אויסשפּיר־יאַטן האָבן זיי געוווּסט, אַז דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט פון דזשעוויצע האָט אַ געוווינהייט צו נעכטיקן ביי זיך אין דער היים. דער מאָמענט איז גענומען געוואָרן אין אַכט ביים אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פון דער אַקציע. אַכט מאַן האָבן אַרומגערינגלט זיין הויז, איבערגעשניטן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג און פאַרלאַנגט ער זאָל זיך אונטערגעבן, דראָענדיק אויפצורייסן דאָס הויז מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אין דער לופטן...

ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג, אָפּגעגעבן דעם רעוואָלווער און געגאַנגען מיט זיי צו דער פּאָליציי־וואַך. כדי צו ראַטעווען דאָס ווייב און די קינדער, וועלכע די פּאַרטיזאַנער האָבן גענומען אין געפאַנגענ־שאַפט — האָט ער זיי געגעבן דעם פּאַראָל, און די פּאַרטיזאַנער האָבן דעראָבערט די פּאָליציי־וואַך אָן איין שאָס...

ניין גראַנאַטאָווע פּאָליציאַנטן זענען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענ־שאַפט. די נאַכט זענען די פּאַרטיזאַנער געווען די הערן אין דזשעוויצע. אַן אויסגעטיילטע סאַבאָטאַזש־גרופּע האָט זיך גלייך געלאָזט צו דער פּאָסט און פאַרניכטעט די איינריכטונג, פאַרברענט די געפונענע דאָרט פאַרשידענע דאָקומענטן, דעמאָלירט און צעשטערט די מאַשינען פון דער מעלקעריי, פון דער „גערלאַך״־פאַבריק און אַנדערע.

די פּאַרטיזאַנער האָבן אויך נישט פאַרגעסן זיך אָפּצורעכענען מיט פאַרשידענע פאַררעטער און שפּיצלעס. איינער פון זיי איז געווען דער דירעקטאָר פון דער „גערלאַך״־פאַבריק — קאָבילאַנסקי. ביי דעם אויס־ווורף האָבן זיי געפונען באַפעלן צו ליקווידירן זייערע מענטשן. דער פאַררעטער איז גלייך פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און, דער אורטייל איז אויפן אָרט אויסגעפירט געוואָרן.

די דייטשן האָבן אים שטאַרק באַוויינט און, וועלנדיק אויפהעצן די באַפעלקערונג קעגן די פּאַרטיזאַנער, האָבן זיי געמאַכט אַ געוואַלדיקן ליאַרעם, אַז די „באַנדיטן״ מאָרדן פּאָליאַקן. אָבער די באַפעלקערונג האָט

**WOJEWODA KIELECKI**

KIELCE, DN. 9.X 1945 R.

12

Z A Ś W I A D C Z E N I E

Zaświadczam, że osobiście mi znany por. "Chytry" Ajzenman Julian był członkiem Gwardii Ludowej i Armii Ludowej (obwodu 3-go A.L. brał udział w partyzantce na terenie kielecczyzny od 1942 roku do chwili wyzwolenia.

Z zadań nałożonych wywiązywał się zawsze jaknajlepiej- Odznaczał się kurażem oraz wysokim poziomem moralnym i politycznym.-

WOJEWODA KIELECKI

[illegible]

[illegible] Obwód # 5.

די באַשטעטיקונג וועגן דער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט פון יוליאַן קאַניעווסקי־אייזענמאַן

גוט געקענט דעם דירעקאָטר קאָבילאַנסקי און נאָך זיין טויט אַביסל פרייער אָפּגעאָטעמט.

די זעלבע נאַכט איז מיט זיי אַרויס אין וואַלד אַ גאַנצע גרופּע יידישע בחורים און מיידלעך. זיי האָבן געשאַפן די יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אונטער דעם נאָמען „לווי" (לייבן). אַלס פירער איז באַשטימט געוואָרן דער דזשעוויצער יידישער בחור, פּסעוודאָנים „סעמיאָן" — אַ פלוטאָנאָווע פון קאָוואַלעריע אין דער געוועזענער פּוילישער אַרמיי.

„סעמיאָן" איז געווען זייער אַקלוגער און אינטעליגענטער בחור. ער האָט אויך געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט מיט זיין אויסערלעכן אויסזען — מיט זיין שלאַנקער פיגור און שוואַרצן, געלאָקטן קאָפּ האָר. ער איז געקומען צו די פּאַרטיזאַנער מיט זיין יינגערן ברודער, וועלכן מען האָט גערופן זענעק.

די גרופּע האָט גלייך באַקומען עטלעכע שטיק פון דעם דעראָבערטן געווער ביי דער פּאָליציי און איז געוואָרן אַ טייל פון „ווילקס" אָפּטיילונגען, אונטערליגנדיק דירעקט אייזענמאַנען אַלס זיין פּאַרטרעטער.

די אָפּטיילונג האָט איצט אָנגעהויבן אין אַקציע נאָך דער צווייטער. יעדע נאַכט האָבן אַרויסמאַרשירט אַנדערע גרופּן אין פאַרשידענע ריכ־טונגען אונטערצושניידן טעלעפאָן־סלופּעס, אונטערצינדן קלענערע בריקן, און דאָס וויכטיקסטע, וואָס די אָפּטיילונג האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל איז געווען צו ליקווידירן פּאָליצייאישע וואַך־פּאָסטנס. איינער נאָכן צווייטן זענען געגאַנגען לויט דער ריי די ישובים: קרוואָוו, גאַוואַרטשווו, קאַרישקווו, קאַמיענאַ־מאַלאַ און אַנדערע. מערקווירדיק, אַז די דייטשן האָבן שוין אין די דאָזיקע ישובים מער קיין וואַך־פּאָסטנס נישט אויפגעשטעלט, נאָר גענומען קאָנצענטרירן שטאַרקערע פּאָליצייאישע כוחות אין גרעסערע שטעט.

די אָפּטיילונג פון „סעמיאָנען" איז זיך מיט דער צייט צעוואַקסן, באַרייכערט זיך מיט דערפאַרונג אין קאַמף, און אין רעזולטאַט דערפון זענען אויך געשטעלט געוואָרן פאַר איר גרעסערע אויפגאַבן.

אָוונט פון זיבעטן נאָוועמבער 1942. דאָס וועטער איז נישט געווען אַזוי גינסטיק. עס האָט געטריפט אַ דריבנינקער רעגן. אַ גרופּע פון צוואַנציק מאַן האָט מאַרשירט אין דער ריכטונג פון רודאַ־ביאַלאַטשאָווסקאַ, וואָס איז געלעגן אויף דער ליניע קאָנסקע און אָפּאָטשנע. דאָרט האָבן זיי געדאַרפט באַגעגענען אַ מיליטערישן צוג, וואָס איז געפאָרן אויף מזרח. די הערצער האָבן ביי אַלע אַ ביסל האַסטיקער געקלאַפּט. דאָס איז געווען זייער ערשטע אַרבעט פון דעם מין. קיין ספּעציעלע שול אויף דעם געביט

האָט קיינער נישט דורכגעמאַכט און דאָס ערגסטע איז געווען דאָס, וואָס זיי זענען געגאַנגען אויף אַזאַ אונטערנעמונג אָן אַ פּיצל טריטאָל. אַלע זענען געווען טראָץ דעם זייער איבערצייגט, אַז דער פּלאַן וועט דאָך געלונגען.

צעטיילט אין דריי גרופּן, זענען זיי געקומען צו דער באַן־ליניע. צוויי האָבן גענומען זיך די שוץ פון רעכטס און לינקס אויף אַ מהלך פון אַ דריי הונדערט מעטער און אין דער מיט האָט זיך געפונען די „מינערן־גרופּע", וועלכע האָט זיך גענומען צום צעשרויפן די באַן־רעלסן. עס האָט זיי ביי דער אַרבעט קיינער נישט געשטערט. די דייטשן זענען נאָך דעמלט צו אַזעלכע „קונץ־שטיק" נישט געווען געוווינט. רואיק אָפּגעטאָן דאָס שטיקל אַרבעט, האָבן זיי זיך אויסגעלייגט אויף אַ געוויסן מרחק פון די באַן־רעלסן און געוואַרט אויף אַ רעזולטאַט...

עס איז געווען אין מיטן דער נאַכט. אַרום איז שטיל, מען הערט ממש דאָס ציטערן פון אַ טייל חברים — נישט פאַר קעלט, אָדער פאַר שרעק, נאָר פון דענערווירונג, וואָס דער צוג באַווייזט זיך נישט. דאָס וואַרטן האָט שוין געדויערט איבער צוויי שעה און כאָטש עס איז באַוווּסט געווען די צייט פון זיין פאַרבייפאָרן, האָט זיך ביי אייניקע אַריינגעגנבעט דער געדאַנק, צי מען האָט זיי אַמאָל נישט פאַרראַטן? מיטאַמאָל האָט דאָס ווינטל זיי אָנגעזאָגט אַ פריילעכע בשורה — פונדערווייטנס האָט זיך דערטראָגן אַ גערויש פון אַ יאָגנדיקן צוג. דער אָטעם איז ביי אַלע געוואָרן ווי פאַר־שפּאַרט און פאַר זייערע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ בילד, וואָס קיינער וועט אין זיין לעבן נישט פאַרגעסן.

דער קלאַנג פון אייזן פון די אַראָפּקייקלענדיקע זיך וואַגאָנען איז געווען פאַר זיי ווי אַ סימפאָניע.

פאַר די דייטשן איז די דאָטע געווען אַ טרויעריקער אָנזאָג פון פאַר־שאַרפטער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט — און פאַר די פּאַרטיזאַנער, אַ פריילעכע נקמה־נאַכט.

די ידיעה וועגן איבערגעקערטן צוג, וואָס האָט געפירט פאַרשטאַרקונג פאַר די דייטשן אויפן מזרח־פראָנט, ווי אויך דער איבעררייס פון פאַרקער אויף דער ליניע, וועלכע האָט געדויערט איבער 16 שעה, האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין דער גאַנצער געגנט. דער אויטאָריטעט פון די פּאַרטיזאַנער איז מיט דער אַקציע נאָך מער געוואַקסן, און אין די רייען פון די פּאַרטי־זאַנער האָבן גענומען שטראָמען אַלץ מער און מער פון דער פּאַטריאָטיש־געשטימטער פוילישער יוגנט.

# די קאַמפּס־כאַראַקטעריסטיק פון יוליאַן אייזענמאַן, דעם פּאַרטרעטער פונעם קאָמענדאַנט פון דער ספּעציעלער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג „ניטראַ"

דער חבר אייזענמאַן האָט זיין קאַמפּס־טעטיקייט אָנגעהויבן שוין אין סעפּטעמבער 1939. ביים אויסברוך פון דייטש־סאָוויעטישן קריג אין יאָר 1941 האָט דער חבר אייזענמאַן צוזאַמען מיט דוד וויינטראַוב זיך גענומען אַרויסגעבן אַ בלעטל „רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט" אונטער דער אויפזיכט פון פּאַרטיי־סעקרעטאַר — ראַמאַן.

אייזענמאַן האָט געפירט אַ גרויסע אַגיטאַציע צווישן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פאַר אַריינטרעטן אין דער געהיימער באַוועגונג. אין מאַי 1942 ווערט ער אַרעסטירט. מיט דער הילף פון זיינע מענטשן באַקומט ער זיך אַרויס אויף דער פריי און גייט אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער. פון 1942 ביז 1944 האָט זיין גרופּע אויפגעריסן דרייצן מיליטערישע צוגן מיט אַמוניציע. אויף די ליניעס ראַדאָם — קאָנסקע און סטאַראַכאָוויצע — אָסטראָוויעץ איז דער באַן־פאַרקער געווען איבערגעריסן אויף 274 שעה.

אין משך פון דער צייט האָט זיין גרופּע אויך פאַרניכטעט אַ סך דייטשע אַמטן און פּאָסט־געביידעס אין די געביטן: רושינע, פּשיסכע, דזשעוויצע, קרוואָוו, גאַוואָרטשוו, ביאַלאַטשעוו, פּעטריקאָזי, סאַלטיקוו, אינאָוולאָצק, גאַלקאַ־רודזשינאָווסקאַ, טשמיעלוו און אַנדערע.

אין גאָוואָרטשוו האָבן זיי אויך צעשטערט די מעלקעריי, און אין גרויעץ די ברויערײ מיט 18.000 ליטער ספּירט.

אין די אויבנדערמאָנטע ערטער איז אין די דייטשע אַמטן קאָנפיס־קירט געוואָרן 38.000 זלאָטעס, וועלכע זענען איבערגעגעבן געוואָרן דער פּאַרטיי אין ראַדאָם.

פון 1942 ביז 1944 האָט די גרופּע פון חבר אייזענמאַן דערלאַבערט ביי די דייטשן: 17 מאַשין־ביקסן, 114 ק. ב. ק., 4 אויטאָמאַטן, 156 פּיסטאָלעטן, 1 האַרמאַט, 33 גראַנאַטן, 31.000 שטיק אַמוניציע.

אויגוסט 1942 האָבן זיי באַפרייט 15 אַרעסטירטע, וועלכע זענען געווען פאַרהאַלטן אין דזשעווויצע.

דעם 15 סעפּטעמבער 1942 האָבן זיי צעשטערט די ראַדיאָסטאַציע אין גאָזשדזשקווו.

די גרופּע פון חבר אייזענמאַן האָט פון 1942 ביז 1944 ליקווידירט 189 פאַשיסטן און 41 פאַרוווּנדעט.

סעפּטעמבער 1943 האָט זי אויפגעריסן די בריק צווישן וואָלאַנווו און פּשיטיק (35 מעטער די לענג, און 4 — די ברייט).

פעברואַר 1943 האָט די גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון חבר אייזענמאַן פאַרברענט די מיל אין פּעטריקאָזי, דערשאָסן דעם קאָמיסאַר, וועלכער איז געווען אין ראַנג פון אַ פאָדפּולקאָווניק און אַרויסגעפירט פיר וואָגנס מעל און די פאַסן פון מאָטאָר. דאָס איבעריקע מעל, ביי אַ 30.000 קילאָ, האָבן זיי באַגאָסן מיט נאַפט.

דעם 20 מערץ 1943 איז די גרופּע געוואָרן אָנגעגריפן דורך די דייטשן. דאָס איז געווען אין די געלנער וועלדער. אין קאַמף זענען געפאַלן אַכט טויטע און צען פאַרוווּנדעטע היטלעריסטן. די אייגענע פאַרלוסטן — דריי טויטע.

יאַנואַר 1944 האָט די גרופּע פון אייזענמאַנען באַפרייט אַכציק יידן פון אַ לאַגער אין ראַדאָם.

אין דער געגנט פון ראַדאָם ווערן פאַרברענט 3 רעפלעקטאָרן, 1 מאַשין, 1 פעסל בענזין און איין פעסל אייל.

פעברואַר 1944 ווערט דער חבר אייזענמאַן צוגעטיילט צו דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון „גוראַל" אין אָסטראָווצער געביט, אַלס פּאָליטישער ליטער. אַ מאָנאַט שפּעטער קומט ער צו דער אָפּטיילונג פון „בזשאָזאַ" אויך אויף אַ פּאָליטישער אַרבעט.

דעם 1־טן מאַי 1944 ווערט אונטער זיין אָנפירונג פאַרברענט די בריק צווישן אָסטראָוויעץ און סטאַראַכאָוויצע.

די אויבנדערמאָנטע טעטיקייט האָט דער חבר אייזענמאַן אויסגעפירט אויף דעם באַפעל פון די חברים פון שטאַב פון א. ל. — פּאָדפּולקאָווניק מאָטשאַר, מאַיאָר זיגמונט, קאַפּיטאַן קאַרנעצקי און סעקרעטאַר פון פּפּר אין ראַדאָם — ראָמאַן.

דעם 15 מאַי 1944 ווערט אייזענמאַן געשיקט מיט אַן אָפּטיילונג פון 120 מאַן אויף דעם באַפעל פון שטאַב א. ל. אין די ליפּסקער וועלדער צו די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער נאָך געווער און ער קומט צוריק דעם 25 מאַי.

צוריקוועגס קומט צו אַ שלאַכט מיט דייטשן אין דעם דאָרף סולעיווו. די דייטשן פאַרלירן צען מאַן און זעקס ווערן געגומען אין געפאַנגענשאַפט. עס ווערן אויך דעראָבערט ווערטפולע דאָקומענטן וועגן דעם פּלאַן פון פאַרטיידיקונג ביי דער ווייסל, געווער, אַמוניציע און מונדירן.

מערץ 1944 ווערט אייזענמאַנס אָפּטיילונג אַרומגערינגלט פון גרויסע אָפּטיילונגען עס־עס ביי דער אינוואַלידזקער קאָלאָניע. דער קאַמף דויערט ביי דריי שעה. אייזענמאַן מיט אַ גרופּע פון פופציק מאַן רייסן זיך דורך ביים רעכטן פליגל פון שונא און קומען טיפער אין וואַלד. אין דער זעלבער צייט רייסט זיך דורך ביים לינקן פליגל די אָפּטיילונג פון קאַפּיטאַן „סאַשקאַ״. די דייטשן האָבן אין דער שלאַכט פאַרלוירן 65 טויטע און 40 פאַרוווּנדעטע.

יוני 1944 האָט די גרופּע פון חבר אייזענמאַן אָנגעגריפן עטלעכע קאָמפּאַניעס דייטשע לעגיאָנערן ביים דאָרף וויקוז. דער קאַמף האָט געדויערט פיר שעה. עס זענען דעראָבערט געוואָרן 8 קוילנוואַרפער, 3 מאַשינגעווער „מאַקסימאַ״, איין קעגנלופט־האַרמאַט און עס זענען געפאַלן 80 לעגיאָנערן. *)

אָנהייב 1944 אויף דעם באַפעל פון פּאַדפּולקאָווניק מאַטשאַר, ווערט ער מיט נאָך 12 מאַן אַרויסגעשיקט אין קאָנסקער געביט, כדי אויסצוּ־שפּיאָנירן די פראָנט־ליניע.

דעם 1־טן נאָוועמבער 1944 ווערט דער חבר אייזענמאַן מיט נאָך עטלעכע מאַן צוגעטיילט צו דער ספּעציעלער דעסאַנט־גרופּע „ניטראַ״, מיט וועלכער ס׳האָט אָנגעפירט דער עלטערער לייטענאַנט קירעיעוו. אויף דעם באַפעל פון דער אָנפירונג ווערט אייזענמאַן באַשטימט אַלס פּאָלי־טישער לייטער.

די ספּעץ־גרופּע „ניטראַ״ האָט אונטערמינירט 6 צוגן מיט מיליטער און אַמוניציע און פאַרברענט ביי ראַדאָם 170 טאָן בענזין. זייער ציל איז אָבער הויפּטזעכלעך געווען די אויסשפּיר־אַרבעט ביי דער פראָנט־ליניע.

פון דעם 15־טן ביז דעם 19 יאַנואַר 1945 האָט די אָפּטיילונג געפירט קאַמפן מיט די דייטשע אָפּטיילונגען אין די ערטער ניעבאָ און קאָנסקע. די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט 18 מאַשינען, 4 טאַנקען, געווער, מונדירן, שיך און אַ סך טויטע און געפאַנגענע.

---

*) דער לייטענאַנט קירעיעוו מיינט באַשטימט די אָפּטיילונגען פון די „וולאַסאָווצעס״, וועלכע די דייטשן האָבן גערופן „אָסט לעגיאָנערן״.

דער חבר אייזענמאַן האָט דאָ געשאַפן אַ ברייטע אויספיר־נעץ צווישן דער דאָרטיקע באַפעלקערונג. ער האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן אויטאָריטעט ביי די שטאָטישע און דאָרפישע פאָלקס־מענטשן אַלס פוילישער פּאַטריאָט. ער איז אויך געווען געאַכטעט פון זיינע זעלנער, קאָלעגן, אָפיצירן און שעפן.

די קאַמפּס־טעטיקייט פון חבר אייזענמאַן איז לויט די אָנגאַבן פון דער פּאַרטייאישער אָרגאַניזאַציע פּ. פּ. ר. אין קאָנסקע און אומגעבונג ווי אויך לויט די אָנגאַבן פון זיינע מיטקעמפער און עלטסטע. אויסער דעם וואָס דער שרייבער פון דער דאָזיקער קאַמפּס־כאַראַקטעריסטיק האָט אַליין געזען אין דער צייט פון פיר חדשים בעת די קאַמפן אין רוקן פון שונא.

די כאַראַקטעריסטיק איז אונטערגעשריבן פון דעם קאָמענדאַנט פון דער ספּעץ־גרופּע „ניטראַ" — דעם עלטערן לייטענאַנט „קירעיעוו" — סאַפּראָנאָוו א. ג. דעם 1 יאַנואַר 1945.

די אונטערשריפט פון עלטערן לייטענאַנט קירעיעוו, קאָמאַנדיר פון דער ספּעץ־גרופּע „ניטראַ", איז באַשטעטיקט פון דעם פּאַרטרעטער פונעם קריגס־קאָמענדאַנט אין קראָקע —

**מאַיאָר קאָראָטקאָוו**

דעם 13.2.1945

„זעמסטאַ".

# די „קליינע זאָשיע"
## לויט דער כאַראַקטעריסטיק פון איר שעף יוליאַן קאַניעווסקי־אייזענמאַן

ווער פון די פּאַרטיזאַנער האָט זי נישט געקענט? — דאָס האַרציקע, יונגע און צאַרטע יידיש מיידל פון וואַרשע, מיט די צוויי פאַרחלומטע אויגן, וועלכע מען האָט גערופן „די קליינע זאָשיע"... איר אמתן נאָמען האָט זי מיטגענומען מיט זיך אין קבר.

אין האַרבסט 1942 איז געקומען אין דער אָפּטיילונג פון דריטן אָבוווד (קרייז) א. ל. אין ראַדאָם אַ זיבעצניעריק טונקל־בלאָנד מיידל, דעלעגירט פון דער פּאַרטיי, ווו זי האָט געאַרבעט אַלס פאַרבינדלעריו, כדי אויסצופירן דאָ ספּעציעלע אויפגאַבן.

די יונגיטשקע „זאָשיע" האָט צווישן די פּאַרטיזאַנער ווי צוריק געפונען איר היים. זי האָט זיך אויך שנעל באַקענט מיט די פויערים פון די אַרומיקע דערפער און געקראָגן חן אין זייערע אויגן. מיט איר קולטורעל, קלוג און פיינעם באַנעמען האָט זי געוואונען צוטרוי ביי יעדן, וואָס איז געקומען מיט איר אין באַרירונג.

קיינער וואָלט נישט געגלייבט, אַז אין דעם איידעלן געשטאַלט, אין דער האַרציקער נשמה קאָן זיך געפינען אַזויפיל ווייטיק און פיין, אַזויפיל קאַלט־בלוטיקייט און אַזויפיל האַס און צאָרן צו דעם בלוטיקן היטלעריסטישן אכזר.

„זאָשיע" האָט זיך געמאָלדן צו די געפערלעכסטע אַרבעטן און שטענדיק איז זי צוריקגעקומען מיט די בעסטע רעזולטאַטן.

זי האָט אויסשפּיאָנירט יעטוועדן שפּיצל און צוטראָגער, יעטוועדע „לאַפּאַנקע", וואָס האָט געדאַרפט דורכגעפירט ווערן דורך די דייטשן אין דעם אָדער יענעם אָרט, כדי אַרויסצופירן די יוגנט אויף שקלאַפן־אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אויך מיט איר העלדישער האַלטונג אין קאַמף אין די איידעלע יידישע טאָכטער נישט איינמאָל געוועזן אַ ביישפּיל פאַר אַ סך אַנדערע פּאַרטיזאַנער. איר יונגער אָבער אינטעליגענטער מוח האָט אַלץ שנעל באַהערשט. עס איז ממש געווען אַ פאַרגעניגן צו זען, ווי פלינק זי פלעגט מיט אירע דעליקאַטע פינגערלעך פאַנאַנדערנעמען און ווידער צוזאַמענלייגן

אַ מאַשין־ביקס. עס איז אויך נישט איינמאָל שווער געווען זיך אַנטקעגנצו־שטעלן איר פעסטן און אַנטשלאָסענעם ווילן...

דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1942. זאָשיע איז נאָך דעמלט געווען אַ יונגע פּאַרטיזאַנערין אָן דערפאַרונגען אין קאַמף, אָבער צו וואָס פאַר אַ העלד איז זי דעמלט אויסגעוואַקסן אין אַלעמענס אויגן. די אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון דעם יידישן בחור „סעמיאָן" איז הינטער גאַלקי־רושינאָווסקע אָנגעגריפן געוואָרן פון דייטשן. צוליב דער געוואַלדיקער איבערמאַכט פון שונא אין מענטשן און אין וואָפן איז די אָפּטיילונג געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוציען. נישט קיין אַנדערער ווי זאָשיע איז געלעגן ביי אַ שווערן מאַשינגעווער און געדעקט דעם צוריקמאַרש פון די פּאַרטיזאַנער.
טיף אין וואַלד האָט זי זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין די רייען פון די מאַרשירנדיקע, מעלדנדיק „סעמיאָנען" דעם אויסגעפירטן באַפעל. אירע אויגן האָבן געפינקלט פאַר פרייד און אויף אירע שמאָלע ליפּעלעך האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, ווען האָט געזאָגט : „זאָרגט נישט פאַר מיר, איך וועל שטענדיק צוריקקומען..."

אירע שטענדיקע ווערטער זענען געווען : „גאָר איין טאָג צו לעבן נאָך זייער מפּלה און איך וועל האָבן גענוג"... זאָשיע האָט זייער מפּלה נישט דערלעבט...

דאָס איז געווען דעם 4 פעברואַר 1943. אין די געלנער וועלדער האָבן סטאַציאָנירט דריי פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען פון דער „פאָלקס־אַרמיי" : די אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון דעם פּוילישן בחור יוזעף ראָגולסקי, פּסעוודאָנים „ווילק", די אָפּטיילונג פון „סעמיאָן" און „כיטרי". צו מיטאָג־צייט האָבן די פאַרפאָסטנס געמאָלדן, אַז גרויסע מיליטערישע פאָרמאַציעס פון עס־עס און זשאַנדאַרמעריע דערנעענטערן זיך צו דער באַזע, נעמענדיק דעם וואַלד אין אַ האַלבן רינג. לויט די דערפאַרונגען האָבן די פּאַרטיזאַנער פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן גרייטן זיך „דורכצוקעמען" דעם וואַלד. ווי געוויינלעך איז דער שטייגער פון די פּאַרטיזאַנער קיינמאָל נישט געווען אויפצונעמען אָן אָפענעם קאַמף מיט דעם שונא. דערפאַר איז געפאַלן דער באַשלוס זיך אַריבערצוּוואַרפן אין אַ צווייטן וואַלד. עס איז גלייך אַלץ איינגעשטעלט געוואָרן צום אָפּמאַרש און בלויז אַ גרופּע פרייוויליקע איז איבערגעבליבן, כדי מיט איר פייער אָפּהאַלטן אויף אַ געוויסער צייט דאָס אַריינדרינגען פון די היטלעריסטן אין וואַלד. צווישן אָט דער גרופּע האָט זיך אויך געפונען די „קליינע זאָשיע".
די מענטשן פון דער גרופּע האָבן געוואַרט ביז די דייטשן וועלן זיך

דערנענטערן צום ראַנד פון וואַלד, און דאָן האָבן זיך פון דריי נעסטן מיטאַמאָל דערהערט אַ גרעגערן פון מאַשין־ביקסן. זייענדיק איבערצייגט, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט גרויסע פּאַרטיזאַנישע כוחות, האָבן די דייטשן זיך פאַרהאַלטן, כדי זיך איבערצוגרופּירן און אונטערציען פאַרשטאַרקונגען. מער האָבן די פּאַרטיזאַנער נישט באַדאַרפט.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, און די היטלעריסטן האָבן גענומען זיך רוקן ווייטער פאָרויס, אָבער שוין נישט אַזוי זיכער ווי פריער. אויך דאָס מאָל האָט זיי באַגעגנט אַ געשלאָסן פייער פון דריי פונקטן, וואָס האָט ווידער געצוווּנגען די ערשטע ליניע צו בלייבן צוגעפּרעסט צו דער ערד. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. ווען די דייטשן זענען שוין געווען זייער נאָענט, זענען די פּאַרטיזאַנער געווען געצוווּנגען צו טוישן די פּאָזיציעס. אונטער אַ האָגל פון קוילן האָט די פרייוויליקע גרופּע זיך צוריקגעצויגן טיפער אין וואַלד.

אין דער זעלבער צייט האָבן די דריי אָפּטיילונגען מיט ראַשע טריט געצויגן אין דער ריכטונג פון די פּשיסכער וועלדער, כדי דאָרט צו שאַפן אַ נייע פּאַרטיזאַנישע באַזע.

די אויפגאַבע פון דער פרייוויליקער פּאַרטיזאַנישער גרופּע איז געוואָרן אויסגעפירט אין די גאַנצע הונדערט פּראָצענט, פאַרשאַפנדיק נאָך דערביי דעם שונא נישט קיין קליינע פאַרלוסטן. דאָס האָט אָבער אויך די פּאַרטיזאַנער זייער טייער געקאָסט. דריי יונגע פּאַרטיזאַנער זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון די רייען און צווישן זיי — די פון יעדן געליבטע „זאָשיע". אַ סעריע קוילן האָט זי ממש איבערגעשניטן אויף צוויי.

איר טויטער קערפּער איז אַריינגעפאַלן אין די דייטשע הענט.

— דאָנער וועטער! — האָט זיך געחידושט איינער פון די היטלעריסטישע אָפיצירן, באַטראַכטנדיק איר קינדיש געזיכט — אַזעלכע יונגע „באַנדיטן" און ווי פאַרביסן דאָס קעמפט!

דער אמתער באַנדיט וואָלט זיך נאָך מער געווען געחידושט, ווען ער זאָל האָבן געוווּסט, אַז די העלדישע פּאַרטיזאַנערין איז אַ יידישע טאָכטער...

דעם טויט פון „זאָשיען" האָבן די פּאַרטיזאַנער אויפגענומען מיט אַ געוואַלדיקן ווייטיק. שווער איז זיי געווען מסכים צו זיין מיטן געדאַנק, אַז זיי וועלן זי שוין מער קיינמאָל נישט זען.

„זאָשיע" איז אָבער געבליבן טיף איינגעקריצט אין זייער זכרון און אין האַרצן, און זיי האָבן זיך געגעבן אַ שבועה צו נעמען נקמה פאַר איר יונג פאַרשניטן לעבן.

# די ערשטע פּאַרטיזאַנער אין די פּאַרטשעווער וועלדער

— צוערשט וועל איך לייגן מיין קאָפּ אויף דעם טאַטנס קאָוואַדלע, ער זאָל אויף אים דעם שווערסטן האַמער אַראָפּלאָזן און אים צעשמעטערן, איידער איך וועל זיך דעצידירן גיין אין געטאָ. „יעקע" וועט מיין האָר נישט זיין און מיר נישט דיקטירן! יוזעק ראַק וועט נישט שטיין אויף די קני פּאַר קיין היטלעריסט! — האָט געקלאַפּט מיט זיין פויסט אין טיש פּאַר אויפרעגונג דער יונגערער פון די ברידער ראַק, פּאַרלאַנגענדיק, אַז די איבעריקע ברידער זאָלן פּאַרלאָזן מיט אים צוזאַמען די היים.

— איך גיי מיט דיר! — האָט זיך אָנגערופן דער צווייטער ברודער — וולאַדעק.

— וווהין וועט איר גיין?! — האָט זיך געבייזערט דער טאַטע.

— דיין מלאכה, טאַטע, קענען מיר, און שמידער זענען אומעטום נייטיק. מיר וועלן אַוועק פון דעמבלינער קרייז אין אַ געגנט, וווּ מען קען אונדז נישט, און דאָ וועלן מיר זען, וואָס ווייטער צו טאָן.

דער עלטערער ברודער יאַן (שפּעטערדיקער פּסעוודאָנים „זשביק") איז געשטאַנען, און זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך, און מיט צופרידנקייט אויפגענומען זייער באַשלוס, צו וועלכן עס האָט זיך שפּעטער אויך אָנגעשלאָסן דער דריטער ברודער — מאַריאַן.

עס איז געווען אין מאַי 1941. אַלע פיר ברידער האָבן פּאַרלאָזט די היים, וווּ זיי זענען געבוירן געוואָרן, זיך דערצויגן און שווער געאַרבעט, כדי צו פּאַרדינען דאָס טעגלעכע ברויט, זייער וועג האָט געפירט אין דער ריכטונג פון לובלין. לאַנג האָבן זיי אין דער געגנט געוואַנדערט. געקומען שפּעטער אין לובאַרטאָווער קרייז. געטאָן פּאַרשידענע אַרבעטן, ווי: אַרויפציען רייפן אויף די פויערישע רעדער פון די וועגענער, געקאָוועט פערד, געשליפן קאָסעס און אַנדערע שמידישע מלאכות. אין די פּאַרקאָפּטשעטע פּנימער פון רויך און סאַדזע אין דער קוזניע האָט מען נישט אַזוי שנעל געקאָנט דערקענען דעם יידן. מיט דער צייט האָט אויך דאָ אָנגעהויבן צו ווערן געפערלעך און



יאַן ראַק, פּסעוודאָנים „זשביק"

זיי זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די צווייטע היים און זיך לאָזן אין וואַלד.

זיי האָבן געלעבט ווי די חיות, זיך דערנערט מיט וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט. דער עיקר, מיט אַלערליי געוויקסן. איינמאָל האָבן זיי אַנטדעקט אַ נייע שפּייז און באַרייכערט זייער מעניו מיט נאָך אַ מאכל: פון דער כראָפּאַוואַטער קאָרע פון די בערעזענעביימער האָט געקענט זאַפּט מיט שמאָלע ריוועטשיקלעך. זיי האָבן אויסגעבויערט אַ קליינע עפענונג און מיט אַ שטרוי געצויגן דעם זאַפּט פון די „זיסע ביימער״. טיילמאָל, בלויז איינשניידנדיק די ווייסע קאָרע, האָבן זיי דירעקט אַריינגעצויגן אין די לונגען דעם געשמאַקן ריח.

פון צייט צו צייט האָבן זיי געמאַכט אַ שפּרונג אין אַ ווּעלכן ס׳איז דאָרף, כדי זיך באַזאָרגן מיט ברויט, קאַרטאָפל און אַנדערע פּראָדוקטן, זיי זענען דערביי נישט געווען שוצלאָז. זיי האָבן פאַרמאָגט צוויי געקויפטע רעוואָלווערן און מעסערס, געמאַכטע פון קאָסעס.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און זיי האָבן באַגעגנט אַ גרופּע סאָוויעטי־שע זעלנער, וועלכע ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפן פון דער דייטשער געפאַנ־גענשאַפט, און ווי זיי אַרומגעבלאָנקעט אין די וועלדער. דאָס איז שוין געווען פעברואַר 1942. ביי אַלע איז דעמאָלט אַנטשטאַנען דער געדאַנק צו שאַפן אַ געמיינזאַמע פּאַרטיזאַנישע גרופּע, כדי זיך צו קאָנען בעסער אַנטקעגנצו־שטעלן דער געפאַר פון אַן איבערפאַל מצד די דייטשן, ווי אויך אָנהייבן ווערבירן נייע מענטשן, כדי מיט דער צייט קאָנען אַליין אויפנעמען אַ קאַמף...

דאָס לעבן אין וואַלד איז געוואָרן אַ ביסל מונטערער... עס האָט באַקומען אַ ציל... אין אַ חודש שפּעטער איז די גרופּע געוואָרן פאַרטאָפּלט. אין די פּאַרטשעווער וועלדער זענען יעדן טאָג צוגעקומען נייע און נייע מענטשן, אַנטלאָפענע פון אונטער די מערדערישע, היטלעריסטישע הענט. אַ טייל פון זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט מיט זיך געווער. אָבער דאָס איז נאָך געווען ווייניק, כדי צו קאָנען דערפאָלגרייך אונטערנעמען וועלכע ס׳איז אַקציע. דאָס געווער האָט געדינט בלויז אַלס שוץ אָפּצושרעקן די יעניקע, וועלכע וואָלטן זיי געוואָלט פאַראַטן ביים אָרגאַניזירן לעבנס־מיטלען און אַנדערע נייטיקע זאַכן, צו קאָנען לעבן אין וואַלד.

דעם נאָמען פון אמתע פּאַרטיזאַנער האָבן זיי פאַרדינט ערשט זינט מאַי 1942, ווען די אָנפירונג האָט איבערגענומען דער אוקראַאינישער בחור — יאַן האָלאָד, פּסעוודאָנים „קירפּיטשני״. ער האָט גלייך אָװעקגעשטעלט

די פראַגע נישט פון פאַרטיידיקונג, נאָר פון אָנגריף אין דער פאָרם פון דיווערסיע און סאַבאָטאַזש.

פון דעם מאָמענט ווערט אַלץ אָרגאַניזירט לויט דעם מיליטערישן מוסטער. זיי ווערן אַן אָפּטיילונג מיט אַ מיליטערישער דיסציפּלין. שנעל טרעטן זיי צו צו דער ערשטער אַקציע אויף דעם אָפּשניט פון קשיוואָ וויעזשבאַ. עס ווערן אונטערגעשניטן אַלע טעלעפאָן־סלופּעס אויף דער ליניע. פאַר זייער פּסיכישן צושטאַנד איז די דאָזיקע ערשטע טאַט געווען פון קאָלאָסאַלער באַדייטונג. זיי האָבן דערפילט אין זיך צוריק דעם מענטשלעכן כוח און ווירדע. פאַר די דייטשן, ווידער, איז דאָס געווען אַ פּלוצעמדיקער קלאַפּ. זיי האָבן אין דעם געזען די געהיימע קראַפט, וואָס איז אויפגעשטאַנען מיט זיי צו קעמפן.

עס זענען געפלויגן מעלדונגען אין אַלע ריכטונגען און מען האָט זיך געגומען באַטראַכטן, ווי אַזוי די געפאַר צו ליקווידירן גלייך ביים וואָרצל, זי זאָל זיך, חלילה, נישט פאַרשפּרייטן.

אין איין שיינעם פרימאָרגן האָבן זיי זיך געפונען אין אַן אייזערנעם רינג פון גוט־באַוואָפנטע מיליטערישע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן זיי גענומען אונטער אַ שוידערלעך פייער פון אַלע מינים געווער.

צו שוואַך זענען געווען די מעגלעכקייטן פון זייער ווידערשטאַנד, און די דייטשן האָבן זיך געריקט פאָרויס ווי אויף אַ פּאַראַד־מאַרש. זיי האָבן זיך גענומען צוריקציען טיפער אין וואַלד און פאַרנומען נייע פּאָזיציעס. אַזוי האָט דער קאַמף געדויערט עטלעכע שעה. די פּאַרטיזאַנער האָבן שוין געהאַט טויטע און פאַרוווּנדעטע. די לאַגע איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן אויסזיכטלאָזער. טראָץ אַלעם האָט געהערשט אַן אייזערנע דיסציפּלין. טאַקע דער מאָראַלישער כוח האָט געווירקט, אַז זיי זאָלן אויסהאַלטן. צוהילף איז זיי געקומען דער גרויסער פּאַרטיזאַנישער פאַרבינדעטער — די נאַכט... אונטער איר שוץ איז זיי געלונגען זיך אָפּצורייסן פון שונא און קומען צו די שוואַרצע וועלדער.

# די גרופּע פון טויט־לאַגער סאָביבאָר

דער קאַמף מיט די דייטשן אין די פּאַרטשעווער וועלדער, טראָץ דעם, וואָס ער איז געווען זייער אַ בלוטיקער, האָט געהאַט פאַר די פּאַרטיזאַנער אַ קאָלאָסאַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע און מאָראַלישע באַדייטונג. אין דעם קאַמף אויף טויט און לעבן האָבן זיי אַ סך געלערנט. ער האָט אויך געהאַט אַ ברייטן אָפּקלאַנג צווישן דער פּאַטריאָטיש־געשטימטער פּוילישער באַפעלקערונג. עס האָט אָנגעהויבן קומען אין וואַלד אַ סך פון דער יוגנט, עס האָבן זיך געשאַפן סימפּאַטיקער, אינפאָרמאַטאָרן און רעזידענטן אין פאַרשידענע ערטער.

אין איין שיינעם פרימאָרגן איז געקומען אין שטאַב איינער פון די ברידער דודקין פון דאָרף זאַהאַיקי און געמאָלדן, אַז צו זיי אין דאָרף זענען געקומען דייטשן אויף דער אַזוי גערופענער „קאָנטינגענט־אַקציע”. דעם קאָמאַנדיר „קירפּיטשני” האָט מען נישט געדאַרפט צוויי מאָל זאָגן. אַלץ איז גלייך געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דערפילט ווי אונטערמינירט, סיי צוליב דעם, וואָס דאָס איז געווען די ערשטע אָנגריף־אַקציע, סיי אויך צוליב דעם, וואָס מען וועט זיך קאָנען אָפּרעכענען מיט די בעסטיעס פאַר די געפאַלענע חברים בשעת דער אַבלאַווע.

זיי זענען שוין דעמלט געווען אַ פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע. עטלעכע צענדליק מענטשן האָבן שוין געהאַט געווער וואָס די פּויערים האָבן זיי געגעבן פון דעם אויסבאַהאַלטענעם נאָך פון דער סעפּטעמבער־קאַמפּאַניע פון יאָר 1939. זיי האָבן זיך געפילט שוין אַ ביסל אין קראַפט, נאָר קיין גרויסע מיליטערישע סטראַטעגן זענען זיי ווייט נאָך נישט געווען. דאָס באַווייזט שוין דער פאַקט, וואָס אין מיטן העלן טאָג האָבן זיי אַריינמאַרשירט מיט דער גאַנצער אָפּטיילונג אין דאָרף...

די געוואַגטקייט האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק אויף אַלע, און אויף די דייטשן — האָט עס אָנגעוואָרפן אַ ביטערע שרעק. זיי האָבן אַלץ איבערגעלאָזט, און אַנטלאָפן פון דאָרף, און די גאַנצע אַקציע איז אַדורך אַן איין שאָס.

די קאָנפיסקירטע תבואה איז גלייך צעטיילט געוואָרן צווישן די פּויערים און עס זענען געוואָרן פאַרניכטעט די ליסטעס, אויף וועלכע ס׳זענען געווען

די נעמען פון די, וואָס האָבן געדאַרפט צושטעלן דעם באַשטימטן קאָנטינגענט.

די פּאַרטיזאַנער האָבן באַקומען נאָך פינף ביקסן מיט אַמוניציע פון די פינף אַנטוואָפנטע דייטשן, וועלכע זיי האָבן אַלס געפאַנגענע אַרויסגעפירט מיט זיך אין וואַלד.

דאָס איז געווען אַ סטימול צו נייע איבערפאַלן, הויפּטזעכלעך אויף פּאָליציי־וואַכן, מיטן ציל צו דעראָבערן געווער. צווישן אַנדערע איז געקומען די ריי אויף קשיווא־וויעזשבאַ... דאָס פּאָליציי־הויז איז געוואָרן אַרומגערינ־גלט און פאַרברענט... צוועלף דייטשן און גראַנאַטאָווע פּאָליציאַנטן זענען געוואָרן ליקווידירט, און די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך צוריקגעצויגן אָן פאַר־לוסטן...

די פּאַרטיזאַנער האָבן אָנגעהויבן פּלאַנירן נייע איבערפאַלן, געפּרוווט מיט אַלערליי פּאָרטעלן צו שטערן דעם שונא און אַריינברענגען אַן אומזיכער־קייט אין זיינע רייען. דער קלענסטער זיג איז פאַר זיי געווען אַ גרויסע דערגרייכונג, כאָטש זיי האָבן נישט איינמאָל באַצאָלט מיט קרבנות פון די בעסטע פּאַרטיזאַנער, נאָך וועלכע עס איז פאַרבליבן אין האַרצן אַ בלוטיקע וווּנד.

עס זענען אויך געווען פריידיקע מאָמענטן אין פּאַרטיזאַנישן לעבן. אַזאַ נישט פאַרגעסלעכער טאָג איז געווען פאַר אַלע, ווען אַ גרופּע פון העכער אַ צענדליק פערזאָן אַנטלאָפענע פון סאָביבאָרער טויט־לאַגער זענען געקומען אין וואַלד, צווישן זיי זענען געווען די חברים: לעאָן לערנער, „וואָלאַדעק", דאָס מיידל פון האָלאַנד, וועלכע מען האָט גערופן „האָלענדערקע", „מארעל" און אַנדערע.

דאָס איז געווען פרילינג 1943. די מענטשן פון שניידער־וואַרשטאַט האָבן באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן צו דעם מצב פון וואַרטן יעדן טאָג אויפן טויט. דער פּאַראָל איז געווען — זיגן!... און אויב פאַלן — זאָלן די היטלע־ריסטן טייער באַצאָלן פאַר זייער לעבן!

די אונטערנעמונג איז געווען אַ דרייסטע און גוט פּלאַנירטע. מען האָט אויסגעוויילט אַ צייט, ווען אַ גרופּע עס־עס־לייט האָבן זיך געגרייט בייע מונדירן און זיי אַלע באַשטעלט צו דער מאָס אין דעם געפּלאַנטן זונטיק, יעדן פון זיי אין אַן אַנדערער שעה.

באַלד אינדערפרי איז יעדער געזעסן כלומרשט ביי דער אַרבעט, גרייט אויסצופירן די באַשטימטע פאַר אים פונקציע. ביי דער טיר, פאַרשטעקט מיט אַן אייזן אין האַנט, האָט געוואַרט אַ געזונטער יאַט אויף דעם ערשטן גאַסט. ווען דער עס־עס־מאַן האָט איבערגעטראָטן די שוועל, האָט אים איינער

מיט אַ טיפֿן נויג אָפּגעגעבן דעם גוט־מאָרגן און פֿאַרמאַכט נאָך אים די טיר, פֿון הינטן האָט אים דער צווייטער דערלאַנגט מיטן אייזן איבערן קאָפּ. אַנדערע צוויי האָבן אים פֿאַרשטאָפּט דאָס מויל מיט אַ שמאַטע און אַרונטער־געשלעפּט אונטער דעם פֿאַרהאַנג, ווו מען האָט זיך איבערגעטאָן צום מעסטן.

די אַרבעט איז צוגעגאַנגען פּלאַנמעסיק, שטיל און אָן שום שוועריקייטן. די איינציקע שרעק איז געווען, עס זאָלן נישט קומען צוויי מיטאַמאָל. אָבער ווי נאָר זיי האָבן שוין געהאַט דעם ערשטן רעוואָלווער, איז אויך די געפֿאַר פֿאַרביי. איבעריקנס, זענען די דייטשן געקומען צו דער באַשטימטער שעה איינציקווייז.

די באַוואָפֿנטע גרופּע האָט זיך געלאָזט צום מאַגאַזין מיט געווער, ווו זיי האָבן נאָך דערגענצט זייער וואָפֿן און באַוואָפֿנט אַנדערע, וועלכע האָבן זיך צו זיי אָנגעשלאָסן. פֿון די שאָסן ביים מאַגאַזין איז אַליאַרמירט געוואָרן די לאַגער־וואַך, מיט וועלכער ס'איז געקומען צו אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס. דער בונט האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן לאַגער.

מיט ליידיקע הענט האָבן זיך אַ סך געפֿאַנגענע געוואָרפֿן אויף די מערדער. פֿון דער הייך פֿון די שוץ־ביידלעך האָבן די וואַך־לייט געעפֿנט אַ מוראדיק פֿייער, פֿון וועלכן אַ סך זענען געבליבן אויפֿן אָרט. טראָץ אַלעם איז אָבער אַ גרופּע געלונגען צו אַנטלויפֿן צו די פּאַרטיזאַנער אין די פּאַרטשעווער וועלדער, ווו די פּאַרטיזאַנער האָבן שוין דעמלט געציילט ביי אַ פֿיר הונדערט קעמפֿער. עס איז געוואָרן אָרגאַניזירט אַ מינערן־גרופּע, אמת, מיט זייער פּרימיטיווע מיטלען, אָבער דאָך מיט אַ גרויסן פֿאַרמעסט.

אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג האָט אַרוסמאַרשירט אַ גרופּע פֿון דרייסיק פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דעם סאָסנאָוויצער בחור כיל גרינשפּאַן אויף דער ערשטער מינערישער אַרבעט. דער ציל איז געווען די באַן־ליניע ראַדזין — טערעספּאָל. ביי דער זייט פֿון יאַן ראַק, פּסעוודאָנים „זשביק" האָבן מאַרשירט די אַנטלאָפֿענע פֿון סאָביבאָר, לעאָן לערנער און די „האָלענ־דערקע", באַוואָפֿנט אנשטאָט מיט מינעס מיט געוויינלעכע לאָפּאַטעס, אָבער דאָס האָט קיינעם נישט געאַרט. אַלע זענען געווען זיכער אין דערפֿאָלג. דעם וועג האָט מען דורכגעמאַכט די גאַנצע צייט מיטן וואַלד, אויס פֿאַר־זיכטיקייט נישט אָנצושטויסן זיך אויף וועלכן ס'איז דייטשן אָדער פּאָלי־צייאישן פּאַטראָל — נישט אַזוי צוליב מורא, ווי צוליב דעם, עס זאָל נישט צעשטערט ווערן אַזאַ גרויסע און וויכטיקע אונטערנעמונג.

אין מיטן דער נאַכט האָט מען זיך גענומען צו דער אַרבעט. פֿון לינקס און רעכטס האָבן פֿאַרנומען פּאָזיציעס די שוץ און אַ גרופּע פֿון אַ צוואַנציק

פּאַרטיזאַנער האָבן גענומען אונטערגראָבן פון איין זייט די באַן־רעלסן, מען האָט אויסגעקליבן אַן אָפּשניט, ווו עס איז געווען אַ הויכער ערד־אויפשיט, כדי דאָס קייקלען זיך פון צוג זאָל זיין מיט אַ גרעסערער קראַפט. די עטלעכע לאָפּאַטעס, וואָס זיי האָבן געהאַט, זענען געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, ווי ביי אַ לויף־שטאַפּעטע. אַזוי אַרום איז די אַרבעט אַפילו אויף איין מינוט נישט איבערגעריסן געוואָרן. מען האָט זיך געמוזט איילן, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין גענויעם פּלאַן פון די צוגן און וועלכער פון זיי האָט נאָך געקאָנט אָניאָגן אין מיטן דער אַרבעט און אַלץ צעשטערן.

ווען דאָס אונטערגראָבן איז שוין געווען פאַרענדיקט, האָט דער קפּט. כיל גרינשאַפּן געגעבן אַ באַפעל צוריקצוציִען זיך אויף אַ מהלך פון פיר הונדערט מעטער פון דער באַן־ליניע און אָבסערווירן דעם פאַרלויף פון דער אונטערגענומענער אַקציע, און אויב עס וועט נייטיק זיין, „באַזאָלצן" מיט עטלעכע סעריעס פון די ביקסן.

נישט אַלע נאָך זענען שוין געווען אויף דעם באַשטימטן אָרט, ווען עס האָט זיך דערהערט אַ רעש פון אַ דערנעענטערנדיקן זיך צוג. די הינ־טערשטעליקע האָבן גענומען לויפן, כדי אויסצוגלייכן די רייען — אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַן אָפּגעריסענער פייף פון לאָקאָמאָטיוו און ער האָט גענומען זיך אַרונטערקייקלען פון די רעלסן, מיטשלעפּנדיק מיט זיך די וואַגאָנען.

דער איבעררייס פון באַן־פאַרקער אויף דער דאָזיקער ליניע האָט געדויערט העכער צוועלף שעה.

צופרידענע פון דעם גוט־אָפּגעטועענעם שטיקל אַרבעט, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט צו דער „פּאַרטיזאַנישער היים".

לאַנג נאָך דער קאַטאַסטראָפע האָבן זיי נאָך אַלץ געטראָגן דעם נאָמען „גרעבער" אַנשטאָט „מינירער". עס זענען שוין געהאַט געפלויגן אין דער לופטן פיל צוגן פון אונטערגעלייגטע דורך זיי צינד־באָמבעס, אָבער „גרעבער" זענען זיי שוין געבליבן ביז צום סוף.

אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן כיל גרינשפאַן האָבן זיי נאָך דורכגעפירט אַ סך אַקציעס, צווישן אַנדערע: אַפּריל 1944, נישט ווייט פון די קאָזלאָוויעצקער וועלדער איבערגעפאַלן אַ גוט, וואָס איז געווען אונטער דער דייטשער אַדמיניסטראַציע. זיי זענען דעמאָלט געווען ביי אַן אַכציק מאַן. זיי האָבן ליקווידירט די דייטשע וואַך־זעלנער, דעראָבערט געווער, מונדירן, זייער גוטע ציגאַרן און לעבנסמיטלען. די אַרויסגעפירטע בהמות זענען געוואָרן אויפן וועג פאַרטיילט צווישן די פּויערים.

נאָך די שווערע פאַרלוסטן אין דער שלאַכט ביי ראָמבלווו האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן צו די פאַרטשעווער וועלדער. אויפן וועג איז געפאַלן דער פירער פון באַטאַליאָן, דער מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי, פּסעוו־דאָנים „זעמסטאָ", און זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אַ סאָוויעטישער פאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל־מאַיאָר באַראַנאָווסקי. זיי האָבן אויפגענומען אַ קאַמף מיט גרויסע פיינטלעכע כוחות הינטער ווערעשטשין און וואָליאַ ווערערשטשינסקאַ. עס איז דאַן דערטרונקען געוואָרן אין דער אָזיערע אַ גאַנצע אָפּטיילונג דייטשע קאַ־וואַלעריע. די פאַרטיזאַנישע פאַלוסטן האָבן אויסגעמאַכט בלויז צוויי טויטע און עטלעכע פאַרוווּנדעטע.

יוני 1944 האָבן זיי געשאַפן אַ לאָקערונג אויף דער ליניע וולאָדאַווע — לובלין הינטערן דאָרף מאָסטי. דאָרט זענען געווען הונדערט און צוואַנציק פאַרטיזאַנער. זיי האָבן פאַרניכטעט די בריק און איבער אַ צענדליק מאַ־שינען געשטעלט אין פלאַמען. די צאָל טויטע היטלעריסטן איז געווען גרויס און זיי זענען געבליבן ליגן אַזוי עטלעכע טעג, ביז עס זענען געקומען צו פאָרן דייטשן מיט לאַסט־וואָגנס און זיי אַוועקגענומען.

אין דער צווייטער העלפט יוני 1944 האָט צווישן אַנדערע פאַרטיזאַ־נישע אָפּטיילונגען אַריינמאַרשירט אין דעם באַפרייטן לובלין אויך די פאַרטיזאַנישע קאָמפּאַניע אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן כיל גריב־שפּאַן אין אַ צאָל פון דריי הונדערט פאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע ס'האָט זיך געפונען דער קאַפּיטאַן יאַן ראַק, פּסעוודאָנים „זשביק". זיי ווערן שפּע־טער איינגעשלאָסן אין פאַרשידענע נאָרמאַלע מיליטערישע אָפּטיילונגען.

# דער מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי, פסעוודאָנים „זעמסטאַ"

דאָס איז געווען אין אַ צייט, ווען עס זענען פאָרגעקומען גרויסע פאַרטיזאַנישע אַקציעס. יעדן טאָג זענען געוואָרן אַרויסגעדרייט באַן־רעלסן, צוגן זענען געפלויגן אין דער לופטן. מען האָט דורכגעפירט איבערפאַלן אויף פאָליציי־וואַכן, אויף מיליטערישע פאַטראָלן. עס זענען אָפּגעשלאָגן געוואָרן צוגערויבטע פּראָדוקטן ביי „קאָנטינגענטלער". עס זענען אויסגעפירט געוואָרן אַטענטאַטן אויף שפּיצלעס און געסטאַפּאָ־אַגענטן... די דייטשן האָבן שוין גוט אָנגעהויבן צו פילן דעם ברענעדיקן באָדן אונטער די פיס. ווי דער שטייגער, האָבן זיי אָנגעהויבן צו זוכן שותפים אויף צו באַקעמפן די פאַרטיזאַנער. אין דעם פאַל האָבן זיי גע־פונען אַ געמיינזאַמע שפראַך מיט די פוילישע פאַשיסטן פון ענ. עס. זעט.

עס איז געקומען צו בלוטיקע איבערפאַלן אויף פאַרטיזאַנער פון דער „פאָלקס־אַרמיי", וועלכע זענען געוואָרן באַצייכנט אַלס מענטשן פון מאָסקווע. אין די ביולעטינען פון ענ. עס זעט. האָט מען גערופן צום קאַמף מיט די קאָמוניסטן, צו וועלכע אין דער ערשטער ריי עס זענען געוואָרן פאַררעכנט יידן. אין יענער צייט איז פון דער צווייטער זייט בוג געקומען מיט אַ באַוואָפנטער גרופע פון צוועלף פאַרטיזאַנער אַלעקסאַנדער סקאָט־ניצקי, פסעוודאָנים „זעמסטאַ" — דעמאָלט נאָך אַ קאַפּיטאַן.

סקאָטניצקי האָט געשטאַמט פון אַ יידישער פאַמיליע פון וואַרשע. אַ געוועזענער אָפיציר פון קאַוואַלעריע אין דער פוילישער סאַנאַציע־אַרמיי. פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ דאָצענט אויף דעם לעמבערגער אוני־ווערסיטעט אויף דער וועטערינאַרישער אָפּטיילונג. אַ מענטש אַן אומ־פאַרטייאישער, אָבער מיט זייער פאָרגעשריטענע איבערצייגונגען.

נאָך דעם טויט פון קאָמאַנדיר, דעם העלדישן אוקראַיִנישן בחור יאַן האָלאָד, פסעוודאָנים „קירפּיטשני", ווערט אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי, פסעוודאָנים „זעמסטאַ" באַשטימט אַלס אָנפירער פון באַטאַליאָן, וועלכער טראָגט דעם נאָמען פון זיין גרינדער — יאַן האָלאָד. צו דעם באַטאַליאָן געהערט אויך די פערטע יידישע קאָמפּאַניע, וועמענס אָנפירער און אָרגאַ־

ניזאַטאָר ס׳איז דער שוואַרצער, ברייטביינִיקער יידישער בחור פונעם דאָרף סאָסנאָוויצע, וולאַדאַווער קרייז — קאַפּיטאַן כיל גרינשפּאַן, פּסעוודאָנים „דאָמבראָווסקי״.

סקאַטניצקי שטעלט זיך גלייך פאַר זיין ערשטן ציל — אָפּרייניקן די דערפער פון די דייטשע וואַך־הייזער און דייטשער אַדמיניסטראַציע, וואָס ער טוט קאָנסעקווענט רעאַליזירן. סקאַטניצקי וועקט גרויס אַכטונג צו זיך מצד אַלע פּאַרטיזאַנער באַלד פון ערשטן מאָמענט. זיינע אָרגאַני־זאַציאָנעלע פעיִקייטן, מוט, דרייסטקייט, וואָס גרענעצט זיך אָפּט מיט בראַוואור, רופן אַרויס באַוווּנדערונג פון אַלע מיטבאַטייליקטע אין קאַמף.

אין דאָרף בויקי גיבן אָפּ די פּאַרטיזאַנער אַ שבועה און עס ווערט געביטן דער נאָמען פון „פאָלקס־גוואַרדיע״ אויף „פאָלקס־אַרמיי״. אין דער זעלבער צייט ווערט יאַן ראַק, פּסעוודאָנים „זשביק״, אַוואַנסירט דורך סקאַטניצקין אַלס שעף פון דער אַכראַנאַ אין זיין שטאַב. סקאַטנציקי זאָגט דערביי האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט: „זשביק״, דו ביסט אַ שמיד, דעריבער מוזסטו שאַפן אַן אייזערנע שוץ אַרום שטאַב״...

גרויס געוויכט האָט דער מאַיאָר סקאַטניצקי געלייגט אויף די מילי־טערישע איבונגען און באַזונדערס אויף שולן די מינערישע גרופּע מיט דער הילף פון די אינסטרוקטאָרן, וועלכע פלעגן ווערן אַראָפּגעוואָרפן פון דער „גרויסער ערד״.

אין מערץ 1944 ווערט אָנגעקינפּט אַ קאָנטאַקט מיט דער סאָוויעטי־שער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון „טשאַרני״, וועלכע גיבן איבער די פּוילישע פּאַרטיזאַנער אַ גרויסע מאַסע טריטאָל פאַר דער אָנגעהויבענער דיווערסיע־מינערישער אַרבעט. אויף דעם באַפעל פון מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאַטניציקי מאַרשירט אַרויס אַן אָפּטיילונג פון אומגעפער אַכציק מאַן אונטער דער אָנפירונג פון קפּט. כיל גרינשפּאַן. דער ציל פון דער דאָזיקער אַקציע איז געווען די באַן־ליניע הינטער גרודעק. לויט דער מעלדונג פון די אינפאָרמאַטאָרן, האָט אין דער נאַכט אויף דער ליניע געדאַרפט פאַרבייפאָרן אַ מיליטערישער צוג מיט אַמו־ניציע פאַר דעם מזרחדיקן פראָנט.

עס איז געווען אַ קאַלטער נאָכמיטאָג, אַ שאַרפער ווינט האָט געבלאָזן אין די אויגן, נאָר פאַר אַ פּאַרטיזאַנער איז דאָס געווען אַ קליינע שטערונג. עס זענען געגאַנגען מיינסטנס די יאַטן פון דער פערטער יידישער קאָמ־פּאַניע מיט פולן ריטמישן טריט, ווי אַלטע אויסגעשולטע זעלנער. אַ סך האָבן געטראָגן הילטעריסטישע מונדירן.



אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי, פּסעוודאָנים „זעמסטאָ"

שפּעט אין אָוונט זענען זיי געווען אויף דעם פּלאַץ. די מינערן־גרופּע איז גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט. אַלע איבעריקע האָבן פאַרנומען קאָמפּס־פּאָזיציעס ביים ראַנד פון וואַלד, וועלכער איז געלעגן אַ דריי הונדערט מעטער פון דער באַן־ליניע.

צעשאָטן אין אַ זיגזאַג, זענען זיי געלעגן מיט האַרצקלאַפּן און געוואַרט אויף דעם אויסגעבענקטן מאָמענט.

— קיין איין שאָס אָן מיין באַפעל! — האָט זיך געהערט די באַסיקע שטימע פון קאַפּיטאַן כיל.

עס האָט קיינער די דיסציפּלין נישט געבראָכן, זיך נישט דענערווירט און נישט געשאָסן, עס איז אויך נישט געווען נייטיק... גלייך מיט דער עקספּלאָזיע איז אויסגעבראָכן אַ שריפה און די אַמוניציע האָט גענומען אויפרייסן, וואַרפנדיק גאַנצע גאַרבן פייער אין דער לופטן. דער גאַנצער שטח אַרום איז געווען באַלויכטן ווי אין אַ העלן טאָג. די לעבנגעבליבענע זעלנער האָבן גענומען שפּרינגען פון די וואַגאָנען און לויפן וואָס ווייטער פון דעם ברענענדיקן צוג אין דער ריכטונג פון וואַלד, אַריינפאַלנדיק אין די פּאַרטיזאַנישע הענט.

צוליב דער אויפרייסנדיקער אַמוניציע האָט זיך קיינער נישט געוואַגט צו דערנענטערן, כדי צו פּרוּוון לעשן דאָס פייער, דעריבער האָט די שריפה זיך געצויגן ביי אַכט שעה און דער באַן־פאַרקער אויף דער ליניע איז געווען געשלאָסן.

מיט שטאָלץ האָט דער קאָמאַנדיר גרינשפּאַן געמאָלדן דעם מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָטניצקין דעם אויסגעפירטן באַפעל.

דער מענטש, וואָס האָט געטראָגן דעם פּסעוודאָנים „נקמה" — האָט נישט גערוט. אויסערלעך אַ זייער רואיקער, שטילער, געלאַסענער, האָט ער אין תוך פאַרמאָגט אַ געוואַלדיק ברויזנדיקן טעמפּעראַמענט. זיין מוח האָט אומאויפהערלעך געטראַכט וועגן אַלץ נייע און נייע פּלענער.

אין די ערשטע טעג פון אַפּריל 1944, פירט ער אָן מיט צוויי קאָמ־פּאַניעס פון זיין באַטאַליאָן אויף דער ליניע כעלם — וולאָדאַווע, צווישן די סטאַציעס אָהורסק — סאָביבאָר, ווו זיי רייסן אויף די בריק און עס ווערט צעשמעטערט אַ צוג מיט דייטשע זעלנער. דער רעזולטאַט: פערצן פאַרניכטעטע וואַגאָנען און ביי פיר הונדערט טויטע היטלעריסטן *).

*) קאָמוניקאַט נומער 3 פון דער הויפּט־אָנפירונג פון דער פאָלקס־אַרמיי, דעם 15 מאַי 1944. א. ז. ה. פ.

די היטלעריסטן איז געלונגען די בריק צו פאַרריכטן ערשט דעם 7־טן מאַי (נאָך אַ חודש צייט). וועגן דעם ווערט איבערגעגעבן אינעם באַריכט פון דעם קאָמענדאַנט פון זשאַנדאַרמעריע אין לובלינער דיסטריקט פון 26 אַפּריל ביזן 25 מאַי 1944, צום קאָמענדאַנט פון דער אָרדנונגס־פּאָליציי פון דעם געביט — אָבערלויטענאַנט רהיינדאָרף**).

אין משך פון עטלעכע חדשים האָט אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי באַוויזן אָפּצורייניקן פון די דייטשע פּאָסטנס דעם גרעסטן טייל פון וולאָדאַווער פּאָוויאַט. ער איז אַ מייסטער פון אַריינציִען דייטשע פּאַטרולן אין קלעם און פאַרניכטן זיי מיט קאָנצענטרירטן פייער פון זיינע פּאַרטיזאַנער.

די היטלעריסטן האָבן אָנגענומען אַלע מיטלען צו כאַפּן דעם שרעק־לאָזן פּאַרטיזאַנער־אָנפירער „זעמסטאַ".

דעם 28 מערץ 1943 איז זיי געלונגען אַרומצורינגלען דאָס הויז פון וואַלד־וועכטער נישט ווייט פון דאָרף ביאַלקאַ אין די פּאַרטשעווער וועל־דער, ווו סקאָטניצקי האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אָפּרו. אין זיין ראַפּאָרט צום פּאָלקאָווניק „מיעטעק" שרייבט אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי וועגן דער באַגעגעניש: „די דייטשן האָבן געעפנט אַ פייער דורך די פענצטער און טירן באַמיִענדיק זיך נישט אַרויסצולאָזן קיינעם פון הויז" און הגם עס זענען דאָרט געווען דרייסיק דייטשע זשאַנדאַרן און קוים אַכט פּאַרטיזאַנער, האָבן די לעצטע באַוויזן אָפּצושטויסן דעם אָנגריף.

אַ סעריע פון „זעמסטאַס" אויטאָמאַט האָט פאַרניכטעט דעם דייטשן מאַשין־געווער. צווישן די היטלעריסטן איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק, דאָס האָבן אויסגענוצט די פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען אַרויס אָן פאַרלוסטן.

אין אַפּריל 1943 אומקערנדיק זיך פון אַן אַקציע האָט דער מאַיאָר סקאָטניצקי מיט זיינס אַ פּלוטאָן זיך אַריינגעריסן אין דער שטאָט פּאַר־טשעוו. מיט פלעשלעך בענזין האָט ער אונטערגעצונדן דאָס ראָטהויז און פאַרניכטעט די פאַרפעסטיקטע פּאָזיציעס פון דער דייטשער זשאַנדאַר־מעריע. אין משך פון עטלעכע שעה האָט זיך די שטאָט געפונען אין די הענט פון די פּאַרטיזאַנער פון דער פּאָלקס־אַרמיי.

איינע פון די אַקציעס אונטער דער אָנפירונג פון מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי „זעמסטאַ", וואָס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון — דערציילט דער פּאַרטיזאַן לייביש ווייסבראָט — איז געווען דער איבערפאַל

**) אַקטן פון דער זשאַנדאַרמעריע אין לובלינער דיסטריקט פון 26 אַפּ־ריל — 25 מאַי 1944. אַרכיוו עמ. עס. וו.

אויף אַ גוט אין קרייז פון לובלין, וועלכן די דייטשן האָבן פאַרנומען כדי צו באַזאָרגן די היטלעריסטישע אַדמיניסטראַציע פונעם טויט־לאַגער אין מאַידאַנעק.

אויף דעם גוט האָבן געאַרבעט העכער 100 יידן, וועלכע מען האָט יעדן טאָג געבראַכט צו פירן פונעם לאַגער מאַידאַנעק. אויפן סמך פון אַ געניִיען אויסשפיר האָט דער מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי „זעמסטאַ" אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן צו באַפרייען די דאָרט באַשעפטיקטע יידן.

ביינאַכט זענען מיר אַרויס אין דער באַשטימטער געגנט — דערציילט לייביש ווייסבראָט — זיך אויסבאַהאַלטן אין די תבואה־פעלדער ביים וועג. מיט גרויס אָנשטרענגונג זענען מיר געלעגן און געוואַרט אויף דער יידישער קאָלאָנע, וועלכע האָט געדאַרפט אָנקומען מיט דעם וועג פון מאַידאַנקער לאַגער.

עס איז נאָך געווען בלוי אין דרויסן ווי מיר האָבן דערהערט דאָס קלאַפּן פון די שווערע האָלץ־שיך אויף דעם ברוק. די קאָלאָנע האָט מאַר־שירט אונטער דער באַוואַכונג פון אוקראַיִנישע עס.־עס.־לייט.

דער פּלוצעמדיקער איבערפאַל האָט די פאַשיסטן צעטומלט. אָן גרויסע שוועריקייטן זענען די אוקראַיִנישע עס.־עס.־לייט געוואָרן אַנטוואָפנט. עטלעכע צענדליק יונגע יידן האָבן באַקומען די מעגלעכקייט אָנצושליסן זיך אין אונדזער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג און צוזאַמען קעמפן קעגן פאַרהאַסטן שונא.

דער מאַיאָר סקאָטניצקי — פּסעוודאָנים „זעמסטאַ" איז אויך געווען געשעצט אַלס גוטער סטראַטעג און מיליטערמאַן ביי דער העכערער פּאַר־טיזאַנישער אָנפירונג. בעת דעם היסטאָרישן קאַמף ביי ראַמבלווו מיט דער מאָטאָריזירטער דיוויזיע עס־עס וויקינג, האָט דער אָנפירער פון קרייז II א. ל. פולקאָווניק מיעטשיסלאַוו מאָטשאַר, פּסעוודאָנים „מיעטעק", אָנפאַר־טרויט די פאַרטיידיקונג פון צפונדיקן פראָנט־אָפּשניט דעם פירער פון באַטאַליאָן „האָלאָד", דעם דאָצענט, מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקטניצקין.

די פאַרלוסטן אין דעם קאַמף זענען געווען גרוואַלדיקע פוןביידע זייטן. עס איז דאָך געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון דער אַרומרינגלונג. צעשפּליטערט אין קליינע אָפּטיילונגען האָט מען זיך באַמיט וואָס שנעלער אָפּצורייסן פון שונא אין פאַרשידענע ריכטונגען.

דער מאַיאָר „זעמסטאַ" מיט אַן אָפּטיילונג האָט זיך געלאָזט אויף דעם וועג צו די פאַרטשעווער וועלדער. הינטערן דאָרף סירניקע האָבן זיי זיך ווידער אָנגעשטויסן אויף גרויסע היטלעריסטישע כוחות. עס איז גע־

קומען צו אַ פֿאַרביסענעם קאַמף, וועלכער האָט געדויערט עטלעכע שעה. מען איז געוואָרן ממש צעצענטלט און אויך אָפּגעגעבן דעם גרעסטן און טייערסטן קרבן — עס איז געפֿאַלן דער העלדישער קעמפער און באַליבטער פּאַרטיזאַנישער פירער — דער דאָצענט, מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי, „זעמסטאַ״.

# דער פּאַרטיזאַנער פּאָרוטשניק
# שמואל קאָניוכאָווסקי

דער גוטמוטיקער שוואַרצער בחור, מיט דעם געלאָקטן קאָפּ האָר, וועלכן מען האָט גערופן שמואל, האָט געשטאַמט פון אַן אמת פּראָלעטאַרישער היים, פון דער גרעסטער יידישער אָרעמקייט. שווער איז געווען זיין קינדהייט און נאָך שווערער זיין יוגנט. ביי זיין טאַטן דעם אָרעמען שניידער קומט אים אויס נישט איינמאָל צו הונגערן. אַלס עלטסטער זון מוז ער פיל מאָל אַוועקנעמען דעם לעצטן ביסן פון זיין מויל פאַר די איבעריקע פון זיין הויזגעזינד. טראָץ אַלעם, איז פון זיינע ליפּן קיינמאָל נישט פאַרשוווּנדן דער ליבלעכער שמייכל. דאָס גוטע האַרץ און גלייכצייטיק שטאַרקער ווילן האָבן גובר געווען אַלץ.

צוזאַמען מיט יאַן ראַק האָט ער פאַרלאָזט דעמבלין, כדי צו זוכן אַרבעט אין דער גרויסער שטאָט. ווען זיי זענען געקומען קיין וואַרשע, האָבן זיי זיך אָנגעשלאָסן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זיי האָבן אויך געהערט צו איין פאַרטייאיש קעמערל. ער האָט זיך מיט ברען אַריינגעוואָרפן אין קאַמף. שמואל קאָניוכאָווסקין קאָנט איר טרעפן אויף אַלע מאַסוווקעס, דעמאָנסטראַציעס. עס שרעקן אים נישט קיין פּאָליצייאישע קאָלבעס, גומע־פּאַלקעס און תפיסה. ער צייכנט זיך אויס פון אַנדערע מיט זיין געוואַלדיקער דרייסטקייט, מוט און געוואַגטקייט.

ווען עס ברעכט אויס דעם 18 יולי 1936 דער פאַשיסטישער אויפשטאַנד פון גענעראַל פראַנקאָ, אונטערשטיצט דורך די מיליטערישע האָרדעס פון היטלערן און מוסאָליני, קעגן דער לעגאַל־אַנטשטאַנענער שפּאַנישער רעפּובליק, איז שמואל קאָניוכאָווסקי איינער פון די פרייוויליקע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, וועלכע קומט קיין שפּאַניע, כדי צו פאַרטיידיקן די דערקאָבערטע פרייהייט פון שפּאַנישן פאָלק.

זיין מיליטערישע אויסבילדונג אַלס קאַוואַלעריסט אין דער פּוילישער אַרמיי קומט אים שטאַרק צונוץ. ער נעמט אָנטייל אין די בלוטיקסטע קאַמפן אויף פאַרשידענע פראָנט־אָפּשניטן, גאָר ער גייט אַרויס גאַנץ פון דעם שרעקלעכן פייער.

נאָך דעם טראַגישן פאַלן פון דער שפּאַנישער רעפּובליק געפינט ער זיך אין אינטערנירונגס־לאַגער אין פראַנקרייך און אין צפון־אַפריקע (אַלזשיר) הינטער די שטעכלדראָטן פון „דזשעלפאַ". זיין קאַמפס־גייסט איז אָבער נישט געבראָכן. דער ברייטבייניקער הויכער בחור גרייט זיך איצט ווידער אין אַ וויטן וועג... דורך טייכן און ימים, דורך לענדער און קאָנטינענטן קומט ער דאָס מאָל אויף דער סאָוויעטישער ערד, כדי דאָ פאָרצוזעצן דעם קאַמף מיט די זעלבע באַנדיטן, קעגן וועלכע ער האָט שוין אָנגעהויבן אין שפּאַניע.

שמואל פאַרלירט נישט קיין צייט. ער מעלדעט זיך גלייך אין דער אַרמיי, פון וואַנען ער ווערט איבערגעשיקט צום שטורעם־באַטאַליאָן אין די ביעלאָמוטער וועלדער. דאָ, אין דער פּאַרטיזאַנישער באַזע, מאַכט ער דורך פאַרשידענע קורסן: מינערישע, טעכנישע, אָרגאַניזאַטאָרישע, מיליטערישע, כדי אַלס פּאַרטיזאַנער אַריבערגעוואָרפן צו ווערן אין רוקן פון שונא, וועלכער האָט אָקופּירט זיין פאָטערלאַנד פּוילן.

מיט אַ גרופּע פּאַראַשוטיסטן, צווישן וועלכע עס זענען געווען: לוציגע הערץ, עדמונד מאַרסקי, יולעק קאַנאַר און אַנדערע, קומט דער פּאָרוטשניק שמואל קאַניוכאָווסקי אין די פאַרטשעווער וועלדער. זיין אויפגאַבע איז צו אָרגאַניזירן באַזעס פון אַמוניציע און פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, אין שפּיץ פון וועלכע ער פירט דורך פאַרשידענע אַקציעס קעגן די היטלעריסטישע באַנדעס. אויך דאָס מאָל איז דער גורל צו אים באַרעמהאַרציק. ממש על־פּי־נס בלייבט ער אויך לעבן ביים שפּרינגען פון עראָפּלאַן.

דער עראָפּלאַן ווערט אַנטדעקט פון פיינט און באַשאָסן פון זעניט־אַרטילעריע. דער פּאָרוטשניק עדמונד מאַרסקי ווערט פאַרוווּנדעט, אַ צווייטער עראָפּלאַן מיט פּאַראַשוטיסטן קאָן זיך נישט דורכרייסן דורך דעם פייער און מוז זיך צוריקקערן צו דער באַזע, דער פּאַר. שמואל קאַניוכאָווסקי שפּרינגט. זיין פאַלשירעם פאַרטשעפּעט זיך אין עראָפּלאַן און אַ שטיק ווערט פון אים אָפּגעריסן. דאָס ווירקט אויף דעם פאַרשנעלערטן פאַלן צו דער ערד. צום גליק בלייבט ער הענגען אויף אַ בוים, ווו ער שניידט איבער מיט ספּעציעל צו אַ זעלכע צוועקן צוגעגרייטע מעסערס די שטריק און באַפרייט זיך. דער באַדן איז דאָ געווען אַ זומפּיקער און ער איז געבליבן ליגן אין דער בלאָטע אַ גאַנצן מעת־לעת. נאָך לאַנגע זוכענישן האָבן אים די חברים געפונען אַ דערשעפּטן און געבראַכט אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

דאָס איז געווען דעם 27 מאַי 1944 יאָר אין די פאַרטשעווער וועלדער,

ווו ער האָט זיך ווידער געטראָפן מיט זיין יוגנט־פריינד, יאַן ראַק, אין קאַמף קעגן געמיינזאַמען שונא.

*

סוף 1944 יאָר באַשליסט שמואל קאַניוכאָווסקי צוגיין צו זיך אַהיים, אין דעם באַפרייטן שוין טייל פון פוילן, כדי זיך דערוויסן וועגן גורל פון זיין טאַטע ־מאַמע אין דעם דאָרף סטענזשניצע ביי דעמבלין. עס גייט מיט אים מיט דער חבר יוסף דעמביאָווסקי.

פוילישע פאַשיסטן פון ענ. עס. זעט. שניידן איבער דאָס העלדישע לעבן פון פאַרטשניק שמואל קאַניוכאָווסקי און פון דעם חבר יוסף דעמ־ביאָווסקי אויף דעם געביט, וואָס איז געווען באַפרייט פון דער היט־לערישער הערשאַפט...

אויף דער שוועל פון זיין טאַטנס הויז האָט שמואל געלייגט זיין יונגן קאָפּ. זיינע שוואַרצע אויסגעמאַטערטע אויגן באַרויבטע פון פרייד פון זיינע יינגסטע יאָרן אָן, זענען פאַרלאָשן געוואָרן אויף אייביק. ער האָט נישט דערלעבט צו זען די אויסגעחלומטע רעגירונג פון פאָלקס־פוילן, פאַר וועלכער ער האָט געקעמפט אויף אַזויפיל בלוטיקע פראָנטן.

די טרויעריקע ידיעה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפרייט צווישן אַלע פאַרטיזאַנער. שווער איז געווען מסכים צו זיין מיט דעם געדאַנק, אַז דער העלדישער זון פון יידישן פאָלק, דער איבערגעגעבענער פרייהייטס־קעמ־פער — דער פאָר. שמואל קאַניוכאָווסקי איז מער נישטאָ. יעדער האָט געפילט, אַז ס׳איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון די פאַרטיזאַנישע רייען איינער פון אירע שיינע געשטאַלטן.

# די יידישע קאָמפּאַניע און איר אָנפירער קאַפּיטאַן כיל גרינשפּאַן, פּסעוודאָנים „דאָמבראָווסקי"

דער לעגענדאַרער „קאַפּיטאַן כיל" — ווי מען האָט אים גערופן — שטאַמט פון דעם דאָרף סאָסנאָוויצע, וולאָדאַווער פּאַוויאַט. זיין גאַנצע משפּחה פון דור־דורות זענען געווען פערד־הענדלער. פון דאַנען שטאַמט אויך זיין שוואַכקייט צו שיינע פערד, וואָס זיין פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג האָט פאַרמאָגט אין אַזאַ גרויסער צאָל.

כיל איז נישט געווען קיין „גרויסער געלערנטער". ער האָט קוים געקענט אַ ביסל עברי, אָבער דערפאַר איז ער געווען אַ גלענצנדיקער אָרגאַניזאַטאָר, אַ זייער פעיִקער און געוואַגטער בחור. אַט דער פּשוטער יאָט האָט אָרגאַניזירט אין די פאַרטשעווער וועלדער אַ יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט אין קאַמף קעגן דער היטלעריסטישער בעסטיע מיט גרויסע טאַטן, וואָס וועלן אַריין אין דער געשיכטע פון פּוילישן און יידישן פאָלק.

דער יונגער, שיינער יאָט, מיט די צוויי פינקלענדיקע שוואַרצע אויגן און געדיכטן קאָפּ געלאָקטע האָר איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויס האַרץ. זיין ציל איז איצט געווען — קאַמף און נקמה, אָבער גלייכצייטיק האָט ער נישט פאַרגעסן אין די צענדליקער און הונדערטער שוצלאָזע מענטשן, וואָס האָבן שוין נישט געקאָנט, אָדער זענען נאָך נישט געווען פעיִק צו נעמען געווער אין האַנט. כיל אָרגאַניזירט אַ גרויסן טאַבאָר פון אַלטע לייט, פרויען און קינדער, וועלכע ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן פון פאַר־שידענע געטאָס און לאַגערן.

דער טאַבאָר האָט געציילט אַ דריי הונדערט מענטשן, צווישן זיי אויך אַ גרויסע צאָל האַלענדישע יידן. אין דעם טיפן פּוילישן וואַלד האָבן זיי געפונען זייער „צווייטע היים", פאַר וועלכער עס האָט געזאָרגט, געשיצט און דערנערט כיל גרינשפּאַן און זיין פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג.

עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס ער איז געווען ביי יעדן אַזוי באַליבט. וועגן דעם לעגענדאַרן קאַפּיטאַן כיל האָט מען זיך דערציילט



כִיל גרינשפּאַן, פּסעוודאָנים „דאָמבראָווסקי״

פאַנטאַסטישע געשיכטעס אין אַ סך לאַגערן און געפענגענישן, ווו יידן האָבן זיך נאָר געפונען.

די קאַמפּס־אָפּטיילונג אונטער זיין אָנפירונג ווערט שפּעטער אָנגע־שלאָסן אַלס פערטע קאָמפּאַניע פון דעם באַטאַליאָן א. ל. אויף דעם נאָמען פון „האַלאַד", ווֶעמענס פירער ס'איז געווען אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי — „זעמסטאַ".

די אָפּטיילונג איז שוין געווען גוט באַוואָפנט, מייסטנס מיט געווער דעראָבערטן ביים שונא. זיי האָבן אויך געהאַט אַ סך קורץ־אָפּגעשניטענע ביקסן, וועלכע מען האָט געקאָנט טראָגן אונטער די מאַנטלען, ביי ספּע־ציעלע אַקציעס. זיי זענען געווען נישט שלעכט אָנגעטאָן. אַ סך האָבן געהאַט אויף זיך דייטשע מיליטערישע מונדירן און אוניפאָרמען פון עס־עס און געסטאַפּאָ. אַ גרויסער טייל האָט געהאַט פערד צום רייטן.

כיל האָט געהאַט אַן „אייזערנע" האַנט און אַ גרויסן מאָראַלישן כוח, וואָס האָט שטאַרק באַווירקט זיינע זעלנער. אין זיין אָפּטיילונג האָט גע־הערשט אַ שטרענגע מיליטערישע דיסציפּלין. עס זענען געפירט געוואָרן פאַרשידענע מיליטערישע איבונגען און אויך פּאָליטישע לעקציעס אונ־טער דער אויפזיכט פון דעם וואַרשעווער מעטאַל־אַרבעטער הערש רובינ־שטיין, וועלכער איז געווען דער פּאָליטישער לייטער — „קאָמיסאַר" — ביי כילן אין דער אָפּטיילונג.

אין אויגוסט 1943 ווערט הערש רובינשטיין צוזאַמען מיט משה פּלאָמענבאַום־קשעמינסקי אַרויסגעשיקט צו דער סאָוויעטישער פּאַרטיזאַ־נישער אָפּטיילונג אונטער דעם נאָמען „טשערניאַק", וועלכע האָט סטאַ־ציאָנירט אין די בריסקער וועלדער, כדי אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט. זיי טרעפן זיך דאָרט מיט דעם שעף פון די רוסישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען אויף דעם געביט, זאַכאַר פּילימאָנאָוויטש פּאָפּלאַווסקי, און מיט דעם שטאַב־מיטגליד פון „טשערניאַק"־אָפּטיילונג ראָמקאָווסקי — אַ יידישער בחור פון קראָקע, פּסעוודאָנים „אַנטאָן", וועלכע נעמען זיי אויף דורכצומאַכן אַ צווייוואָכיקן קורס פון מינערן.

זיי קומען צוריק מיט אויפרייס־מאַטעריאַל און צינדערס, צוטרעטנ־דיק גלייך צו דער ערשטער אַקציע.

אויף דעם באַפעל פון כילן ווערן זיי אַרויסגעשיקט מיט נאָך צוועלף מאַן צו צעשטערן די באַן־ליניע נישט ווייט פון מילאַנוווּ אויפן טראַקט לוקאָוו — לובלין.

עס איז איבערגעקערט געוואָרן אַ מיליטערישער צוג און עס זענען

פאַרניכטעט געוואָרן עלף וואַגאָנען. דער איבעררייס פון באַן־פאַרקער אויף דער דאָזיקער ליניע האָט געדויערט אַ גאַנצן מעת־לעת.

דער געלונגענער קאַמפּס־טאַט האָט איצט צוגעגעבן מוט צו ווייטער־דיקע זיגרייכע אַקציעס.

# די איראָניע פון גורל

רומפּול איז די געשיכטע פון דער יידישער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיי־לונג. דאָס זענען געווען מענטשן, מיינסטנס אַנטלאָפענע פון די געטאָס אין פולאַווו, קאַזשימיעזש (קוזמיר), מאַרקושעוו און אַנדערע שטעט. מענטשן, וועמען ס׳איז געבליבן אין לעבן בלויז איינס — נקמה נעמען פאַר זייערע אויסגעקוילעטע טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, פרויען און קינדער.

מיט שטאָלץ פלעגט כיל דערציילן וועגן זיי אין די לאַנגע ווינטערדי־קע אָוונטן פון די יאָרן 1946—1947 אין זיין וווינונג אויף דער פּיעטרקאָווער גאַס אין לאָדזש. די צוויי קליינע שטיבלעך, אין וועלכע ער האָט געוווינט נאָך דער מלחמה, זענען געוואָרן דער טרעף־פּונקט פון אַלע פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען נאָר געקומען קיין לאָדזש. זיין גאַסטפריינדלעכקייט, זיין בענקשאַפט צו אַ קאָלעקטיוו לעבן איז אים טאַקע געבליבן נאָך פון די פּאַרטיזאַנישע צייטן. נישט איינמאָל זענען ביי אים פאַרגעקומען געמיינ־זאַמע אָוונטן, טיילמאָל אויך באַשפּריצט, ווי ביי אמתע פּאַרטיזאַנער, מיט אַ „ביטערן טראָפּן"... דעמאָלט האָט מען זיך געטאָן דערמאָנען אין די דורכגעפירטע פאַרשידענע אַקציעס... אין די געפאַלענע חברים... אין דעם לעבן אין די פאַרטשעווער וועלדער...

מאַרקאָ, מאַרקאָ — פלעגט ער גוטמוטיק שאָקלען מיטן קאָפּ און לאַכן, ווען ער האָט מיך געכאַפּט, אַז אַנשטאָט בראָנפן האָב איך אַריינגעגאָסן אין גלעזל וואַסער — ווען דו זאָלסט געווען האָבן אַזעלכע יום־טובים ווי מיר אין בויקי, וואָלסטו היינט אויך געקאָנט טרינקען.

כיל איז אויפגעשטאַנען פון זיין פּלאַץ און גענומען דערציילן. דאָס איז געווען אין מאַי 1944. ווי געוויינלעך האָבן מיר געפייערט דעם ערשטן מאַי, נאָר מיר האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט דער צייט און מיט דער באַפעלקערונג, פאַר וועלכער די טראַדיציע פון דריטן מאַי איז געווען שטאַרק איינגעוואָרצלט; האָט מען דעם יום־טוב אויך געפייערט.

מיר זענען שוין דעמאָלט געווען די פערטע קאָמפּאַניע פון באַטאַליאָן א. ל. „האָלאָד". די יאַטן, וואָס זענען געווען פריי פון דינסט, האָבן צוזאַמען מיט דער דאָרפישער באַפעלקערונג צונויפגעטראָגן בענק, אויפגעבויט

אַ סצענע און זיך גענומען פּאַרוויילן מיט טענץ און געזאַנג. צו דער פייערונג זענען געקומען די אָנפירער פון אונדזערע אָפּטיילונגען, אויך פון די סאָוו־יעטישע, וועלכע האָבן נישט ווייט געלאַגערט. מיטאַמאָל איז די מוזיק שטיל געבליבן, די פּאָרלעך האָבן אויפגעהערט צו טאַנצן, די פּנימער ביי אַלע זענען געוואָרן ערנסט. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געקומען אַ מעלדער פון שכנותדיקן גאַרניזאָן פון א. ק. און איבערגעגעבן, אַז זייערס אַן אָפּטיילונג איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון איבערוועגנדיקע דייטשע כוחות ביים הויף ווולקאַ זאַוויעפּשיצקאַ און בעטן דרינגענדיק, מיר זאָלן קומען צו הילף.

פון זיין פּלאַץ איז דער ערשטער אויפגעשטאַנען דער מאַיאָר „זעמ־סטאַ" און זיך געלאָזט אין מיין ריכטונג. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט.

— דאָמבראָווסקי — האָט ער געזאָגט מיט אַן ערנסטן טאָן — איך וויל, אַז איר זאָלט גיין מיט אייער קאָמפּאַניע... און זיי, די אַקאָווצעס, וועלן ווי איר שלאָגט.

מיר האָט מען נישט געדאַרפט צוויי מאָל איבערחזרן. אין געציילטע מינוטן איז אַלץ געווען אויף די וועגענער און פערד און מיר האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון טייך וויעפּש. עס איז אויך מיטגעפאָרן דער פּאָליטישער אָפיציר — גוסטאַוו אַלעף־באָלקאָוויאַק און דער שעף פון מאַיאָר סקאָטניצקיס אָכראַנע פון שטאַב — קפּט. יאַן ראַק — „זשביק".

מיט דער אָפּטיילונג פון א. ק. האָט אָנגעפירט דער פּאָרוטשניק זביג־ניעוו סטעמפּקאָ, פּסעוודאָנים „זבישעק". ווען מיר זענען צוגעקומען צום הויף, איז זייער לאַגע געווען כמעט אַ האָפענונגסלאָזע. אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, איז זיי געבליבן איינס — צו גיין אויף ווייס געווער און פאַלן ווי עס פּאַסט פאַר פּאַרטיזאַנער.

שוין אין מאַרש האָבן מיר זיך צעטיילט אין דריי גרופּן און זיך צע־שיט אין טיראַליערעס — אַזוי האָבן מיר אָנגעגריפן די דייטשע פּאָזיציעס. דער שונא האָט זיך מיטאַמאָל געפונען צווישן צוויי פייערן... — געדענקסט, ליאָנקע, ווי מיר האָבן דעמאָלט געשלאָגן? — האָט זיך כיל געווענדט צו זיין געוועזענעם אַדיוטאַנט — אַ יונגן שלאַנקן בחור, וועלכער איז אויפ־געצויגן געוואָרן ביי די פּאַרטיזאַנער.

— אָבער געשלאָגן, ווי „גאָט האָט געבאָטן"...

— מיר זענען געווען גוט באַוואָפנט און אונדזער פּלוצעמדיקער קלאַפּ האָט די דייטשן אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט. אין גרויס פּאַניק האָבן זיי

גענומען פאַרלאָזן דאָס שלאַכטפעלד, איבערלאָזנדיק טויטע און פאַרוווּנדעטע.

די אָפּטיילונג פון א. ק. איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. צוזאַמען מיט זייער פירער „זבישעק״ און זיין שטאַב זענען מיר צוריקגעקומען קיין בויקי, ווו דער גאַנצער עולם האָט מיט אומגעדולד אויף אונדז געוואַרט.

ווען דער מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי — „זעמסטאַ״ האָט געמאָלדן, אַז יידן האָבן זיי געראַטעוועט, איז געוואָרן אַ גאַנצער הוראַ און מיר האָבן טאַקע דעמאָלט געמאַכט אַ גוטע כוסה פון בימבער, וואָס די פויערים האָבן אַליין אויסגעאַרבעט.

— יאָ, שלמה־ברודער, וואָלסט אויך דעמאָלט געטרונקען... — כיל איז מיטאַמאָל טרויעריק געוואָרן. — ווו זענען די יאָטן, וואָס האָבן מיט מיר געקעמפט?... — האָט ער געזאָגט ווי צו זיך אַליין. — אַ סך זענען שפּעטער געפאַלן אין פּאַרטיזאַנישע אַקציעס, אַנדערע האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין דער אַרמיי... אָט, זיצט דאָ פון זיי איין ליאָנקע... לאָמיר אויסטרינקען... אפשר וועט דער ווייטיק געלינדערט ווערן...

*

דער קאַפּיטאַן כיל גרינשפּאַן איז שפּעטער אַרויסגעפאָרן אויף מערב מיט אַ וויכטיקער מיסיע. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ער איז געפאַלן פון אַ פאַשיסטישער קויל. דאָס איז אָבער ביז היינט נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן.

# דער ערשטער שפּרונג

פאַרשידן זענען געווען די וועגן פון די פּוילישע ייִדן צו די פּאַרטי־זאַנער. אַ סך זענען געקומען פון די געטאָס, לאַגערן, פון דייטשע תּפיסות. דעם פּאָדפּולקאָווניק אַדאַם קאָרנעצקי, שטאַב־שעף פון דער 1־טער בריגאַדע א. ל. האָט דער גורל געשוינט און נישט געלאָזט פילן דעם טעם פון דערנידעריקונג דורך די היטלעריסטישע בעסטיעס. אָבער נישט לייכט איז געווען זיין לעבנס־וועג. דער טרוים פון זיין טאַטן, משה דעם שוסטער, צו האָבן אַ זון אַ דאָקטאָר איז נישט מקוים געוואָרן. זייער פּרי האָט אַדאַם זיך שוין פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און, אַנשטאַט אויף דעם אוניווערסיטעט, איז ער אָנגעקומען אין תּפיסה. נאָר די תּפיסה איז אויך געווען אַן „אוניווערסיטעט" — זי האָט געלערנט קענען דאָס לעבן, די מענטשן, די וועלט, און דאָ האָט ער אַלץ בעסער און בעסער גענומען פאַרשטיין, אַז כדי צו עקזיסטירן מוז מען קעמפן.

די טויערן פון געפענגעניש האָבן זיך פאַר אַדאַמען געעפנט אין אַ טרויעריקער צייט. די היטלעריסטישע חילות האָבן געהאַט דעמאָלט באַפאַלן אונדזער לאַנד און אַנשטאַט צו קומען אַהיים, צו טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, האָט ער זיך אַנגעשלאָסן אין די רייען פון די פאַרטיידיקער פון וואַרשע. קורץ און פאַרביטערט איז געווען דער קאַמף. די איבערוועגנדיקע קראַפט האָט געזיגט, אָבער אַדאַם רעזיגנירט נישט פון קאַמף. מיט נאָך אַנדערע אַנטיפאַשיסטן קומט ער אויף דער סאָוויעטישער ערד, כדי שפּעטער אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי פאַרצוזעצן די נישט פאַרענדיקטע שלאַכט.

עס דערנענטערן זיך די גרויסע געשיכטלעכע טעג. עס קומען פאַר שלאַכטן, וואָס דעצידירן וועגן גורל פון דער מענטשלעכער קולטור — שלאַכטן ביי סטאַלינגראַד... אַדאַם איז שוין דעמאָלט אַ זעלנער פון דער סאָוויעטישער אַרמיי — אַן אַרטילעריסט.

אין די דאָזיקע שלאַכטן, ווו עס ווערט געקעמפט פאַר יעדער גאַס, פאַר יעדן הויז, פאַר יעדן שטיין, ווו עס פאַלן הונדערטער און טויזנטער טויטע און פאַרוווּנדעטע ביים איבערגיין פון דער שטאָט פון האַנט צו

האַנט, ווערט אַדאַם פאַרווונדעט פון אַ פײַנטלעכן גראַנאַט־שפּליטער אין בויך. ער ווערט געבראַכט אין אַ שפּיטאָל אין קויבישעוו, ווו ער ליגט אָפּ איבער פינף מאָנאַטן.

עס איז שוין דאָס יאָר 1943. אין אַדאַמס לעבן טרעט אַריין אַ נײַע ערע, אַ נײַע פאָרם פון קאַמף קעגן דעם שונא. ער קומט אין אַ סביבה פון מענטשן, וואָס האָבן זיך צונויפגענומען פון אַלע עקן וועלט: פּאָליאַקן, רוסן, יידן, שפּאַניער. עס הערן זיך פאַרשידענע שפּראַכן — אַן אמתער טורעם פון בבל. אָבער איין זאַך צעמענטירט אַלע — דער ווילן צו קעמפן קעגן דעם אכזריותדיקן אָקופּאַנט. ער געפינט זיך אין די ביעלאָמוטער וועלדער, אין שטורעם־באַטאַליאָן, וועלכער איז די באַזע צו שולן פאַר־טיזאַנער, וואָס דאַרפן שפּעטער קעמפן אין הינטערלאַנד פון פײַנט.

גרויס געוויכט איז דאָ געלייגט געוואָרן אויף דער שולונג פון מינערן. דאָס האַרץ און נשמה זענען דאָ געווען די צוויי שפּאַנישע אָפיצירן — דער מאַיאָר גאַרציאַ און פּאָרוטשניק מאַרטינעז. זיי האָבן זיך באַמיט מיט לייב און לעבן איבערצוגעבן די גאַנצע דעראָבערטע מינערישע פּראַקטיק אין דער צייט פון בירגער־קריג אין שפּאַניע.

מיט דער צייט באַקומט אויך אַדאַם זײַער אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, ער ווערט באַשטימט אַלס פאַרטרעטער פון אברהם ביאַלאָסטאָצקי, וועלכער איז געווען דער פירער פון דער אַזוי גערופענער „אויסשפּיר־קאָמפּאַניע".

אין די ווייטע ביעלאָמוטער וועלדער דערוויסן זיי זיך וועגן אויפ־שטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און וועגן דעם גרויסן חורבן פון דעם יידישן פאָלק. די טרויעריקע ידיעות האָבן זיך געלייגט ווי שווערע שטיינער אויף אַלעמענס הערצער. יעדער האָט זיך געריסן וואָס שנעלער צו זײַן אויף דער ליסטע פון די, וואָס דאַרפן אַראָפּגעוואָרפן ווערן צו די פאַר־טיזאַנישע אָפּטיילונגען. יעדער האָט געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען ער וועט מיט געווער אין האַנט נעמען נקמה פון שונא.

עס איז אַפּריל 1944. אויף דעם געביט פון ראַטנפאַרבאַנד אַנטשטייט אַ פּוילישער פאַרטיזאַנער־שטאַב מיט דעם גענעראַל אַלקעסאַנדער זאַוואַדזקי אין דער שפּיץ. דאָס זיץ־אָרט איז ראָוונע. איין חודש שפּעטער הייבט דער שטאַב אָן זײַן נאָרמאַלע טעטיקייט. זײַנע אויפגאַבן זענען: באַזאָרגן געווער פאַר די שוין טעטיקע פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, שאַפן נײַע גרופּן מיט דער הילף פון צוגעשיקטע אינסטרוקטאָרן פון שטורעם־באַטאַליאָן, וועלכער וועט פון איצט אָן אונטערליגן דעם ניי־אָרגאַניזירטן שטאַב.



אַדאַם קאָרנעצקי

עס הייבט זיך אָן אַ זייער ענערגישע טעטיקייט. פון מאַי 1944 ביז סעפּטעמבער 1944 ווערט אַריבערגעוואָרפן איבער דער פראָנט־ליניע צוויי הונדערט איין און צוואַנציק (221) אָפיצירן, אונטעראָפיצירן און זעלנער, וועלכע זענען אויסגעשולט געוואָרן אין שטורעם־באַטאַליאָנען. אויך די קאָמפּאַניע פון אַדאַמען האָט שוין געגעבן עטלעכע גרופּן פון אינסטרוקטאָרן פאַר די פּאַרטיזאַנער פון ראַדאָמער און קעלצער ראַיאָן.

נאָר נישט לייכט איז געווען מיט דעם שפּרינגען. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט וואַגן אויף דעם ערשטן שריט. אַדאַם אַליין האָט אויך נישט געוווסט ווי עס וועט אויסזען מיט אים, ווען עס וועט קומען זיין ריי. קיינמאָל אין זיין לעבן האָט זיך אים אַפילו נישט געחלומט, אַז ער וועט אַמאָל דאַרפן שפּרינגען פון אַן עראָפּלאַן. פאַר דער קריג האָט ער פון דער נאָענט אַפילו קיין עראָפּלאַן נישט געזען.

איז די אָנפירונג געפאַלן אויף אַ כיטרען פּלאַן — אָנהייבן פון די אָפיצירן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז געקומען אַ באַפעל: „דער גאַנצער אָפיצירן־קאָרפּוס שטעלט זיך אַכט אַזייגער פרי גרייט צום שפּרינגען. די איבונגען ווערן פאָרקומען אין דער אָנוועזנהייט פון גאַנצן שטורעם־באַטאַליאָן, ווי אויך פונעם שעף פון פּאַרטיזאַנישן שטאָב — גענעראַל אַלעקסאַנדער זאַוואַדזקי".

עס איז אַ פּראָסטיקער פרימאָרגן. מיט די פאַלשירעמס אויף די פּלייצעס מאַרשירן אַלע צו אַ גרויסער וואַלד־לאָנקע, וווּ עס געפינט זיך דער איבונגס־באַלאָן.

אויסגעשטעלט אין אַ פירעק, וואַרטן אַלע אויף ווייטערדיקע באַפעלן.

עס באַגריסט גענ. אַלעקסאַנדער זאַוואַדזקי.

אַדאַם באַשליסט איצט פעסט צו שפּרינגען פאַר יעדן פּרייז...

די ערשטע פיר אָפיצירן זענען שוין אויף דער הייך פון פינף הונדערט מעטער. עס פאַלט אַ שניי, אַרום זעט מען זייער שלעכט.

אַלע שטייען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם... מיטאַמאָל באַך!...

עס פליט איינער. אַלע פאַררייסן די קעפּ. דער צווייטער, דער דריטער, דער פערטער...

נאָר אַלע פליִען מיט צוויי פאַלשירעמס. צי איז דאָס פאַר מורא, טאָמער וועט זיך איין פאַלשירעם נישט עפענען, האָבן זיי זיך גלייך פאַר־זיכערט מיט אַ רעזערוו־שירעם?

עס קומט די ריי אויף אַדאַמס גרופּע. זיי שטייגן איין. אַדאַם איז דער לעצטער... דער באַלאָן הייבט זיך לייכט... ווען זיי איבערשטייגן אומגעפער

הונדערט מעטער ווערן זיי איינגעהילט אין אַ נעפּל. די גאַנדאַלע הייבט זיך אַלץ העכער... די צייט ציט זיך ווי אַן אייביקייט...

— סטאָפּ! הערט זיך מיטאַמאָל דער באַפעל פון אינסטרוקטאָר.

אַרום איז פינצטער .עס טראָגט זיך אַ רויש פון אַ ווינטל.

דער ערשטער שפרינגט אַ פּלוטאָנאָווי. ער מאַכט אַ שריט פאָרויס, קוקט אַראָפּ און מאַכט אַ באַוועגונג ווי ער וואָלט זיך ווערן צוריקציען, נאָר דער אינסטרוקטאָר קען זיך שוין אויף דעם און גיט אים אַ שטופּ, אַז ער האָט אַפילו נישט די מעגלעכקייט אַ וואָרט אויסצורעדן און פליט ווי אַ שטיין אַרונטער.

אַדאַמס אויסרעכענונגען צו זיין דער לעצטער זענען נישט געווען קיין איינגעגעבענע. ער בלייבט אין אַ ליידיקער גאַנדאַלע, וואָס וויגט זיך, ווי זי וואָלט געהאָנגען אויף אַ פאָדעם. ער האָט קוים באַוויזן צוצוגיין צו דער שוועל, ווי די גאַנדאַלע האָט זיך געגעבן אַ וואַקל און ער איז שוין געפלויגן ווי אַ שטיין צו דער ערד...

עס איז דער 17 יוני 1944. אַדאַם גרייט זיך אַראָפּגעוואָרפן צו ווערן צו די פּאַרטיזאַנער אויף קעלצער געביט. מיט אים איז באַשטימט אַ גרופּע פון צוואַנציק מאַן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך זיינע צוויי נאָענטע חברים — בערנאַרד שוואַרץ, פּסעוודאָנים „יוזעק" און הערש קוואַשניעווסקי. דער פירער פון דער גרופּע איז דער קאַפּיטאַן טעאָדאָר דודאַ.

פאַר דעם אָפּפלי קומט זיי געזעגענען דער גענעראַל זאַוואַדזקי. נאָך דער טראַדיציאָנעלער דעפילאַדע, וועלכע קומט פאַר אין אַזעלכע פאַלן — האָט ער אַריינגערופן דודאַן און אַדאַמען אין דער קעגנוואַרט פון פּאָליטישן פּאַרטרעטער פון באַאַן, דעם פּאָרוטשניק סטעפאַן האַלפערן־האַליצקי, אין קורצע ווערטער געגעבן אָנווייזונגען וועגן דער לאַגע אינעם געביט, אויף וועלכן זיי דאַרפן קומען.

— אַדאַם! — האָט ער זיך געווענדט צו אים — מיט דער גרופּע פון דיין קאָמפּאַניע איז געשען אַן אומגליק. איר פירער לעבט נישט, דער פאַלשירעם האָט זיך נישט געעפנט...

אַלע האָבן זיך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ווי זיי זאָלן דערמיט וועלן אָפּגעבן כבוד דעם געפאַלענעם חבר...

נישט אַלע איז געלונגען צו קומען צום ציל. ביים איבערשניידן די פראָנט־ליניע זענען זיי גענומען געוואָרן אין אַ געוואַלדיקן פייער פון אַרטילעריע. דער עראָפּלאַן, אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען דער קאַפּיטאַן דודאַ, האָט זיך געמוזט צוריקקערן.

עס איז געווען אַ שיינע זומערדיקע נאַכט, ווען אַדאַם האָט געלאַנדעט אויף דער קעלצער ערד. אַ מאָדנע געפיל האָט ער דעמאָלט איבערגעלעבט — פרייד און גלייכצייטיק שרעק. מיטן געווער גרייט אין האַנט, האָט ער גענומען גיין פאָרויס נישט וויסנדיק אַפילו אין וועלכער ריכטונג. אַרום איז שטיל. עס הערט זיך בלויז דאָס רוישן פון אַן עראָפּלאַן, איינער פון די, וואָס האָט זיי דאָ אַראָפּגעוואָרפן, און פליט צוריק אויף מזרח. ווי פון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן אַ שטיקעלע פויעריש פעלד מיט קאָרן... אַ קליין טייכל... ער איז געבליבן אַ ווײַלע שטיין און געקוקט אויף דער קרישטאָלענער פלאַך פון דעם וואַסער, און דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק צו נאָגן. ער האָט זיך דערמאָנט אין זיין היים, זיין געבוירן־אָרט — סאַרניקי... דאָס בילן פון אַ הונט האָט אים אויפגעוועקט פון זיין טרוים. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס מוז זיין נישט ווייט אַ דאָרף. און ער האָט זיך געלאָזט ווייטער זוכן די אָרגאַניזאַטאָרן פון די פייער־צייכנס פאַר דער לאַנדונג. ער האָט אָנגעהויבן פון דעם אָפּגערעדטן סיגנאַל און געגעבן דריי פייפן — איין לאַנגן און צוויי קורצע און ער האָט פון גאָר נאָענט באַקומען אַן ענטפער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און קיינעם נישט געזען. ער האָט נאָך אַמאָל געפייפט — דאָס זעלבע... מיטאַמאָל האָט ער דערזען אויף אַ הויכער סאָסנע אַ פאַרטשעפּעטן פאַל־שירעם. ער האָט שנעל איבערגעלאָזט זיינעם — און געלאָפן ראַטעווען זיין „געפאַנגענעם" חבר. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען אַרטיעמיעוו, פּסעווד. „קאַזשיק".

באַגראָבן די פאַלשירעמס, האָט ער צוזאַמען מיט „קאַזשיקן" זיך געלאָזט צו דעם נישט ווייט ליגנדיקן דאָרף. זיי זענען אַריין אין ערשטן קליינעם הייזל.

— אַ גוטן אָוונט! — האָבן זיי באַגריסט אויף פּויליש.

— אַ גוטן אָוונט! — האָבן אַלע געענטפערט ווי אין אַ כאָר קוקנדיק מיט גרויס פאַרוווּנדערונג אויף זייערע היטלען מיט די פּוילישע אָדלערס.

מען האָט זיי פאַרבעטן צום אָוונטברויט און עס האָט זיך גלייך אָנ־געהויבן אַ שמועס וועגן קריג, דייטשן, ענגלענדער, אָבער פול מיט נישט דערזאָגטע ווערטער...

— זענט איר, הייסט עס, פון רוסישן מיליטער? — רופט זיך אָן דער באַלעבאָס.

— ניין, פון פּוילישן.

— און דאָ האָט מען דערציילט, אַז רוסן און יידן האָבן זיך איבער־געטאָן אין פוילישע מונדירן.

— און ווי קלערט איר? — האָט געזאָגט מיט אַ שמייכל „קאָזשיק".

— יאָ, יאָ, מיר זעען דאָך, אַז איר זענט פּאָליאַקן, נאָר עפּעס אַזעלכע מאָדנע אָדלערס האָט איר אויף די היטלען...

— וואָס הייסט מאָדנע?

— אָן אַ קרוין — האָט זיך אַריינגעמישט אַ יונג מיידל.

— אמת, אָן אַ קרוין... אַ פּיאַסטאָווסקע אָדלער... פּילסודסקיס שיסער פון יאָר 1914 האָבן אויך געטראָגן אַזעלכע אָדלערס.

דאָס געביט, אויף וועלכן זיי האָבן זיך געפונען, איז געווען באַהערשט פון אָפּטיילונגען, וואָס זענען אונטערגעליגן דער אָנפירונג פון א. ק. און דער קרייז מאַריאַן סאָלטישיאַקן, פּסעוודאָנים „באַראַבאַש". ער אַליין איז צו די אָפּטיילונגען פון א. ל. נישט געווען שלעכט געשטימט, אָבער וועגן אַ געמיינזאַמער אַקציע האָט ער נישט געוואָלט הערן. — „איך בין אַ דיסציפּלינירטער זעלנער — פלעגט ער זאָגן — איך פיר אויס די באַפעלן פון מיינע עלטסטע..."

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיי שוין געהאַט דעם קאָנטאַקט מיטן קאַפּיטאַן הענריק פּאָלאָווניאַק, פּסעוודאָנים „זיגמונט" — דער פירער פון די אָפּטיילונגען פון א. ל. אויף דעם געביט.

זיי האָבן זיך גלייך אַלע אָנגעשלאָסן אין זייערע גרופּן, וועלכע זענען זיך שפּעטער צעוואָקסן אין אַ בריגאַדע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „קעלצער ערד".

# דער קאַמף הינטער דעם דאָרף גרושקאַ

דאָס יאָר 1944 וועט אַריין אין דער געשיכטע פון פּאַרטיזאַנישע קאַמפן אַלס איינס פון די שווערסטע, מיט אַקציעס פון גרעסטן מאַסשטאַב. די פראָנט־ליניע האָט זיך מיט יעדן טאָג גערוקט אַלץ ווייטער און ווייטער אויף מערב. דערמיט האָבן זיך אויך פאַרגרעסערט די אויפגאַבן פאַר די פּאַרטיזאַנער און זייערע אַקציעס, כדי צו שטערן דאָס צוריקציִען זיך פון די דייטשע חיילות.

אַ וויכטיקן באַדייט האָט איצט געהאַט דאָס קעלצער געביט, צוליב די גרויסע וועלדער, וואָס האָבן זיך געפונען אויף זיין שטח. דאָ האָט זיך געשאַפן אַ גרויסע פּאַרטיזאַנישע באַזע, פון וועלכער עס זענען געמאַכט געוואָרן טאָג־טעגלעך אָנגריפן אויף היטלעריסטישע אָפּטיילונגען, גאַרני־זאָנען און פּאָליציי־וואַכן. גרויס אַכט איז געלייגט געוואָרן אויף פאַרשידענע דיווערסיע־ און סאַבאָטאַזש־אַרבעטן.

אַ שטח פון אומגעפער צען קוואַדראַט־קילאָמעטער איז געווען באַ־הערשט פון די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. דאָרט האָבן די דייטשן קיין פוס נישט געוואַגט אַריינצושטעלן. דאָך איז געקומען אַ טאָג, ווען זיי האָבן באַשלאָסן זיך אָפּצורעכענען. די פּאַרטיזאַנער אָבער זענען אויך נישט געשלאָפן און אַזאַ מעגלעכקייט פאַרויסגעזען.

דעם 26 סעפּטעמבער האָבן זיי גערופן אַ באַראַטונג, כדי אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן פון פאַרטיידיקונג, פאַר אַן עווענטועלן איבערפאַל מצד גרעסערע היטלעריסטישע אָפּטיילונגען.

דאָס איז געווען דעם 29 סעפּטעמבער 1944, אין דרויסן האָט ערשט קוים געטאָגט, ווען צוויי רייטער זענען געקומען אין זייער קוואַטיר און געמאָלדן, אַז אומגעפער דריי קילאָמעטער פון דער באַזע אויף מערב זאַמלען זיך גרויסע אָפּטיילונגען פון דייטשן מיליטער מיט טאַנקען און פאַנצער־וואָגנס. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז דאָס געווען די פאַנצער־דיוויזיע עס־עס „וויקינג" און צוויי דיוויזיעס עס־עס־אינפאַנטעריע.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין ראַיאָן פון דאָרף גרושקאַ. צוליב אַ סך סיבות האָבן זיי זיך דאָרט פאַרהאַלטן. — ערשטנס,

האָט די ערשטע בריגאַדע „קעלצער ערד” נאָך נישט געהאַט קיין אייגענע ראַדיאָ־סטאַציע און באַנוצט זיך מיט דער ראַדיאָ־סטאַציע פון דער צווייטער בריגאַדע „שוויט”. צווייטנס, האָבן זיי געוואַרט אויף געווער און אַמוניציע, וואָס האָט געדאַרפט אָנקומען פון פוילישן פאַרטיזאַנער־שטאַב פאַר די נייַ־מאָביליזירטע פאַרטיזאַנער, און דער ראַיאָן איז געווען צוגעפּאַסט פאַר אָפּנעמען „וואָרפן” און פאַר לאַנדן פון עראָפּלאַנען, וואָס פלעגן קומען נאָך די שווער־פאַרוווּנדעטע אָפּיצירן און זעלנער, ווייל דאָ זענען נישט געווען קיין מעגלעכקייטן דורכצופירן בלוט־טראַנספוזיעס אָדער גרעסערע אָפּעראַציעס.

דער בריגאַדע־פירער העגריק פּאָלאָווניאַק האָט גלייך אַרויסגעשיקט אויף פערד אויסשפּירער אין אַלע ריכטונגען, כדי פעסטצושטעלן די געשאַפענע לאַגע. ליידער זענען זיי צוריקגעקומען מיט די זעלבע טרויעריקע ידיעות. עס איז גערופן געוואָרן אַ קורצע באַראַטונג פון דער אָנפירערשאַפט פון די בריגאַדן, כדי צו אַנאַליזירן די באַשלוסן פון דעם אויסגעאַרבעטן פאַרטיידיקונגס־פּלאַן.

דער אויספּיר איז געווען — אויפנעמען דעם קאַמף און זיך האַלטן ביז צום צופאַלן פון דער נאַכט און דאַן, אויסנוצנדיק די טונקלקייט, אָנהייבן זיך אַרויסציִען פון דעם רינג.

יעדע בריגאַדע האָט באַקומען איר פאַרטיידיקונגס־אָפּשניט. מען איז גלייך צוגעטראָטן אונטערצומינירן אַלע בריקן, וועגן און סטעזשקעס. די אָנפירונג איבער אַלץ האָט איבערגענומען דער מאַיאָר פּאָלאָווניאַק, פסעוודאָנים „זיגמונט”, און דער שטאַב־שעף אַדאַם קאָרנעצקי איז באַשטימט געוואָרן אַלס ערשטער פאַרטרעטער. דער צווייטער פאַרטרעטער איז געווען דער פירער פון דער צווייטער בריגאַדע א. ל. „שוויט”, דער קאַפּיטאַן טאַדעאוש מאַי, פסעוודאָנים „לאָקיעטעק”.

נאָך אין די פרימאָרגן־שעהן האָבן די דייטשן אָנגעהויבן זייער אָנגריף, מיט אַ קאַנאָנאַדע פון אַרטילעריע, דערנאָך געגומען רוקן פאָרויס די טאַנקען, הינטער וועלכע עס האָבן זיך געדעקט די עס־עס־אינפאַנטעריע. זייער פאָרזיכטיק האָבן זיך די „העלדן” צו מאָרדן קינדער און זקנים, דערלויבט אַרויסצורוקן פון הינטער די אייזערנע וואָגנס. פאַר גרעסערער פאַרזיכערונג האָט זיי נאָך באַגלייט אַ פייער פון מערזער און קוילנוואַרפער. די פאַרטיזאַנער האָבן זיי דערלויבט צוצוקומען נעענטער צו זייערע פּאָזיציעס.

נישט קיין שלעכטער איז געווען דער „קבלת־פנים". אַ פייער פון אַלע מינים געווער: האַנט־מאַשין־ביקסן, שווערע מאַשין־ביקסן, מערזער, קעגנ־טאַנק־וואָפן — אַלץ האָט געשפּיגן מיט אַ רעגן פון צעגליטן בליי. אויך די פּאַרטיזאַנישע סנייפּער האָבן דערפילט זייער חוב, אויפכאַפּנדיק פון צווישן די טאַנקען די סילועטן אין פעלד־גרויע מונדירן. עס האָט זיך געטראָגן אַ וואָלקן שטויב און רויך געמישט מיט שטיקער ערד, געשליי־דערטע דורך די אויפרייסן פון גראַנאַטן. די פּאַרטיזאַנער האָבן העלדיש אויפגענומען די פאַרטיידיקונג, געצווונגען די שטאָלענע מחבלים זיך צוריק־צוציִען, איבערלאָזנדיק איינעם אין פלאַמען.

אין דער זעלבער צייט איז געקומען אַ מעלדונג, אַז אַ לאַווינע פון טאַנקען און פּאַנצער־וואַגנס האָבן גענומען אָנגרייפן פון דרום, אין ראַיאָן פון לאָפּושנאָ — דעם אָפּשניט, וועלכן עס האָט געשיצט דער צווייטער באַטאַליאָן פון דער ערשטער בריגאַדע אונטער דער אָנפירונג פון „גוראַלן".

דער קאַמף איז דאָרט געווען אַ פאַרביסענער. נאָר ביי די זעלנער איז דער מוט נישט געפאַלן. יעדער ווילט בעסער אויס דעם טויט, איידער זיך אונטערצוגעבן דער היטלעריסטישער בעסטיע. עס האָט נישט געדויערט לאַנג, ווי עס איז געקומען אַ פאַרבינדלער פון „גוראַלן" מיט אַ בריוו: „די לאַגע איז אַ שווערע. איך בעט הילף פון קעגנטאַנק־וואָפן (רושניצעס). די זעלנער קעמפן העלדיש קעגן דעם פילפאַכיק שטאַרקערן שונא. מיר האָבן טויטע און פאַרוווּנדעטע".

גלייך איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פיר רושניצעס קעגן פּאַנצער־מאַ־שינען מיט אַ גוט־אויסגעשולטער מאַנשאַפט. די יאַטן האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס און געעפנט אַ געשלאָסן פייער אויף די דייטשע טאַנקען. אין עטלעכע מינוטן אַרום האָט איין טאַנק גענומען רויכערן. באַלד האָבן זיך אַריינגעריסן פונעם לינקן פליגל דריי טאַנקען אויף אַ פאַרמינירט פעלד און איינער איז געפלויגן אין דער לופטן. די עס־עס־לייט האָבן גענומען אַנטלויפן, אָבער די פּאַרטיזאַנישע קוילן האָבן זיי דעריאָגט. קיין איינעם פון זיי איז נישט געלונגען צו אַנטרונען.

דער קאַמף האָט נישט אויפגעהערט. ער איז עקשנותדיק פאַרגעזעצט געוואָרן אויף אַלע אָפּשניטן. די דייטשן האָבן געוואָרפן אויף דער ליניע אַלץ נייע און נייע כוחות... דער מאַיאָר פּאַלאָווניאַק האָט אַרויסגעשיקט אַ ראַדיאָגראַם צו דער אָנפירונג פון דער פוילישער אַרמיי, וועלכע האָט שוין דעמאָלט זיך געפונען אין לובלין, מיט אַ ביטע אונטערצושטיצן מיט

עראָפּלאַנען, אָנגעבנדיק גענוי די אייגענע פּאָזיציעס, ווי אויך די פּאָזיציעס פון די דייטשן.

צו מיטאָג־צייט האָט די פיינטלעכע אַרטילעריע גענומען באַשיסן די דערפער גרושקאָ און יוזשוויקוווּ, וווּ עס האָט זיך געפונען דער שטאַב און די סאַניטאַר־פּונקטן. ביידע דערפער זענען געוואָרן אַרומגעכאַפּט פון פלאַמען. די פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַלטן אין פאַררייסן די קעפּ צום הימל, אַרויסקוקנדיק אויף דער הילף פון די עראָפּלאַנען, גלייכצייטיק האָבן זיי שוין געגאַרט, עס זאָל וואָס שנעלער צופאַלן די נאַכט — דער בעסטער פאַרבינדעטער אין אַזאַ שווערער לאַגע.

די עס־עס איז אַריבער אין אַ שטורעם־אָנגריף. מיט ווילדע אויס־געשרייען „הוראַ! הוראַ!" האָבן זיי זיך צוגעגעבן מוט. זיי זענען געוואָרן אָפּגעשלאָגן, אָבער די פּאַרטיזאַנער האָבן באַצאָלט מיטן בלוט פון די בעסטע. עס ברענען שוין אויך אַרום די דערפער: סאַרביצע, מולאַזשווו, שאַסטאַקי און אַנדערע.

די לאַגע איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן געפערלעכער. די דייטשן האָבן געוואָרפן גאַנצע קאָמפּאַניעס שיכורע עס־עס־לייט. ערטערווייז איז זיי געלונגען מיט קלינעס זיך אַריינצורייסן אין די פּאַרטיזאַנישע פאַר־טיידיקונגס־ליניעס. עס איז געקומען צו קאַמפן אויף ווייס געווער...

עס איז כדאַי אונטערצושטרייכן, אַז צווישן די געפאַנגענע דורך די פּאַרטיזאַנער זענען געווען וולאַסאָווצעס, איבערגעטוענע אין דייטשע מונ־דירן. די זעלבע זענען געקומען צו די פּאַרטיזאַנער אינדערפרי, אַלס כלומרשטע פּויערים פון דאָרף שאַסטאַקי, כדי איבערצוגעבן מעלדונגען וועגן די דייטשן...

טראָץ דעם פאַרביסענעם ווידערשטאַנד געלינגט דעם שונא צו פאַר־נעמען די דערפער גרושקאָ און יוזשוויקוווּ. דערמיט איז די פּאַרטיזאַנישע פאַרטיידיקונגס־ליניע איבערגעשניטן געוואָרן אויף צוויי טיילן. די דייטשן האָבן איצט געפירט זייער אָנגריף אויפן צפון־טייל פון וואַלד, וווּ עס האָבן זיך געפונען איצט די הויפּט־כוחות פון די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען.

אויף דעם פאָרפעלד יאָגן די פּאַנצער פון וואָפן עס־עס „וויקינג" מיט די לופעס ווי מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער, גרייט איינצושלינגען און פאַרניכטן אַלץ, וואָס זיי וועלן נאָר אָנטרעפן אויפן וועג. די סאַניטאַר־פּונקטן זענען איבערפולט מיט פאַרוווּנדעטע. אַרום זעט מען בלויז אַ ים מיט פייער. עס פאַלט אויך פאַרווונדעט אַ באַגאַסענער מיט בלוט מאַיאָר פּאַלאָווניאַק...

ערשט פאַרנאַכט האָבן זיך באַוויזן אויפן האָריזאָנט די דערוואַרטע עראָפּלאַנען. זיי האָבן אַ לענגערע צייט געקרייזט איבער דעם שלאַכטפעלד, נאָר נישט געקאָנט געבן קיין הילף. עס איז נישט מעגלעך געווען מיט זיי אָנצוקניפּן אַ וועלכן ס׳איז קאָנטאַקט, כדי צו ווייזן, ווו עס געפינען זיך די פּאַרטיזאַנישע און ווו די פיינטלעכע פּאָזיציעס. די צעשניטנקייט פון דער פאַרטיידיקונגס־ליניע האָט אַריינגעפירט אַ צעמישונג אין דער לאַגע.

דער שונא האָט אַ ביסל איינגעשטילט זיין פייער מיט צופאַלן פון דער נאַכט. אויסנוצנדיק די געלעגנהייט, האָבן די פּאַרטיזאַנער געמאַכט אַ באַראַטונג מיט די פירער פון די אָפּטיילונגען און באַשלאָסן דורכצורייסן זיך דורך דעם געביט פון דאָבזשעשוווּ, אין די סוכאָדניעווער וועלדער אַריין. גלייכצייטיק איז באַשטימט געוואָרן צו אָרגאַניזירן פון די בעסטע פּאַרטיזאַנער אַ „שטורעם־באַטאַליאָן״, וועלכער וועט איבערשניידן דעם דייטשן רינג. אַלס פירער פונעם באַטאַליאָן איז באַשטימט געוואָרן דער קאַפּיטאַן „אָרקאַן״ און דער אָנפירער פון דער „שלאַג־גרופּע״ — פּאָרוטשניק „מיכאָרעק״.

עס איז מיטן נאַכט. ווי אויף צו־להכעיס איז אַן אויסגעשטערנטער הימל און די לבנה שיינט, ווי זי וואָלט געווען פאַרבונדן מיטן שונא. די פּאַרטיזאַנער פון „שטורעם־באַטאַליאָן״ גייען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, קלאַמערנדיק אין זייערע הענט די מאַשין־ביקסן און גראַנאַטן. זיי דערנעענטערן זיך צו די דייטשע ליניעס... מיטאַמאָל ווערט ליכטיק ווי אין מיטן העלן טאָג. רעפלעקטאָרן און ראַקעטן באַלייכטן דאָס גאַנצע פעלד. דער שונא נעמט זיי אויף מיט אַ הוראַגאַן פייער פון מאַשין־ביקסן און מערזער... זיי בלייבן נישט שולדיק, נישט מער וואָס די פּאַר־טיזאַנער געפינען זיך אויף פייכטע לאָנקעס און די היטלעריסטן אין אויסגעבויטע שוצגרובנס. ס׳איז נישט קיין גלייכער קאַמף. צווישן די פּאַרטיזאַנער זענען שוין פאַראַן אַ סך טויטע און פאַרווונדעטע און זיי זענען געצוווּנגען זיך צוריקצוציִען און רעזיגנירן פון דעם אָפּשניט.

אומגעפער דריי ביינאַכט האָבן זיי גענומען אַ גאַנץ פאַרקערטע ריכטונג, מאַרשירנדיק אויף צפון צום דאָרף מולאַזשווו. דאָ געלינגט איבערכיטרעווען די היטלעריסטן און איבערשניידן די ליניע אָן שום פאַרלוסטן. בלויז די לעצטע גרופּן זענען באַשאָסן געוואָרן, אָבער גלייך איז אַריין אין קאַמף דער „שטורעם־באַטאַליאָן״. מיט אויסגעשרייען „הוראַ!״ האָט מען זיך געוואָרפן אויף די דייטשע שוצגרובנס, באַוואַרפנדיק זיי מיט אַ האָגל פון גראַנאַטן. עס קומט ווידער צו אַ קאַמף אויף ווייס געווער, נאָר די איניציאַטיוו גייט

אַריבער אין די הענט פון די פּאַרטיזאַנער. די עס־עס הייבט אָן פון דעם אָפּשניט צו אַנטלויפן, איבערלאָזנדיק אין די צענדליקער טויטע און פאַרוווּנדעטע, אויך זייער אַ סך געווער, אַמוניציע און אַנדערע מיליטערישע מכשירים. דער וועג איז פאַר די פּאַרטיזאַנער געוואָרן פריי...

דעם דרייסיקסטן סעפּטעמבער האָבן די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען דערגרייכט די קאָנעצקער וועלדער, ווו מען האָט זיך פאַרהאַלטן איבער־צוכאַפּן דעם אָטעם און באַנדאַזשירן די וווּנדן. דעם צווייטן טאָג איז געקומען אַ באַפעל צו מאַרשירן צו די סוכאָדניעווער וועלדער...

דאָ האָט געגעבן אַ גרויסע הילף דער פּאַרטיזאַנער יולעק קאַניעווסקי— אייזענמאַן מיט זיין אויסשפּיר־גרופּע. אַליין האָט ער געשטאַמט פון ראַדאָם און געקענט דאָ יעדעס שטעגל און וועגל. יולעק האָט אָרגאַניזירט אַן אָפּטיילונג פון יידן אַנטלאָפענע פון געטאָס און שפּעטער געוואָרן דער אָנפירער פון דער „ספּעציעלער אויסשפּיר־גרופּע" אין דער בריגאַדע „קעלצער ערד".

די דאָזיקע גרופּע האָט איצט געגעבן די „ערשטע הילף" אין באַנדאַזשן, מעדיקאַמענטן און לעבנס־מיטלען.

ווי ס'איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, זענען די פאַרלוסטן פון די עס־עס געווען אין די הונדערטער טויטע און פאַרוווּנדעטע. עס איז אויך געווען אַ מיינונג, אַז דער אָנפירנדיקער גענעראַל אַליין איז געפאַלן אין דעם קאַמף. עס זענען פאַרניכטעט געוואָרן פיר טאַנקען, איין פּאַנצער־וואָגן, איין מאַשין מיט צוויי העכערע אָפיצירן זענען געפלויגן אין דער לופטן פון אַ מינע הינטערן דאָרף מולאַזשווו. פינף האַרמאַטן, עטלעכע מערזער און רעפלעק־טאָרן צו באַלייכטן דאָס קאַמפּס־פעלד.

אויך די פּאַרטיזאַנער האָבן געהאַט גרויסע פאַרלוסטן — עטלעכע און דרייסיק טויטע און איבער הונדערט פאַרוווּנדעטע. זיי האָבן אויך פאַרלוירן אַ גרויסן טייל פון טאַבאַר.

די פּאַרטיזאַנער פון א. ל. אויף דעם געביט זענען געווען דאָס הינטער־פעלד פאַר דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט געפירט איר אָפענסיווע אויפן מיטעלן אָפּשניט פון דער ווייסל קעגן דער פערטער היטלעריסטישער פּאַנצער־אַרמיי.

# דער פּאַרטיזאַנער בערנאַרד שוואַרץ פּסעוודאָנים „יוזעף"

דער לעמבערגער בחור בערנאַרד שוואַרץ, פּסעוודאָנים „יוזעק" איז געקומען פונעם „שטורעם־באַטאַליאָן" צו די פּאַרטיזאַנער אין די שוויענ־טאָקשיסקער וועלדער און איז גלייך געוואָרן דער „דירעקטאָר" פון דער מינערישער אַרבעט. גלייכצייטיק איז ער געווען דער פּאַרטרעטער פון דעם קאָמפּאַניע־פירער „גוראַל" און זיך פאַרנומען מיט אויסשפּיר־פּראַגן.

יוזעק איז אָבער נישט געווען בלויז קיין לערער. ער האָט אַליין אָנ־טיילגענומען אין אַ סך אַקציעס — אַזוי גערופענע „קאָלעיוווקי". פיל מאָל געוואָרן אויסגעצייכנט פון דער אָנפירונג פאַר זיין העלדישער האַלטונג און ביישפּיל פאַר אַנדערע ביי דורכגעפירטע גרויסע אונטערנעמונגען.

ספּעציעל וויכטיק איז געווען די דאַטע פון 24 סעפּטעמבער 1944. די אָנפירערשאַפט פון דער בריגאַדע א. ל. „קעלצער ערד" האָט אויס־געאַרבעט אַ פּלאַן אויפצורייסן די דריי גרויסע בריקן פון מאלא־סילפּיא אין קאָנסקער ראַיאָן. דורכצופירן די אַקציע איז אָנפאַרטרויט געוואָרן דעם מינער, פּאַרטיזאַנער בערנאַרד שוואַרץ.

ס'איז געווען אַ טריבער נאָכמיטאָג. דער פּאַרטיזאַנער „יוזעק" אין דער שפּיץ פון אַ פּלוטאָן באַוואָפנטע מיט מאַשין־פּיסטאָלעטן, פינף האַנט־מאַשין־געווער (ר.ק.מ.), צוויי קעגנטאַנק־האַרמאַטלעך (רושניצעס) און איין קוילנוואַרפער האָט זיך געלאָזט אין וועג.

נישט ווייט פונעם ציל האָט מען זיך געשטעלט. שוואַרץ אַרויסגעשיקט אין דרו־זשינע, כדי אויסצושפּיאָנירן דעם שונא. נישט ווייט פון איר האָט זיך גערוקט די צווייטע דרוזשינע, אויסגעשטאַט מיט אויפרייס־מאַטעריאַל און מינעס. די בריקן זענען געווען באַוואַכט פון צווייפאַכיק שטאַרקערע קרעפטן, געשיצטע אין בונקערס.

אַרום האַלבער נאַכט איז די פּאַרטיזאַנער געלונגען צוצוריקן זיך צו דער ערשטער בריק און זיי האָבן גענומען פאַרלייגן די מינעס. זיי זענען אָבער באַמערקט געוואָרן פון שונא און גענומען געוואָרן אונטער אַ האָגל

פון קוילן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ טויטן־טאַנץ ביים ליכט פון דייטשע ראַקעטן און רעפלעקטאָרן... אויך די זעלנער פון א. ל. זענען נישט געבליבן הינטערשטעליק. זייער ציל זענען געווען די בונקערס און זיי האָבן גענומען זיי באַשיטן מיט גראַנאַטן. אינצווישנצייט האָבן די מינער אָפּגעטאָן זייער אַרבעט, און איינע פון די בריקן איז געפלויגן אין דער לופטן.

אויך אין די פּאַרטיזאַנישע רייען זענען געווען פאַרלוסטן. עס איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן דער פירער פון דער אויסשפּיר־גרופּע, דער פּאָדפּאָרוטשניק „באָציאַן", וועלכן די זעלנער האָבן טראָץ דעם שטאַרקן פייער אַרויסגעטראָגן פון שלאַכטפעלד...

דער קאַמף האָט נישט אויפגעהערט. די דייטשן האָבן באַקומען פאַר־שטאַרקונגען. אָבער יוזעק האָט געוואָלט הונדערטפּראָצענטיק אויספירן דעם באַפעל... עס גרעגערן מאַשין־ביקסן פון אַלע זייטן. דאָס פייער פרעסט ממש צו צו דער ערד, אָבער די מינער־גרופּע פויזעט אויף אַלע פיר צו איר ציל... פּלוצעם אָבער איז דער פירער פון דער אַקציע, דער העלדישער בחור, דורכגעלעכערט געוואָרן פון אַ פאַשיסטישער קויל...

די פּאַרטיזאַנער האָבן דערפילט מיטאַמאָל דעם גרויסן פאַרלוסט. עס האָט פאַרפעלט דאָס האַרץ און נשמה פון דער אָנגעהויבענער אַקציע. אַ שווער פאַרוווּנדעטן טראָגן די חברים אים אַרויס פון קאַמף און כדי אים צו ראַטעווען ציען זיי זיך צוריק.

די פאַרלוסטן זענען נישט געווען קיין קליינע (איין טויטער און פינף פאַרוווּנדעטע), אָבער דער באַפעל איז אין אַ גרויסער מאָס אויסגעפירט געוואָרן.

צום באַדויערן איז דאָס אָרט, ווו יוזעק איז אַריבערגעפירט געוואָרן, כדי זיך צו היילן, באַפאַלן געוואָרן פון אַ באַנדע וולאַסאָווצעס... אַ שווער־פאַרוווּנדעטער, האָט ער זיך פאַרטיידיקט ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג.

# דער פולקאָווניק יולעק קאַנאַר — קאָן

עס איז געווען אַ שיינער אָוונט פון חודש יוני 1944. די זון איז נאָר וואָס פאַרגאַנגען און פאַררויטלט דעם גאַנצן האָריזאָנט פון דעם שפּאַנאָווער הימל. אויפן ספּאָרט־פּעלד וואַרטן שוין עראָפּלאַנען, וועלכע דאַרפן אַריבערפירן איבער די פיינטלעכע ליניעס און די קאָזלאָוויעצקער וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער. זיי שטייען מאַיעסטעטיש אויף דעם בעטאָנענעם סטאַרט־פּאַס און שלאָגן אָפּ אין הינטערגרונט ווי פאַרזילבערט. די באַדינונג מאַכט שוין די לעצטע צוגרייטונגען, די לעצטע קאָנטראָל און זייער פאַכמענישער בליק זאָגט אָן, אַז די מאַשין איז שוין גרייט צום סטאַרט...

אויך קאַנאַר האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ אַלס גרופּן־פירער און מיט אים זיינע צען אָפיצירן, אויסגעשולטע אין „שטורעם־באַטאַליאָן". זיי פליִען איצט, כדי איבערצונעמען די פירונג און שולונג, ווי אויך אָרגאַניזירן נייע גרופּן פון פּאַרטיזאַנער אויף דעם געביט, וואָס איז אָקופּירט פון דעם שונא. צו דער אויסשטאַטונג האָט ער אויך באַקומען צוגעטיילט צוויי ראַדיאָ־סטאַציעס, איין ראַדיסט און איין שיפראַנט.

אין דער מאַשין האָט מען אויך פאַרלאָדן אַ ביסל געווער. ווי געוויינלעך ביי אַזאַ געלעגנהייט, האָט מען קיינמאָל נישט פאַרגעסן איבערצושיקן פאַר די פּאַרטיזאַנער אַ גרוס מיט אַזאַ דערוואַרטער מתנה.

מען האָט געלאָזט אין באַוועגונג די מאַשין. אַ לייכטער ציטער איז אַדורך די פּאַסאַזשירן, ווי עמעץ וואָלט געפּרווט פּלוצעם אַוועקנעמען פון אונטער זיי זייערע זיץ־פּלעצער און די מאַשין האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד.

דער עראָפּלאַן האָט זיך לייכט געוויגט, טייל האָבן אָנגעהויבן צו דרימלען. די מערהייט אָבער איז געזעסן פאַרקלערט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די דלאָניעס. עס איז פאַרשוווּנדן דער הומאָר, די לוסטיקייט, וועלכע איז געווען ביים סטאַרט־פּעלד. נישט איינער האָט געגעבן אַ טראַכט וועגן דער טאָפּלטער געפאַר, וואָס דערוואַרט אים אין זיין אייגענער היים, אין זיין אייגן לאַנד — פון איין זייט די פאַשיסטן מיט די אויפשריפטן „גאָט מיט אונדז" אויף די קלאַמרעס פון זייערע מיליטערישע פּאַסיקעס, און

פון דער צווייטער, די היימישע באַנדיטן, מיט די רינגראַפּן מיט דער „גאָטס מאַמע״ אויף די ברוסטן. מיטאַמאָל האָט די מאַשין זיך געטאָן אַ שטאַרקן וואַקל און ווערטיקאַל זיך אַ ריס געטאָן צום הימל. אונטער זיי האָבן גליענ־דיקע פונקען זיך געטראָגן פון דער ערד, ווי בינען פון אַ בינשטאָק. דאָס האָט דער פיינט אויפגעדעקט זייער מאַשין...

דאָס פייער האָט נישט אויפגעהערט. דער דערפאַרענער קאַפּיטאַן האָט אָבער שנעל אַרויסגעפירט די מאַשין פון דער נעץ, די שפּאַנונג איז פאַרשווונדן, אָבער דאָס געמיט פון די מענטשן איז געבליבן אַ געדריקטס. די טונקעלע שיין פון דעם לעמפּל האָט נאָך פאַרשטאַרקט די מעלאַנכאָלישע שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין דעם בלעכענעם קאַסטן, און אין קאָפּ שוועבן אַלץ נייע און נייע געדאַנקען. יולעק קאָנאַר, דער פירער פון דער גרופּע, זעט זיין טאַטן אַריבערגעבויגן איבער דער צייטונג „פריינד״, אין וועלכער ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער... ער זעט די צעלע (קאַמער) אין דער תפיסה, ווו ער איז אַלס יוגנטלעכער געזעסן פאַר אומלעגאַלער טעטיקייט. דאָס רוישן פון דער מאַשין דערמאָנט אים דעם טראַקטאָר, וועלכן ער האָט געפירט אַלס טראַקטאָריסט אויף די סאָוויעטישע פעלדער. עס איז נישט איינמאָל געווען שווער, ס׳איז נישט געווען וואָס צו עסן, וואָס אָנצוטאָן, אָבער מען האָט געלעבט מיט דער האָפענונג, מיט דער איבערצייגונג אין דער גערעכטער זאַך, אין דעם זיכערן זיג... שפּעטער איז ער געוואָרן דער פּאַרטרעטער פונעם פירער פון דער אַרטילעריע־דיוויזיאָן אין סיעלץ, דערנאָך צוגעטיילט געוואָרן צו דעם „שטורעם־באַטאַליאָן״ און איבער אַ יאָר צייט געשולט קאַדרען פאַר פּאַרטיזאַנער. ענדלעך איז געקומען דער אויסגעבענקטער מאָמענט אַליין צו פליען און דירעקט, מיט געווער אין האַנט, אָנטיילצונעמען אין דעם הייליקן קאַמף קעגן דעם גרעסטן שונא פון דער מענטשהייט און פון זיין אייגן פאָלק.

ער פילט אַלץ שטאַרקער דאָס וויגן פון דער מאַשין. עס דרייט זיך אים אַ ביסל אין קאָפּ, ער פליט דאָס ערשטער מאָל. ער באַמיט זיך אָבער צו באַהערשן ער מוז זיך האַלטן, ער איז דאָך דער פירער פון דער גרופּע...

— דער ציל! — דערהערט זיך די שטים פון נאַוויגאַטאָר, וועלכע וועקט אויף יעדן פון זיינע טרוימען.

דער עראָפּלאַן נידערט אַראָפּ אומגעפער ביז פינף הונדערט מעטער פון דער ערד. יולעק קוקט אַרויס דורכן פענצטער. אונטן איז צעשפּרייט אַ גרויסער וואַלד. זיי גיבן די אָפּגערעדטע סיגנאַלן. יולעק טוט אַ דריק

אויף דעם גלעקל. אַלע שטייען אויף פון די פּלעצער און מיט וואַקלענדיקע טריט דערנענטערן זיי זיך צום אַרויסגאַנג־טירל...

אויף אַ גרויסער וואַלד־לאַנקע באַווייזן זיך פייערלעך, נאָר דעם אָפּ־גערעדטן בוכשטאַב איז נישט צום דערקענען.

— צוגרייטן זיך צום שפּרינגען! — פאַלט אַ באַפעל.

אַלס ערשטער שטעלט זיך דער פאַרטרעטער פון קאַנאַרן, דערנאָך דער ראַדיסט, דער שיפראַנט, שפּעטער — לויט דעם פּסיכאָלאָגישן מע־טאָד — אין מיטן שוואַכערע און אויך אַזעלכע, מיט וועלכע מען איז נישט אַזוי זיכער, אַז זיי וועלן זיך נישט אין לעצטן מאָמענט צוריקהאַלטן פאַר שרעק... אין דעם פאַל האָט מען געמוזט פון הינטן אונטערשטופּן... אַזעלכע זאַכן האָבן אויך פאַסירט. אַלץ האָט מען געמוזט פאָרויסזען: שרעק, דענערווירונג. דער אומבאַקאַנטער גורל, וואָס דערוואַרט, איז טיילמאָל ערגער ווי דאָס אַרויסשפּרינגען פון די שוצגרובנס צום שטורעם. מען דאַרף זיך וואַרפן אין אַן ענדלאָזער טיפעניש מיטן קאָפּ אַראָפּ, און מען ווייסט נישט ווער אונטן דערוואַרט — אַן אייגענער אָדער דער שונא...

דאָס צווייטע גלעקל... און דער שפּרונג...

די שנירן ציִען זיך אָן, עס טוט מיט דעם מענטשן אַ וואָרף, דאָס איז דער צייכן, אַז דער פאַלשירעם האָט זיך מיט הצלחה געעפנט. אַרום זעען זיך אָפענע שירעמס, וואָס זעצן זיך אַלץ נידעריקער און נידעריקער... דער ווינט טראָגט... יולעק בלייבט הענגען אויף אַ צווייג... פון די פייערלעך לויפן מענטשן... דאָס האַרץ קלאַפּט. ער שניידט איבער די שטריק און בלייבט שטיין מיטן געווער אין האַנט גרייט זיי צו באַגעגענען...

בלויז איינער פון די אָפיצירן האָט צעבראָכן אַ פוס, אַלע איבעריקע האָבן גליקלעך געלאַנדעט.

די מאַשין האָט נאָך געמאַכט אַ קרייז און מיט עטלעכע ליכט־צייכנס זיך געזעגנט, צוריקגעקערט צו דער באַזע.

# די אָבלאַווע

אין די קאָזלאָוויעצקער וועלדער האָבן זיי געטראָפן אַן אייגענע סביבה. יולעק קאַנאַר האָט גלייך פאַרלייגט זיין באַזע ביי אַ פויער פון דער פאָלקס־אַרמיי און איבערגעגעבן אַ מעלדונג צום פּאַרטיזאַנער־שטאַב קיין שפּאַנאָוו. אַלע זענען גלייך צוגעטראָטן צו אַן אינטענסיווער אַרבעט. דאָס מיטגע־בראַכטע געווער איז געוואָרן פאַנאַנדערגעטיילט. אַ טייל דערפון האָט מיטגענומען קיין וואַרשע פּאַר די חברים פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פון דער פאָלקס־אַרמיי דער דעלעגירטער צו די פּאַרטיזאַנער פון דער פּאַרטיי — דער וואַרשעווער יידישער בחור קאַראָל גראַבסקי.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז געקומען אַ באַפעל פון איגנאַצי לאָגאַ־סאָווינסקי, וועלכער איז געווען אין יענער צייט דער פאַרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי אויף דעם געביט פון לובלין, און אויך אַ מיליטערישער באַפעל פון פּולק. איגנאַצי ראָב־נאַרבוט, אַז ס'זענען קאַנאַרן צוגעטיילט געוואָרן די ראַיאָנען: פּולאַווע, לובאַרטאָוו און דעמבלין, וווּ ער האָט צו באַשטימען זיינע אָפיצירן און צו שולן גרופּן פּאַרטיזאַנער.

די שולונג איז באַשטאַנען פון מיליטערישע איבונגען, דיווערסיע — און סאַבאָטאַזש־אַקטן, באַנוצן זיך מיט פאַרשידן געווער — אייגנס און פון פיינט, דורכפירן אַקציעס און פלוצעמדיקע איבערפאַלן אויף פּאָלי־צייאישע פּאַטרולן און וואַך־הייזער, און וועלכע זיי האָבן פּערזענלעך געמוזט אָנטיילנעמען.

די אַקציעס אין לובלינער קרייז האָבן מיט יעדן טאָג אָנגענומען אַלץ ברייטערע און אינטענסיווערע פאַרמען. דאָס האָט שטאַרק באַאומרויִקט די היטלעריסטישע אָנפירונג אויף דעם געביט און זינט עטלעכע חדשים האָבן די דייטשן אַלץ ווידער און ווידער געפּרוּווט אויפנעמען פאַרניכטונגס־קאַמפן מיט די שטענדיק וואַקסנדיקע אין צאָל פּאַרטיזאַנער, אָבער תמיד אָן דערפאָלג.

אין אַפּריל האָט דער לאָזונג „קאַמף אום די רעלסן" שטאַרק זיך געלאָזט פילן דעם דייטשן טראַנספּאָרט און באַן־פאַרקער אויף אַלע

לובלינער ליניעס. דער פירער פון עס־עס און פּאָליציי אויף דעם געביט — דער היטלעריסט שפּאָרענבערג — האָט דעם חודש געפּרוווט זיך אָנט־קעגנשטעלן דער אַקציע, אָבער זיינע כוחות האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר צו שוואַכע... די אונטערנעמונג אונטער דעם קריפּטאָנים „אימערגרין" אין די ראַיאָנען כעלם און קראַסניסטאַוו האָט אויך געהאַט אַ דורכפאַל.

דער גענעראַל־גובערנאַטאָר האַנס פראַנק האָט אין מאַי 1944 אָפּגע־שאַצט די לאַגע אין לובלינער קרייז אַלס זייער ערנסטע. „די אַדמיניס־טראַטיווע מאַכט — האָט געזאָגט האַנס פראַנק — איז אָן ווירקונג. דער טראַנספּאָרט־סיסטעם אַרבעט נישט. די פּאָליציי קען ווירקן נאָר מיט אַ קראַפט, וואָס איז נישט ווייניקער פון אַ פולק..." *)

די היטלעריסטישע בעסטיע באַקומט אָבער יעדעס מאָל נייע רעזערוון פון מיליטער און זשאַנדאַרמעריע און חזרט איבער אָן אויפהער אירע אַטאַקעס קעגן די פּאַרטיזאַנער. — און אָט איז געקומען די ריי אויך אויף די קאָזלאָוויעצקער וועלדער.

עס איז געווען אַ שיינער זומערדיקער טאָג. די פּאַרטיזאַנער זענען געווען יעדער אויף זיין שטייגער באַשעפטיקט. טייל האָבן גערייניקט די ביקסן, פאַרריכט די קליידונג, אַנדערע האָבן געוואַשן די מענאַשקעס, כדי צו זיין די ערשטע אין דער ריי נאָך דער זופּ. מיטאַמאָל איז געקומען צו לויפן אַ מעלדער און איבערגעגעבן, אַז דייטשע אָפּטיילונגען רינגלען אַרום דעם וואַלד.

אַלץ איז גלייך געשטעלט געוואָרן אויף די פיס, דער אַליאַרם מאַכט טאָפּלט וואַך. אין דער זעלבער צייט האָבן זיך באַוויזן דייטשע אויסשפּיר־עראָפּלאַנען איבערן וואַלד און אים גענומען באַדעקן מיט אַ האָגל פון קוילן. די לאַגע האָט אויסגעזען צו זיין נישט קיין פריילעכע. אין וואַלד האָבן זיך געפונען ביי אַ דריי הונדערט נישט שלעכט באַוואָפנטע פּאַר־טיזאַנער, אָבער דאָך זענען זיי נישט געווען בכוח אויפצונעמען אַ קאַמף מיט נאָרמאַלע מיליטערישע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבן נאָך די אונטער־שטיצונג פון טאַנקען און אַוויאַציע. צווייטנס, איז דאָס נישט געווען דער ציל פון פּאַרטיזאַנער.

צעטיילט אין דריי גרופּן האָבן זיי געפּרוווט אַריבער אין צווייטן וואַלד... ווי איבעראַשט זענען זיי אָבער געוואָרן, ווען גראָד פון דער זייט פון דעם צווייטן וואַלד האָבן די דייטשן געעפנט אַ פייער. די ערשטע

*) טאָגבוך פון האַנס פראַנק „ווידאַוניצטוואָ פּראַוניטשע" — וואַרשע 1957.

האָט אויפגענומען דעם קאַמף די גרופּע פון היפּאָליט דוליאַש. די לאַגע איז געווען אַ האָפענונגסלאָזע. אָן איבערררייס האָבן זיי זיך געפונען אונטער אַ האָגל פון צעגליטן אייזן, קוילנוואַרפער, גראַנאַט־שפּליטערס און מאַשין־ביקסן. דאָס איינציקע גליק, וואָס די דייטשן האָבן נישט געוואַגט טיף אַריינצודרינגען אין וואַלד, דעריבער האָט דאָס פייער נישט אַזוי פּינקטלעך געטראָפן אין ציל. ווייזט אויס, אַז זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט גרויסע פּאַרטיזאַנישע כוחות.

באַלד האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס די אַנדערע צוויי גרופּן און ווי נאָר די היטלעריסטן האָבן געפּרוווט איבערשרייטן דעם ראַנד פונעם וואַלד, האָט זיי באַגעגנט אַ פייער פון אַלע מינים געווער. דאָס האָט זיי געצוווּנגען צוריקצוציִען זיך אויף די אויסגאַנג־פּאָזיציעס.

זייערע אַטאַקעס האָבן זיך נאָך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל, אָבער שטענדיק מיט דעם זעלבן דערפאָלג... די פּאַרטיזאַנער זענען שוין געווען אינגאַנצן דערשעפּט, און דאָס פייער האָט אַלץ נישט אויפגעהערט. מיט גרויס אומגעדולד האָבן זיי שוין געוואַרט אויף דער נאַכט. די ערד און אַלץ אַרום האָט זיך ממש געטרייסלט פון די שרעקלעכע אויפרייסן פון גראַנאַטן און שווערע אַרטילעריע־קוילן.

ענדלעך איז געקומען דער „צווייטער פאַרבינדעטער” פון די פּאַרטיזאַנער, עס איז געוואָרן טונקל. אַרום איז ביסלעכווייז געוואָרן שטיל. עס זענען אַנטשוויגן געוואָרן די האַרמאַטן, עס איז איינגעשטילט געוואָרן דאָס גרעגערן פון די מאַשין־ביקסן און קלאַפּן פון די קוילנוואַרפער, עס איז אויסגעלאָשן און אָפּגעקילט געוואָרן די לאַווינע פון צעגליטן בליי, וואָס האָט מיט רעש און שטורעם אומאויפהערלעך זיך געטראָגן איבער זייערע קעפּ.

אויסנוצנדיק די טונקלקייט, האָבן די פּאַרטיזאַנער גענומען גרופּנווייז פאַרלאָזן דעם וואַלד. געדעקט דורך די הויכע תבואות איז אויך לייכטער געווען אָפּצורייסן זיך פון שונא און פאַרשווינדן.

זיי האָבן גענומען די ריכטונג צום אַמעליגער וואַלד. אין צוויי רייען האָבן זיי מאַרשירט. אַלע זענען געווען מיד. אַלץ האָט געשוויגן. פון צייט צו צייט בלויז האָט זיך געהערט אַ קרעכץ פון אַ פאַרוווּנדעטן, אָדער אַ באַפעל פון וועלכן גרופּן־פירער, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן פון מויל צו מויל...

דער מאַרש האָט לאַנג געדויערט, אָנהאַלטנדיק דעם שנעלן טעמפּ. ביי דער זייט פון קאָנאַרן האָט מאַרשירט די וואַרשעווער סטודענטין, די

פּאַראַשוטיסטין פּאָדפּאָרוטשניק לוצינע הערץ. אַ באַלאָדענע מיט אַמוני־ציע, די „פּעפּעשע" פון פּאָרנט, דערשעפּט פונעם קאַמף און פון די איבער־לעבונגען, האָט זי שווער געאָטעמט, אָבער מיטגעהאַלטן דעם זעלנערישן טראָט. זי האָט בלויז נישט געוואָלט מסכים זיין מיט דעם, וואָס די פּאַר־טיזאַנער ציִען זיך צוריק און נוצן נישט אויס די נאַכט אַריבערצוגיין אין אַ קאָנטר־אָנגריף.

לוצינע האָט זיך געריסן צום קאַמף, ווי זי וואָלט געפילט, אַז אירע טעג זענען געציילטע... זי האָט געוואָלט אין קאַמף אויסדריקן איר גאַנצע שנאה און פּיין, וואָס זי האָט אין זיך געטראָגן צו דער היטלעריסטישער בעסטיע...

# די פּאַראַשוטיסטין לוצינע הערץ

אַ סך האָט מען געשריבן וועגן דער העלדישער קעמפערין לוצינע הערץ. עס ווידמעט איר זיין ליד דער דיכטער און פּאַרטיזאַנער סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ — „וועגן לוצינע הערץ, דעם פּאָדפּאָרוטשניק פון פּוילישן מיליטער", עס דערמאָנט זי איר קאַמפּס־חבר פּולקאָווניק יולעק קאָנאַר, זי ווערט דערמאָנט אין דעם בוך „מענטשן פון דער ערשטער אַרמיי". אויך מיר ווערלן אָפּגעבן כבוד און פאַראייביקן דעם נאָמען פון דער יידישער טאָכטער, וועלכע האָט אָפּגעגעבן איר יונג לעבן דער אידעע פון אַ פריי פּוילן און דעם קאַמף קעגן דעם גרעסטן שונא פון דער מענטשהייט — קעגן דעם דייטשן פאַשיזם.

זייער יונג האָט לוצינע געשטעלט אירע ערשטע טריט אין דער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג. זייענדיק קוים פופצן יאָר אַלט טרעט זי אַריין אין די רייען פון קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד (קאָמיוג). אַלס יונגע שי־לערין פון אָטוואָצק נעמט זי אָנטייל אין אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס, מאַסוווקעס, פאַרשפּרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור. קיינער וואָלט נישט געגלייבט, אַז אין דעם צאַרטן געשטאַלט מיט דעם שמייכלדיק־קינדערישן פּנימל קאָן זיך געפינען אַזויפיל ענערגיע, פאַרהאַרטעוועטקייט און אויס־דויער.

אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט האָט לוצינע גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַקאַדעמישער לינקער אָרגאַניזאַציע „זשיטשע". אויך אין פּאַריז, שטודירנדיק אויף דער סאָרבאָנע איר באַליבטן קעגנשטאַנד — כעמיע, פאַרלאָזט זי נישט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג.

עס געדענקען זי די סטודענטן פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט פון אירע אַרויסטריטן קעגן ווילדן ענדעקישן טעראָר אויף די הויכשולן. עס געדענקען זי חברים פון פראַנקרייך, ווו זי האָט אָרגאַניזירט זאַמלונגען פאַר דעם רעפּובליקאַנישן שפּאַניע. עס געדענקען זי אויך וואַרשעווער אַרבעטער, ווי זי האָט צו זיי גערעדט אויף אומלעגאַלע מאַסוווקעס, דע־מאָנסטרירט מיט זיי צוזאַמען און געקעמפט צוזאַמען אין דעם טרויעריקן סעפּטעמבער פון יאָר 1939 ביים פאַרטיידיקן די הויפּטשטאָט.




דער קבר פון קאַפּיטאַן לוצינע הערץ

ביים אויסברוך פון דער מלחמה קומט לוצינע קיין ראַטנפאַרבאַנד, ווו זי איז באַשעפטיקט ביי פאַרשידענע אַרבעטן — פון אַ פישער אויף דער וואָלגע, אַ מיטגליד פון אַ בריגאַדע צו טויטן מייז אין די סטעפּעס פון קאַזאַכסטאַן, ביז אַ טראַקטאָריסטקע אין אַ סטאַלינגראַדער קאָלווירט. די סטודענטין פון סאָרבאָנע נעמט אויף יעדע אַרבעט מיט פלייס, אָפּ־געבנדיק זיך אַ דין־וחשבון, אַז אויף יעדן פּלאַץ, ווו זי אַרבעט, העלפט זי דעם פראָנט.

אין האַרבסט 1942 קומט לוצינע הערץ אויף אוראַל, ווו זי אַרבעט אין אַ מעטאַל־פאַבריק. דאָ דערגרייכט צו איר די ידיעה וועגן דעם אָרגאַ־ניזירן פון אַ פוילישער אַרמיי אויף דער סאָוויעטישער ערד. דער געדאַנק צו קענען קעמפן מיט געווער אין האַנט קעגן דעם פאַרהאַסטן שונא גיט איר נישט קיין רו. פון אַלע טיילן לאַנד הייבן אָן ציִען מאַסן פרייוויליקע צום לאַגער ביים קליינעם שטעטל ס׳עלץ ביי דער אָקע — און לוצינע איז איינע פון זיי...

אין די וועלדער פון ביעלאָמוט ווערט געגרינדעט דער היינט שוין לעגענדאַרער „שטורעם־באַטאַליאָן“, ווו עס ווערן געשולט זעלנער, וואָס דאַרפן ווערן אַראָפּגעוואָרפן אין רוקן פון שונא.

לוצינע מאַכט דורך אַ מינערן־קורס און ווערט אַן אינסטרוקטאָר. דאָס צאַרטע יידישע מיידל לערנט שפעטער פאַרטיזאַנער ווי צו מינירן באַן־ליניעס און לאָזן דייטשע צוגן מיט וואָפן אין דער לופטן. זי ענדיקט אויך די שול פאַר פאַרטיזאַנישע אָנפירער און באַקומט דעם ראַנג פון פּאָדפּאָרוטשניק.

ענדלעך קומט דער אויסגעבענקטער מאָמענט — מאַי 1944. איין פרוי צווישן זיבעציק מענער ווערט אַראָפּגעוואָרפן אין סאַמע ברען פון פאַר־טיזאַנישע קאַמפן אין לובלינער וואָיעוואָדשאַפט.

געשושקעט האָבן צווישן זיך פאַרטיזאַנער: „וועמען האָבן זיי גע־שיקט?! ס׳איז דאָך נאָך אַ קינד פון די וויקעלעך“... אָבער באַלד האָבן זיי זיך איבערצייגט, ווי די איידעלע מיידלשע הענטלעך האָבן פלינק אונטערגעלייגט דינאַמיט אָדער צעשרויפט אין דער פינצטער באַן־ליניעס, פון וועלכע עס זענען געפלויגן אין דער לופטן דעם שונאס מיליטערישע טראַנספּאָרטן. לוצינע איז פּינקטלעך, געוויסנהאַפט און שטרענג צו זיך אַליין. דערמיט וועקט זי צו זיך אַכטונג און ליבשאַפט ביי אַלע, וואָס האָבן זיך נאָר מיט איר באַגעגנט.

לוצינע מאַכט אויך מיט דעם שווערן קאַמף פון די פאַרטיזאַנער

מיט די אָפּטיילונגען פון עס־עס און פּאָליציי ביי דער אַרומרינגלונג פון די קאָזלאָוויעצקער וועלדער.

עס איז יולי 1944. גרויסע שטחים פון לאַנד זענען שוין באַפרייט און אויך דאָס געביט פון איר פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט, נאָר לוצינע האַלט איר קאַמף נאָך נישט פאַר פאַרענדיקט. זי קומט צוריק צו איר איינהייט פון דער ערשטער פּוילישער אַרמיי, כדי ווייטער צו יאָגן דעם פיינט.

עס זענען די טעג פון טרויעריקן וואַרשעווער אויפשטאַנד... דער פּאַרטרעטער פונעם פירער פון דער פיזיליערן־קאָמפּאַניע פון 9 פּ. פּ. — פּאָדפּאָרוטשניק לוצינע הערץ נעמט איבער די אָנפירונג אויף דער רעכ־טער זייט פון דער ווייסל. אַ טייל פון איר פולק איז שוין אויף דער לינקער זייט טייך, ביים טשערניאַקאָווער ברעג... עס שטראַלן אירע ליכטיקע אויגן, עס קלאַפּט האַסטיקער איר האַרץ — זי גייט צו הילף די קעמפער פון איר געליבטער היימשטאָט — וואַרשע...

ס׳איז אָבער נישט געווען באַשטימט פון גורל, אַז לוצינע זאָל באַ־טרעטן דעם באָדן פון איר אויסגעבענקטער שטאָט... ביים אַריבערקריגן זיך איבער דער ווייסל ווערט זי שווער פאַרווונדעט פון אַ דייטשער מינע אין ביידע פיס, וועלכע מען מוז אַמפּוטירן. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן...

דעם 22־טן אָקטאָבער 1944 האָט די פּאַראַשוטיסטין לוצינע הערץ אויסגעהויכט די נשמה.

נאָכן טויט ווערט זי אַוואַנסירט דורך דער אָנפירונג פון דער פּוילישער אַרמיי צום ראַנג פון קאַפּיטאַן און אויסגעצייכנט מיטן „גרונוואַלד־קרייץ" און „ווירטוטי־מיליטאַרי".

אין די ראַמען פון די פייערונגען צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג פון פּוילישן פאָלקס־מיליטער איז פאָרגעקומען אַ פייערלעכקייט פון אָנרופן די שול „טויזנט־יאָר" נומער 227 אין דעם וואַרשעווער ראַיאָן אָכאָטע אויפן נאָמען פון העלדישן פּאַרטיזאַנער און זעלנער פון דער 3־טער אינפאַנטעריע־דיוויזיע — קאַפּיטאַן לוצינע הערץ.

# אַ שמועס
# מיטן פּולק. גוסטאַוו אַלעף־באָלקאָוויאַק
# פּסעוודאָנים „באָלעק"

— חבר אַלעף, וועלכע מאָמענטן, וועלכע געשטאַלטן און קאַמפּס־אָפּשניטן האָבן זיך אין אייער לאַנגער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט צום שאַרפסטן איינגעקריצט אין אייער זכרון?

— שווער, זייער שווער איז אויף אַזעלכע פראַגן צו געבן אַן ענטפער. יעדע דערינערונג, יעדער קאַמפּס־אָפּשניט, יעדער געפאַלענער פּאַרטיזאַנער שטייט אַזוי בולט פאַר די אויגן און פרעגט: „צי וועט איר אין מיר פאַר־געסן?"... עס קלעמט דאָס האַרץ, עס נאָגט און ציטערט ביי יעדער דערינערונג — צי איז דען מעגלעך אין וועלכן צו פאַרגעסן?

אַזעלכע קעמפער ווי יעקב דרייער, פּסעוודאָנים „יאַנעק", יוסף לע־וואַרטאָווסקי, פּסעוודאָנים „סטאַרי", פּנחס קאַרטין, פּסעוודאָנים „שמידט"... זייער ענטוזיאַזם, זייער קאָמפּראָמיסלאָזע שטעלונג אין קאַמף, זייער גלויבן אין נצחון, זייער העלדישקייט...

פּנחס קאַרטינען זע איך אויף שריט און טריט. איך הער זיין ליבלעכע שטים, ער לעבט אין מיין געדאַנק. דער העלדישער קאַפּיטאַן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע, דער פירער פון דער מיליטע־רישער אָרגאַניזאַציע פון אַנטיפאַשיסטישן בלאָק, אָט דער גרויסער מענטש און ייד מעלדעט זיך אין יאָר 1941 אין ראַטנפאַרבאַנד אַלס פרייוויליקער צו שפּרינגען צוזאַמען מיט מאַרצעלי נאָוואָטקאָ, פּסעוודאָנים „מאַריאַן" און אַנדערע אין דעם באַזעצטן געביט פון פּוילן, כדי צו אָרגאַניזירן די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי (פּ. פּ. ר.). ער קומט מיט דער מיסיע אין וואַרשעווער געטאָ.

נישט קיין אַנדערער, ווי אַ מענטש פון דער אָרגאַניזאַציע, פון וועלכער די פירער זענען געווען פּנחס קאַרטין און יוסף לעוואַרטאָווסקי, האָט אויס־געפירט דעם אורטייל אויף דעם קאָמענדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי אין וואַרשעווער געטאָ — שערינסקין. דער שאָס איז געווען ווי אַן אָנזאָג



גוסטאַוו אַלעף־באָלקאָוויאַק, פסעוו. „באָלעק"

צו אַן אויפשטאַנד, צו קאַמף, און גלייכצייטיק אַ וואָרענונג פאַר די פאַר־רעטער.

און דער פּאַרטיזאַנער שמואל יעגער. — איך האָב באַקומען אַ באַפעל פון דעם דעמלטיקן פירער פון אָבוווד גוואַרדי לודאָוועי מיעטשיסלאַוו מאָטשאַר („מיעטעק") אויפצולעזן די טעכניק אין פּולאַווער ראַיאָן און זיך איבערטראָגן קיין לובאַרטוו, ווו איך האָב געדאַרפט צוטרעטן אַרויסצוגעבן דעם אָרגאַן פון דעם קרייז־קאָמיטעט פ. פּ. ר. „טריבונאַ זשעמי לובעלסקעי". עס איז געווען נייטיק מיטצונעמען אַ ראַדיאָ־אָפּנעמער, וואָס איז געווען אַ זייער טייערע און וויכטיקע זאַך פאַר אונדזער אַרבעט. מיר האָבן געדאַרפט דורכמאַכן דעם וועג מיט דעם אַזוי גערופענעם „פּאַרטיזאַנער שליאַך", אויסמיידן די הויפּט־וועגן. די געביטן דורך וועלכע מיר האָבן געדאַרפט גיין זענען געווען באַזעצט מיט אַ סך היטלעריסטישע גאַרניזאָנען. אַ וועג פון הונדערט און צוואַנציק קילאָמעטער, וועלכן מען האָט געדאַרפט דורכ־מאַכן נאָר ביינאַכט... אויף דעם שווערסטן אָפּשניט האָט אונדז געפירט אַן אָפּטיילונג פון דער גוואַרדיאַ לודאָוואַ אויפן נאָמען פון „עמיליע פּלאַ־טער", וועמענס אָנפירער ס'איז געווען שמואל יעגער, פּסעוודאָנים „עמיל".

צום באַדויערן האָבן זיי דעם זיג נישט דערלעבט. איך דערמאָן די נעמען פון די העלדן, כדי אָפּגעבן כבוד זייער אָנדענק, וועלכער וועט בלייבן אין מיין האַרץ און אין מיין זכרון ביז צום סוף פון מיינע טעג.

*

עס איז אויך פאַרבליבן אין מיין זכרון די כאַראַקטעריסטישע דאַטע פון 10 יולי 1944.

ס'איז געווען עטלעכע טעג נאָך דעם נישט־געלונגענעם פלי פון עראָפּלאַן, אין וועלכן ס'האָט זיך געפונען דער הויפּט־פירער פון דער פאָלקס־אַרמיי, גענעראַל ראָלאַ־זשימיערסקי נאָך דער דורכגעפירטער ביי אונדז אינספּעקציע. דער עראָפּלאַן איז נאָכן סטאַרט צוריק אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד.

צופרידענע וואָס אַלץ איז אַדורך בשלום און דער גענ. זשימיערסקי איז אַרויס פון דער קאַטאַסטראָפע נישט באַשעדיקט און אָפּגעפאָרן, האָב איך מיט מיין אָפּטיילונג, וואָס איז געווען צוגעטיילט צו זיין שוץ, זיך געלאָזט אין וועגן צוריק צו אונדזער באַזע אין פּולאַווער געביט.

עס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט, מיר זענען געגאַנגען אָן אַ ספּעַ־

ציעלער פאַרזיכערונג. ס׳איז דאָך אין „לאַנד" פון די פּאַרטיזאַנער. מען האָט מאַרשירט מיט לאַנגזאַמע טריט, געשמועסט, געטיילט זיך מיט איינדרוקן וועגן גענעראַל זשימיערסקי, וועגן דעם פאַל מיטן עראָפּלאַן... מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ שטעפּן פון אויטאָמאַטן און אין אונדזער ריכטונג האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל פון קוילן. ווי אויף אַ באַפעל האָבן זיך אַלע גלייך צעטיילט אויףביידע זייטן פון וועג און פאַרנומען פּאָזיציעס. צום גליק האָט קיינער נישט געענטפערט אויף דעם פייער, נאָר געוואַרט אויף אַ באַפעל. באַלד איז די שיסעריי שטיל געוואָרן און מיר האָבן דערהערט אַ געשריי:

— ווער איז דאָרט ?!

איך האָב מיך גלייך אָריענטירט, אַז דאָס זענען אייגענע און געענטפערט:

— די אָפּטיילונג פון א. ל. „באַלעקס".

— דאָ איז פאַר. „ציען" (קאָוואַלסקי באַלעסלאַוו).

מיר האָבן גענומען לויפן אין דער ריכטונג און איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן אים נישט אויסצוזידלען.

— אַנטשולדיק „באַלעק" — האָט זיך פאַרענטפערט דער פאַרוטשניק „ציען" — זינט דעם לעצטן אָנפאַל פון א. ק. אויף אונדזער אָפּטיילונג, זענען אַלע דענערווירט. אַ יונגער פּאַרטיזאַנער האָט דערזען אויפן וועג פרעמדע האָט ער נישט אויסגעהאַלטן. אַנשטאָט צו מעלדן, האָט ער געעפנט אַ פייער און די נעבן אים האָבן מיטגעהאָלפן.

— פון וואָס פאַר אַן אָנפאַל רעדסטו ? — האָב איך פאַרוואונדערט געפרעגט.

— וועגן אָנפאַל פון דיינע אַקאָוצעס, מיט וועלכע דו פירסט אונטערהאַנדלונגען — האָט געענטפערט „ציען" מיט איראָניע — דער קאַמף אין סטעפאַנוווקע האָט אונדז געקאָסט פינף טויטע און זעקס פאַרוואונדעטע. די אָנפאַלער האָבן אויך נישט דערלייגט, זיי האָבן איבערגעלאָזט אויפן פּלאַץ עטלעכע צענדליק טויטע... עס שניידט דאָס האַרץ צוקוקנדיק ווי מיר אַליין מאָרדן זיך אויס, אַנשטאָט מיט געמיינזאַמע כוחות צו שלאָגן דעם שונא...

די נייעס האָט מיך געטראָפן ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך ? אין דער צייט ווען מיר פירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער אָנפירערשאַפט וועגן אַ געמיינזאַמען קאַמף, באַפאַלן זייערע זעלנער אונדזערע אָפּטיילונגען ?!

— דער פאַל אין סטעפּאַנוווקע האָט אויפגערודערט די גאַנצע געגנט — האָט זיך אָנגערופן „דער לאַנגער יאַנעק" — כעלכאָווסקי הילאַרי — אויך דו „באַלעק", זיי פאַרזיכטיק מיט זיי. אָבער די אונטערהאַנדלונגען מוז מען ווייטער פירן און זיך נישט לאָזן פּראָוואָצירן.

דעם גאַנצן ווייטערדיקן וועג האָט מיר דער איבערפאַל נישט געגעבן קיין רו. איך האָב אַלץ געטראַכט וועגן מיין קומענדיקן צוזאַמענטרעף מיט דעם פאָרשטייער פון דער קרייז־אָנפירערשאַפט פון א. ק. — סטאַניסלאַוו ווישניעווסקי, פּסעוודאָנים „גוראַל" און מיט זיינע באַגלייטער.

דעם גאַנצן פאַרלויף פון דעם קאַמף מיט אַלע איינצלהייטן האָבן מיר זיך ערשט דערוווסט, ווען מיר זענען שוין געווען אין אונדזער באַזע. די אָפּטיילונג פון א. ל. אונטער דער אָנפירונג פון פאָרוטשניק באָלעסלאַוו קאָוואַלסקי — „ציען" און די גרופּע פון בע. כאַ. האָבן סטאַציאָנירט אין סטעפּאַנוווקע. מאָביליזירטע פון פאַרשידענע גאַרניזאָנען אַקאָווצעס אונטער דער אָנפירונג פון אַ געוויסן יאַסטזשעמבסקי האָבן ביינאַכט אַרומגערינגלט די שלאָפנדיקע פּאַרטיזאַנער און גענומען זיי באַשיסן פון מאַשין־ביקסן און האַנט־געווער. די פּאַרטיזאַנער פון א. ל. מיינענדיק, אַז זיי זענען באַפאַלן געוואָרן דורך די דייטשן, זענען באַלד געווען אַליאַרם־גרייט און זיך גענומען פאַרטיידיקן. עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרביטערטער קאַמף, אין וועלכן די אַקאָווצעס האָבן איבערגעלאָזט זיבן און פערציק טויטע און אין גרויס פּאַניק אַפּגעצויגן פונעם שלאַכטפעלד...

— איך ווייס נישט, ווי אַזוי מיר וועלן קאָנען ווייטער רעדן מיט די פירער פון א. ק. נאָך אַזאַ פּראָוואָקאַציע — האָט צו מיר געזאָגט גאָנשיאָראָווסקי וולאָדזשימיעזש, פּסעוודאָנים „אַנאַטאָל".

אויך איך בין געווען ביי דער זעלבער מיינונג... נאָר ווי איבערראַשט זענען מיר געווען, ווען אין אונדזער קוואַטיר האָט זיך פּלוצעם באַוויזן „גוראַל". עס איז נישט געווען דער זעלבער שטאָלצער ווי שטענדיק און זיכערער אין זיך פירער פון א. ק. ער איז געשטאַנען אויף דער שוועל און געוואַרט מיר זאָלן אים איינלאַדן אין שטוב אַריין. „גוראַל" האָט דער ערשטער אָנגעהויבן מיט נישט קיין זיכערער שטים: — וועלן מיר ווייטער פירן די אונטערהאַנדלונגען?

איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אויסגעשאָטן אַלץ וואָס איז געווען ביי מיר אויפן האַרצן... „גוראַל" האָט אַלץ רואיק אויסגעהערט. ער האָט אַפילו נישט רעאַגירט, ווען איך האָב אָנגעהויבן מיט דעם נישט צענזורירטן פּאַרטיזאַנישן לעקסיקאָן. ווען איך בין שטיל געבליבן, האָט

„גורל" אָנגעהויבן פאַרעטנפערן און אויפקלערן, אַז נאָך איידער מיר האָבן אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען האָט שוין דאָס געריכט פון א. ק אַרויס־געגעבן אַן אורטייל אויף „ציעניען", אַז ער אונטערליגט דער אַנטוואָפענונג, האַלטנדיק זיין אָפּטיילונג פאַר אַ „ווילדע".

דער שטענדיק שטילער און באַהערשטער פוילישער בחור „אַנאַטאָל" האָט דאָס מאָל נישט אויסגעהאַלטן און נאָך איידער איך האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט צו עפענען דאָס מויל, האָב איך דערהערט זיין בייזע שטים:

— דאָס איז נישט די זאַך פון די הערן פון א. ק. צו דעצידירן ווער און וועלכע אָפּטיילונג זאָל געהערן צו דער אָנפירונג פון א. ל. וועגן די פראַגן קאָנען מיר אַליין דעצידירן. מיר זענען אַנערקענט געוואָרן דורכן פוילישן פאָלק, פאַר וועמענס פרייהייט מיר קעמפן. געדענקט, אַז יעדע פּראָוואָקאַציע, יעדע אַקציע קעגן וועלכער עס זאָל נישט זיין אָפּטיילונג פון א. ל. וועט טרעפן אויף אַ ווידערשטאַנד פון אַלע אונדזערע כוחות! אַז מיר קענען זיך באַגיין מיט געווער, האָבן זיך די באַנדיטן פון דעם איבערפאַל אויף סטעפּאַנוווקע איבערצייגט אויף דער אייגענער הויט!...

— און איר, הער „גוראַל" — האָב איך מיך אַריינגעמישט — אַלס מענטש און אַלס פּאָליאַק טאַדלט אָדער באַרעכטיקט דעם איבערפאַל?

אַ ווײַלע איז געוואָרן גאַנץ שטיל. „גוראַל", אַ צוגעדריקטער צו דער וואַנט, האָט ווי נישט מיט זיין שטים געענטפערט:

— איך טאַדל... איך וואָלט צו אייך נישט געקומען, ווען נישט דאָס, וואָס איך וויל פאַרמיידן ענלעכע פאַלן. איך בין באַרעכטיקט צו דערפירן אונדזערע אונטערהאַנדלונגען צום שלוס און אויך אונטערצושרייבן די פאַרשטענדיקונג. די אָנפירונג פון אונדזער אינספּעקטאָראַט איז מסכים מיט די הויפּט־פּונקטן, דאַקעגן דעם אַריינפיר האָלט די פירונג פון א. ק. פאַר נישט גייטיק, ווייל דאָס קלינגט שוין, ווי פּאָליטישע מיטאַרבעט, און אויף דעם קאָנען מיר נישט איינגיין.

— נאָך דעם לעצטן טראַגישן פאַקט מוז איך זיך פאַרשטענדיקן מיט דער אָנפירונג. אונדזער שטעלונג וועלן מיר אייך מודיע זיין.

מיט „גוראַלן" האָבן מיר זיך געזעגנט גאַנץ קאַלט.

דעם צווייטן טאָג האָבן מיר גערופן אַ בראַטונג פון דער אָרטיקער פאַרטיי־פירערשאַפט צוזאַמען מיט דער מיליטערישער, כדי זיך אַדורכ־צושמועסן און אָננעמען אַן ענדגילטיקן באַשלוס.

מיר זענען געקומען צום אויספיר, אַז דער געמיינזאַמער אַקט מוז אונטערגעשריבן ווערן, כדי צו דערפירן צו אַ קאָנסאָלידאַציע פון די אַנטי־

היטלעריסטישע כוחות אויף אונדזער געביט. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די אָנפירונג פון א. ק. גייט נישט גערן אויף אַ צוזאַמענאַרבעט מיט אונדז, נאָר אַז זיי טוען דאָס אונטערן דרוק פון די פשוטע זעלנער, אויס מורא זיי זאָלן איבערהויפּט נישט פאַרלאָזן די רייען פון א. ק. דער בעסטער באַווייז איז געווען דאָס, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט איינגיין אויף דער פאָרמולירונג „אונדזער געמיינזאַמער שונא איז דאָס היטלעריסטישע דייטש־לאַנד, דערפאַר מוזן מיר פאַראייניקן אַלע פאָלקס־כוחות אין קאַמף קעגן זיי"... עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיי צו מעלדן, אַז מיר זענען גרייט אונ־טערצושרייבן דעם באַשטעטיקונגס־אַקט און דערוואַרטן זייער פאָרשטייער מיט אַ באַפולמעכטיקונג.

דעם 10 יולי 1944 אין דאָרף ניעדזוויאַדי־דוזשע איז פאָרגעקומען דער אָפיציעלער אויסטויש פון די באַפולמעכטיקונגען צווישן מיר, אַלס פאָר־שטייער פון דער אָנפירונג פון דער פאָלקס־אַרמיי אויף לובלינער קרייז פון איין זייט, און פון דעם פאָרשטייער פון דעם קאָמאַנדע אינספעקטאָראַט פון א. ק. פאַר די געביטן פולאַוו און יאַנוווו — סטאַניסלאַוו ווישניעווסקי — „גוראַל", פון דער צווייטער זייט. מיר האָבן אונטערגעשריבן אַ דעקלאַראַציע פון נישט באַקעמפן זיך, נאָר פאַרקערט — אין אַ נויט־פאַל, געבן זיך הילף.

די אונטערשריפטן זענען געלייגט געוואָרן דורך מיר און „גוראַלן" אין דער קעגנוואַרט פון פאָרשטייער פון דער פאַרטיי און מיליטער פוןביידע זייטן.

דאָס דערפירן צו דער פאַרשטענדיקונג איז געוואָרן אָפּגעשאַצט דורך דער הויפּט־אָנפירונג פון דער פאָלקס־אַרמיי און אויך פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי אַלס דערשיינונג פון גרויסער סטראַטעגישער באַדייטונג און וואָג.

דאָס איז אויך געווען אַ זייער וויכטיקע דאַטע פאַר מיר, אַלס יידישן פאַרטיזאַנער...

*

נישט צום פאַרגעסן איז אויך די שלאַכט ביי דעם דאָרף ראַמבלווו, וועלכע איז פאָרגעקומען גאַנץ פרי, דעם 10 מאַי 1944. די זון האָט זיך קוים באַוויזן אויף דעם האָריזאָנט, ווען אונדזער ווירטשאַפט־קאָמפּאַניע איז שוין געווען אין פולער באַוועגונג. אַזאַ איז געווען דער גורל פון דער דאָזיקער קאָמפּאַניע — אַ ביסל וויניקער שלאָפן, אָבער דערפאַר דעם



דער פלוטאָן פון דער ספעץ־גרופע א. ל., לובלינער קרייז אונטער דער אָנפירונג פון גוסטאַוו אַלעף־באָלקאָוויאַק.
זיצט אין דער צווייטער ריי אין מיטן.

בעסטן ביסן צו כאַפּן. די קוכער זענען אַרומגעלאָפן ווי די פאַרסמטע מייז, איינער רירט אונטער די פייערלעך, דער צווייטער מישט אין דעם קעסל די זופּ מיט אַן אָפּגעשניצטן דראָנג. מען מוז זיך אײַלן און צוגרייטן דעם פרישטיק. ווער ווייסט וואָס עס קאָן אַרויסשפּרינגען — דער שונא שלאָפט נישט.

זיי האָבן טאַקע קיין טעות נישט געהאַט. די פּאַרטיזאַנער האָבן נאָך נישט באַוויזן אָפּצועסן דאָס ביסל זופּ, ווי די אויסשפּירער זענען געקומען צו לויפן און געמאָלדן, אַז פון לובלינער ריכטונג ציִען גרויסע היטלעריסטישע כוחות.

ס׳איז גלייך באַשלאָסן געוואָרן דעם שונא צו באַגעגענען אין אַמעלינער וואַלד. די דייטשן האָבן זיך גערוקט פאַרויס פּאַוואָליע און נישט זיכער. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין גענויע אויספאָרשונג וועגן אונדזערע כוחות און וועגן אונדזער לאַגער־פּלאַץ. זיי האָבן געשיט ווי אַ כמאַרע היישעריקן פון אַלע זייטן, אַפילו מיט די פעלד־סטעזשקעס. אַן ערך צוויי הונדערט פופציק מעטער פון וואַלד איז געווען אַ האַרטער וועג, דורך וועלכן עס האָט זיך דערנענטערט זייער אינפאַנטעריע געדעקט דורך פּאַנצער־אויטאָס.

די דייטשן האָבן גלייך געעפנט אַ פייער, כדי זיך אַליין צוגעבן קוראַזש און כדי אונדז אָפּצושרעקן. דער, וואָס וואָלט עס געזען ס׳ערשטע מאָל, וואָלט געהאַט דעם איינדרוק, אַז די דייטשן גייען אויף זיכער און פון אונדז וועט נישט בלייבן קיין שריד ופליט.

די כוחות פון שונא זענען טאַקע געווען גרויס, אָבער קענענדיק שוין די פסיכיק און טאַקטיק פון די דייטשן, האָבן מיר געוווּסט, אַז זיי האָבן מורא פאַר דעם קלענסטן קוסט, פון אונטער וועלכן עס קאָן זיי דראָען אַ געפאַר. טאַקע דערפאַר האָבן זיי ביי יעדן אָנגריף געמאַכט אַזאַ גרויסן טומל, כדי צו ווירקן אויף דער פסיכיק פון די פּאַרטיזאַנער און דעזאָריענטירן די פאַרטיידיקונג. דאָס זעלבע האָבן זיי געטאָן אויך איצט. מיט טויזנטער קוילן האָבן זיי פאַרשאָטן דאָס אַמעלינער וועלדל, נאָר אויך מיר זענען נישט געבליבן מיט פאַרלייגטע הענט. ווען זיי זענען געוואָרן אַ ביסל שטילער, האָבן מיר אָנגעהויבן באַטראַכטן און צילגעווענדט, וואָס האָט דערפירט, אַז זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן פון די פאַרנומענע פּאָזיציעס.

איצט איז געשטאַנען פאַר אונדז די אויפגאַבע איבערצונעמען די איניציאַטיוו אין אונדזערע הענט און אָנוואַרפן דעם שונא אונדזער טאַקטיק. אויף איין אָרט האָט זיך דאָס וועלדל ווי איינגעבראָכן אין דער זייט פון

דערמאַנטן האַרטן וועג. מיר האָבן באַשלאָסן דאָס אויסצונוצן און אַוועק־געשטעלט דאָ אַ גרופּע מיט מאַשינגעווער און קעגנפּאַנצער־וואָפן, כדי איבערצושניידן זיי דעם וועג. דאַקעגן האָט אונדזער אַוואַנגאַרד באַדאַרפט צילן אין צענטער פון שונא. אין דער צייט האָבן מיר איבעראַל פאַרבע־סערט די פּאָזיציעס און באַשלאָסן צו וואַרטן ביז די היטלעריסטן וועלן צוקומען נעענטער.

צוזאַמען מיט דעם שעף פון אונדזער שטאַב, זביגניעוו סטעמפּקאַ — „זבישעק", האָבן מיר זיך געלאָזט קאָנטראָלירן אונדזער פּאַרטיידיקונגס־ליניע, ווי אויך די שטימונג פון די זעלנער. לויפנדיק אַזוי פון איין שטעל צו דער צווייטער אונטער אַ האָגל פון קוילן, האָט איינע געטראָפן „זבישעקן" אין דער האַנט. אויף שנעל האָב איך אים פאַרבאַנדאַזשירט די וווּנד און נעמענדיק אים אונטערן אָרעם זיך געלאָזט צום דאָרף, ווו עס זענען גע־שטאַנען די רעזערוו־כוחות און דער שטאַב.

ביים ראַנד פון וואַלד האָבן מיר דערזען אַ פּאַרטיזאַנער, וועלכער איז זיך רויִק געזעסן מיט זיין אויטאָמאַט אין דער האַנט. צוקומענדיק נעענטער האָבן מיר דערקענט אונדזער רעדאַקטאָר, דעם פּאָרוטשניק סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ — „לוקאַש".

— וואָס טוסטו דאָ? — האָב איך פאַרוווּנדערט געפרעגט — אונטער אַזאַ פייער?

— זע, וואָס פאַר אַ שיינע סאַרנע דאָרט שטייט און האָט פאַר אונדז איבערהויפּט נישט קיין מורא — האָט ער קאַלטבלוטיק אָפּגעענטפערט.

אַן ערך פופציק שריט פון אונדז איז טאַקע געשטאַנען אַ סאַרנע. נאָר איך האָב אים דערוויַיל גוט אָנגעזידלט מיט זיין סאַרנע צוזאַמען.

אין דאָרף אַריין איז ער שוין געגאַנגען מיט אונדז צוזאַמען אָבער עפּעס אַזוי מאָדנע פאַרקלערט. מעגלעך, אַז ער האָט שוין דעמאָלט געשאַפן זיין ליד „דער קאַמף הינטער אַמעליין", אין וועלכן ער האָט זיך מיט מיר אָפּגערעכנט פאַר מיין זידלען...

...פון וואַלד אין דעם גרינעם קאָרן<br>
איז אַ צעפלאָשעטע סאַרנע דורכגעפלאָסן<br>
ווי אַ טראָפּן בלוט.<br>
דורך איינצלנע שאָסן געיאָגט,<br>
ווי מיט בייטשן,<br>
קערט זי אום זיך צוריק,

שטעלט זיך אָפּ און וואַרפט צו
מיטן בליק מיר אַ פּאָר ניס —
סאַרנעשע אויגן. און דויערט אַזוי
ביז פון דער שטילקייט הינטער די דעמבעס
לויפט אָן דער געשטופּלטער באַלעק,
שעלטנדיק דעם פּאָעט און די סאַרנע.

דער הייליקער אָפּיציר (אַזוי האָבן די דערפלעך גערופן דעם אָפּיציר פון בילדונג).

מען האָט מיך טאַקע נישט איינמאָל גערופן הייליקער אָפּיציר. גענומען האָט זיך עס דערפון, וואָס די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער האָבן פּאַרדרייט דאָס וואָרט אָשוויאַטע מיט „שוויענטע" און געמיינט, אַז איך בין אַ פּאַר־טיזאַנישער קייסטלעכער. דער ערשטער האָט דאָס באַמערקט „אַנאַטאָל" און נישט איינמאָל פלעגט ער זיך וויצלען: „חבר הייליקער אָפּיציר"...

די דייטשן האָבן דערווייל באַקומען הילף און ווידער גענומען אַטאַ־קירן. די לאַגע האָט געפאָדערט אויסצודויערן ביזן צופאַלן פון דער נאַכט און אָפּרייסן זיך פון דעם שונא.

ווי ס'איז נאָר טונקל געוואָרן האָבן מיר געעפנט אַ הוראַגאַן־פייער פון אַלע זייטן, כדי אויפצוהאַלטן דעם קעגנער און די הויפּט־כוחות האָבן זיך געקליבן אין וועג אַריין. יעדער האָט גענומען אויף זיך צו פינף הונדערט און מער שטיק אַמוניציע, גראַנאַטן און אַנדער געפּעק און אַזוי באַלאָדן פון אַלע זייטן האָט מען נאָך געמוזט שנעל מאַרשירן, צוליב דער זומערדיקער קורצער נאַכט. מיר האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון ראָמבלווו. די טויזנטקעפּיקע מחנה און די הונדערט און פופציק פערד האָבן אויסגעזען, ווי עס וואָלט מאַרשירט אַ גאַנצע דיוויזיע.

ווען מיר האָבן דערגרייכט דעם ראָמבלאָווער וואַלד, איז דאָס ערשטע געווען אַ ביסל זיך אויסשלאָפן. מידע פון קאַמף און פון דעם פאָרסירנדיקן מאַרש, זענען אַלע אַנידערגעפאַלן אויפן גראָז ווי טויטע. אויפגעוועקט האָט אונדז אַ שטאַרקער גערויש פון עראָפּלאַנען.

— „עראָפּלאַנען! דעקן זיך!" — האָבן זיך גלייך דערהערט באַפעלן, וואָס האָבן אַלע מאָמענטאַל געמאַכט מונטער.

די מענטשן פון דער ווירטשאַפט־קאָמפּאַניע זענען שנעל געלאָפן צו די פּאַשענדיקע זיך פערד, כדי זיי אַריינצוטרייבן טיף אין וואַלד. אונטער די קיכן האָט מען אויסגעלאָשן דאָס פייער. עס איז אָבער אַלץ געווען

אומזיסט. די עראָפּלאַנען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריקער און אָנגעהויבן קרייזן איבער אונדזערע קעפּ, באַשיטנדיק אונדז מיט קוילן און באָמבעס פון קליינעם קאַליבער. מיר זענען געווען מאַכטלאָז, וואָפן קעגן עראָפּלאַנען האָבן מיר נישט געהאַט. די שעה צייט, וואָס זיי האָבן אונדז אַטאַקירט, האָט אויסגעזען ווי אַן אייביקייט. איין באָמבע האָט געטראָפן אין די פאַרמאַסקירטע וואָגנס מיט אַמוניציע. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ געוואַלדיקער אויפרייס. פון די שפּליטערס זענען דערהרגעט געוואָרן צוויי פּאַרטיזאַנער.

מען האָט איצט געדאַרפט דערוואַרטן אַן אָנגריף פון אינפאַנטעריע. „מיעטעק״ האָט איבערגענומען די גאַנצע אָנפירונג. ס׳איז גלייך באַשטימט געוואָרן אַ פאַרטיידיקונגס־שטאַב און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די אָפּטיילונגען פון „אַנאַטאָל״, מיינע און פון אַלעקסאַנדער סקאָנטיצקי — „זעמסטאַ״ נעמען איבער די פאַרטיידיקונג פון צפון. דער אָפּשניט פון מערב זייט איז רעלאַטיוו געווען זיכער. דער צוגאַנג פון דער זייט האָבן געדעקט די זומפּן און דער צעווייקטער באָדן. אַהער האָט מען אָפּגעשיקט רעזערוו־גרופּן, דעם שטאַב און די דאָקטוירים מיט פאַרווונדעטע. די סאָוויעטישע אָפּטיילונגען האָבן פאַרנומען די פאַרטיידיקונג פון דרום. אַלע אַנדערע אָפּטיילונגען האָבן געדאַרפט פערנעמען דעם אָפּשניט פון מזרח.

זיי האָבן אָנגעגריפן פון דער זייט, ווו ס׳איז געווען אונדזער פאַרטיידיקונגס־אָפּשניט. ווי אויף דער האַנט, אַזוי האָט מען געזען ווי זיי גייען אויף אונדז מיט דער גאַנצער זיכערקייט. עס האָט זיך אויך גלייך דערהערט אַ קאַנאָנאַדע פון מערזער. דאָס האָט געדויערט ביי אַ שעה צייט. מיטאַמאָל איז געוואָרן שטיל. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי גרייטן זיך צו שטורעמען דעם וואַלד. אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָבן מיר דערזען איינגעבויגענע סילועטן, וועלכע האָבן זיך אין טיראַליערן גערוקט גלייך אויף אונדזער ליניע. מיר האָבן שוין געזען זייערע פאַרקאַטשעטע אַרבל, ווי זייער שטייגער איז געווען ביי אַ שטורעם־אָנגריף. מיט אָנגעצילטע ביקסן, די פינגער אויף די ציִנגלעך און איינגעהאַלטענעם אָטעם האָבן מיר געוואַרט אויף אַ באַפעל. די היטלעריסטן, זעענדיק אונדזער צוריקגעהאַלטנקייט, האָבן זיך גערוקט אַלץ זיכערער. זיי האָבן זיך שוין נישט איינגעבויגן, נישט געלייגט זיך יעדע עטלעכע שריט, נאָר געגאַנגען אין דער גאַנצער וווקס וווּיליוונגעריש.

דער אָנפירער פון דעם אָפּשניט איז געווען דער קאַפּיטאַן „זעמסטאַ״ — אַ מענטש מיט אייזערנע נערוון און אַ גוטער מיליטערישער סטראַטעג. ער האָט זיי דערלויבט צוצוקומען אַלץ נעענטער, זיי זענען שוין פון

אונדזערע ליניעס אַן ערך פופציק מעטער, די הערצער הייבן אָן האַסטיקער צו קלאַפּן. מיטאַמאָל האָבן זיי זיך אָ ריס געגעבן פון אָרט מיט אַ געוואַל־דיקן געשריי און אימפּעט. זיי זענען שוין געווען כמעט נעבן אונדז, ווי „זעמסטאַ" האָט געגעבן אַ באַפעל: — פייער!...

טויזנטער קוילן פון ביקסן, אויטאָמאַטן, מאַשין־געווער האָבן געגומען פייפן און שניידן די לופט. דער הייסער רעגן האָט אָפּגעקילט די היטלע־ריסטישע געמיטער... צענדליקער זענען געבליבן אויפן אָרט, אַנדערע האָבן שוין מורא געהאַט ווייטער צו לויפן. בלויז אַ קליינער טייל איז אַריין אין וואַלד. ס'איז געקומען צו אַ קאַמף אויף ווייס געווער, אין וועלכן די דייטשן זענען קיין העלדן נישט געווען.

דער ערשטער אָנגריף איז געוואָרן זיגרייך אָפּגעשלאָגן. די היטלע־ריסטן האָבן אָבער נישט רעזיגנירט פונעם פּלאַן אונדז צו פאַרניכטן. אויך אויף אַלע אַנדערע אָפּשניטן איז דער קאַמף אַדורך מיט קלענערע אָדער גרעסערע דערפאָלגן. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג.

עס איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט און דאָס פייער איז נאָך נישט אָפּ־געשטעלט געוואָרן. מאָטאָריזירטע אָפּטיילונגען פון דער דיוויזיע עס־עס „וויקינג" אונטערשטיצט פון אַרטילעריע און עראָפּלאַנען, האָבן ווי אַ רינג געגומען איינקלאַמערן דעם וואַלד און פון צייט צו צייט פון אויבן געזייט מיט באָמבעס און בינטלעך גראַנאַטן. נאָך יעדן איבעררייס האָבן זיי גע־וואָרפן אין קאַמף — יעדעס מאָל אויף אַן אַנדערן אָפּשניט באַנדעס שיכורע עס־עס־מענער, וועלכע ס'איז געלונגען בלוטיק אָפּצושטויסן.

מיר זענען שוין געווען דערשעפּט, מיד, נישט אויסגעשלאָפן און הונ־געריק. יעדער פון אונדז האָט גענאַגט אַ שטיקל גרין צווייגעלע אָדער קאָרע... אָט איז געוואָרן אויף אַ ווײַלע שטיל, און באַלד האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס פייפן און דונערן, די אויפרייסן פון גראַנאַטן און דאָס קנאַקן פון די אָפּגעבראָכענע צווייגן און געשפּאָלטענעביימער. אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן די קולות פון דער עס־עס אויסגעמישט מיט די קרעכצן פון די גוססדיקע און פאַרוווּנדעטע און מיט דעם שטורעמען פון די פאַרטיזאַנער און זייער אויסגעשריי — „פאַר אַ פריי פוילן!"...

טראָץ אונדזערע אַלע זיגן, האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון דער סיטואַציע, אַז פר׳יער אָדער שפּעטער וועלן מיר ווערן באַזיגט פון דער געוואַלדיקער איבערמאַכט, אויב ס'וועט אונדז נישט געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון דעם רינג. מיר האָבן אויך שוין געהאַט אַ סך טויטע און פאַרוווּנדעטע. די סאַניטאַר־מיידלעך האָבן מיט גרויס מסירת־נפש

געטראָגן הילף די פאַרוואונדעטע, איינשטעלנדיק דאָס לעבן יעדן אויגנבליק. עס איז געבליבן נאָר איין אויסוועג — אויסנוצן די נאַכט און אַרויסציִען זיך אין קלענערע גרופּן פון דער געפאַנגענשאַפט...

אונטער דער אָנפירונג פון אַזעלכע דערפאַרענע פאַרטיזאַנישע פירער, ווי אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי, אָדער „אַנאַטאָל" און אַנדערע האָט מען באַשלאָסן זיך דורכצורייסן — יעדע גרופּע מיט אַן אַנדערן וועג — אויף דרום, אין די יאַנאָווער וועלדער אַריין. די שטאַב־גרופּע האָט איבערגענומען „מיעטעק". אין דער גרופּע איז געווען איבער זעכציק פאַרטיזאַנער, צווישן זיי אויך איך. די אונטערנעמונג איז נישט געווען קיין לייכטע. זי האָט אָבער געמוזט ווערן דורכגעפירט.

— מיר מוזן פון די הינטישע זין אַנטרינען! — האָט געזאָגט „מיעטעק" — זיי זאָלן מיינען, אַז דעם גאַנצן טאָג האָבן זיי געקעמפט מיט גייסטער.

ווען ס'איז שוין געווען גוט פינצטער, האָבן די היטלעריסטן איבערגעריסן דאָס פייער, כדי מיט נאָך אַ גרעסערער קראַפט אָנצוגרייפן אינדערפרי. דאַן האָבן מיר זיך גענומען צו גאָר אַ טרויעריקער מיסיע — צו באַערדיקן אונדזערע געפאַלענע חברים אין אַ געמיינזאַמען קבר... די פאַרלוסטן זענען געווען גרויסע. מיר האָבן געהאַט זיבן און פערציק טויטע.

לאַנג זענען מיר געשטאַנען ביי דעם קבר. יעדער האָט געטראַכט וועגן די קרבנות וואָס מיר האָבן געגעבן ביז איצט און וויפל עס וועט נאָך אויסקומען צו געבן ביז ס'וועט אַנטשטיין אַ פריי און גערעכט פוילן...

דערווייל זענען אָנגעקומען די אויסשפּירער און געברענגט נישט קיין פריילעכע ידיעות, אַז די דייטשן האָבן אויסגעשטעלט אויף אַלע וועגן נעסטן מיט מאַשין־געווער און אַז זיי באַלייכטן אויך פון צייט צו צייט די געגנט מיט לייכט־ראַקעטן.

עס איז געבליבן איין אויסוועג: אויסצונוצן די איבעררייסן צווישן איין ראַקעטע און דער צווייטער, שטיל אָפּצורוימען דעם פאַטרול און אַריבער אויף דער אַנדערער זייט. מיר האָבן געהאַט עטלעכע אַזעלכע ספּעציאַליסטן פון „אַראָפּנעמען" שומרים... זיי זענען צעטיילט געוואָרן צווישן די גרופּן. מיר האָבן זיך שנעל געזעגנט מיט די קברים, ווי אויך מיט די חברים פון אַנדערע גרופּן, נישט וויסנדיק צי מען וועט זיך נאָך אַמאָל זען און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

פאַרשווינדנדיק שוין אין טיפן וואַלד, האָבן מיר מיט די זייגערלעך אין די הענט געוואַרט עס זאָל שוין אַריבער אַ האַלבע שעה, אַז אונדזער

גרופּע, וועלכע האָט געדאַרפט זיין די לעצטע, זאָל קאָנען ווייטער רירן פון פּלאַץ. מיט האַרצקלאַפּן האָבן מיר זיך איינגעהערט אין דער שטילער נאַכט, צי זי ווערט נישט פון וועלכער זייט איבערגעריסן מיט אַ שיסעריי. די שטילקייט האָט ממש געקלונגען אין די אויערן, דורכגעדרונגען דעם גאַנצן נערוון־סיסטעם.

מיר האָבן זיך געלאָזט מיט דעם זעלבן וועג, מיט וועלכן ס׳איז גע־גאַנגען די גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון „זעמסטן". מיר זענען געגאַנגען אינדערשטיל איינער הינטער דעם אַנדערן, כדי נישט צו ווערן באַמערקט פון שונא. אַלס פאָדערשוץ האָב איך מאַרשירט מיט נאָך אַ חבר. ביי אַ הונדערט שריט פון אונדז די הויפּט גרופּע און אַ ביסל ווייטער די סאַניטאַר־מיידלעך, די פאַרוווּנדעטע, פון וועלכע אַ טייל האָט מען געמוזט טראָגן אויף בעטלעך, שנעל געמאַכטע פון צווייגן און מאַנטלען. צום שלוס איז געגאַנגען די שוץ־אָפּטיילונג. אַרום איז פינצטער ווי אין מצרים... אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך מיין חבר אין עפּעס פאַרטשעפּעט, ס׳האָט זיך אַ ברעך געטאָן אַ צווייגל און אין דער נאַכטיקער שטילקייט האָט זיך עס אויס־געדאַכט, ווי אַ געוואַלדיקער טומל. פּלוצעם דערהערן מיר פון דער רעכטער זייט אַ פליסטערנדיקע שטים: „האַנס, דו?"

— יאָ, איך — האָב איך נישט קלערנדיק אָפּגעענטפערט.

מיר זענען שנעל צוריקגעגאַנגען צו דער הויפּט־גרופּע מיט דער מעלדונג...

נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָט דער פּולק. „מיטעק" באַשלאָסן, אַז מיר וועלן זיך דורכרייסן נישט ווי אַנדערע אָפּטיילונגען דורך דעם וואַלד, נאָר, ווי עס האָט זיך אויסגעדאַכט, מיט דעם געפערלעכסטן וועג — מיט דעם אָפענעם פעלד, צווישן דעם דאָרף סטאַניסלאַוועק און ראַמבלוווּ.

פון מיליטערישן שטאַנדפּונקט איז דאָס געווען איינפאַך אַ וואַנזין, ווייל אין פאַל ווען מיר וואָלטן אויפגעדעקט געוואָרן, וואָלט קיין איינציקער פון אונדז נישט געבליבן ביים לעבן. דאָך פון דער פּאַרטיזאַנישער פּראַקטיק האָבן מיר אַ סך געלערנט און געהאַט אַ געוויסע דערפאַרונג, אַז די גע־פערלעכסטע ערטער זענען מערסטנטייל געווען די בעסטע. עס האָבן אויך אַ סך מאָל דעצידירט דער פּאַרטיזאַנישער אינסטינקט און די האַלטונג.

די דייטשן זענען געווען איבערצייגט, אַז מיר וועלן זיך פּרוּוון דורכ־רייסן מיטן וואַלד, האָבן זיי טאַקע דאָרט אַרומגעשטעלט שטאַרקע פאַר־זיכערונגען, און דאָס פעלד האָט מען געלאָזט פריי. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז מיר האָבן זיך געמוזט רעכענען דערמיט, אַז מיר קאָנען זיך דאָ אָנשטויסן

אויף דעם שונא, אָבער אין אַזאַ פֿאַל וואָלטן זיי טייער באַצאָלט פֿאַר אונדזער לעבן.

שריט ביי שריט, איינער הינטער דעם אַנדערן האָבן מיר זיך אַרויס־געשאַרט פונעם וואַלד. אונדז האָט צוגעשפּילט די פינצטערע נאַכט, דער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט וואָלקנס, פון וועלכע ס׳האָט גענומען טריפן אַ דריבניטשקער רעגן. מיר האָבן זיך גערוקט אַלץ ווייטער און ווייטער אויף דרום, דורך צעווייקטע שטעגן און פעלדער, טאָפּטשענדיק שווער אין דער בלאָטע, מיד און דערשעפּט פון די לעצטע איבערלעבונגען. דאָס האַרץ פאַרקלעמט, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, האָט נישט איינער פון אונדז געקלערט פון די חברים, וועלכע מיר האָבן אויף אייביק איבערגעלאָזט אין ראָמבלאָ־ווער וואַלד.

דעם איינדרוק פון דעם קאָשמאַרן מאַרש האָט זייער גוט אויסגעדריקט אין זיין ליד דער דיכטער סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ, וועלכער האָט אויך אָנטיילגענומען אין דעם קאַמף ביי ראָמבלווו.

...ס׳איז אַ רעגן געפאַלן אַזאַ, ווי ס׳זאָל עמעץ די הימלען אויספּרעסן.
אונדזערע יאַטן האָבן פון ראָמבלווו צוריקגעקערט אין רייען צעשיטע.
שווער איז געווען אין די ציין די שטילקייט דורך וואַסערן טראָגן
און ס׳דעראָבערטע געווער אויפן האַרץ ווי אַ פידל פאַרהיטן״.

# ניוטע טייטלבוים, פסעוודאָנים „וואַנדאַ"

גרויס איז די צאָל פון יידישע זין און טעכטער, וועלכע זענען העלדיש אומגעקומען אין גלויבן, אַז זייער קאַמף, זייער טויט וועט העלפן אויס־בויען אַ ניי לעבן, אַ נייע אָרדענונג פון מענטשלעכער ווירדע און סאָציאַלן יושר.

צווישן די, וואָס האָבן זייער לעבן געבראַכט אַלס קרבן פאַר דער דאָזיקער גרויסער אידעע, געפינט זיך ניוטע טייטלבוים — „וואַנדע".

ניוטע איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1918 אין לאָדזש. דאָ, אין דער אַרבעטער־שטאָט געפינט זי זייער שנעל דעם וועג צו רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אַלס סטודענטין פון פעדאַגאָגישן פאַקולטעט ווערט די „פּלאַ־נאָנצאַ פּאָכאָדניאַ", ווי מען האָט ניוטען גערופן, באַזייטיקט פון דער שול פאַר סאָציאַליסטישער טעטיקייט.

אין די טעג פון היטלעריסטישער אָקופּאַציע גייט ניוטע אָן אַלס קריסטין „וואַנדאַ וויטוויצקאַ". זי איז איינע פון די ערשטע אין די פּאַרטי־זאַנישע רייען פון דער פאָלקס־גוואַרדיע. „וואַנדע" ווערט די פּאַרבינדלערין מיט וואַרשע און קומט שטענדיק פון לויוויטשער קרייז נאָך געווער, מאַפּעס, קאָמפּאַסן און באַפעלן.

אַ דאַנק איר העלדישקייט און איניציאַטיוו ווערט זי איבערגעשיקט קיין וואַרשע, צו דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע, ווו עס האָבן זיך גרופּירט די בעסטע און אָפּפערוויליקסטע זעלנער און פּאַרטיי־מיטגלידער.

אין משך פון אַ קורצער צייט ווערט „וואַנדע" די נשמה פון דער ספּעציעלער אָפּטיילונג. נישטאָ קיין איין ערנסטערע אַקציע, וועלכע די אָפּטיילונג זאָל האָבן דורכגעפירט אָן דעם אָנטייל פון „וואַנדען".

נאָוועמבער 1942 נעמט זי אָן אוממיטלבאַרן אָנטייל אין דער באַרימטער אַקציע אויף דער ק. ק. אַ., ווען אין מיטן העלן טאָג אינעם סאַמע צענטער פון וואַרשע האָט אָן אָפּטיילונג גוואַרדיסטן קאָנפיסקירט די מיליאָניקע קאָנטריבוציע, וועלכע די דייטשן האָבן אַרויסגעפּרעסט ביי די איינוווינער פון דער הויפּטשטאָט.



ניוטע טייטלבוים, פסעוודאָנים „וואַנדאַ“

צוזאַמען מיט איר פּוילישן חבר יעזשי דוראַטש גייט זי צו דער אַקציע אויף „קאַממער — שפּיעלע — ליכטענטעאַטער", אויפן „קאַפּע־קלוב", אויף דייטשע קינאָס און אַנדערע היטלעריסטישע פאַרוויילונגס־הייזער.

פאַר איר איבערגעגעבנקייט ווערט זי נאָמינירט אַלס אונטעראָפיציר און פאַרטרעטער פון קאָמאַנדיר פון דער ספּעציעלער אָפּטיילונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע, וועלכע פירט אויס די געוואַגטסטע אינטערנעמונגען, ווי למשל, די אַקציע אויף דער מלוכהשער פאַבריק פון ווערט־פאַפּירן, טויט־אורטיילן אויף צוויי דייטשע דירעקטאָרן, דעראָבערן געווער און ענלעכע.

אויפן באַפעל פון דער אָנפירערשאַפט פון דער פאָלקס־גוואַרדיע פירט וואַנדע אויס אַ ריי טויט־אורטיילן אויף געסטאַפּאָ־לייט און היטלעריסטישע משרתים. צווישן אַנדערע באַטייליקט זי זיך אין דער אַקציע פון ליקווידירן די דריי געסטאַפּאָ־אַגענטן אויף וואַשינגטאָן־גאַס.

גרויס איז דער אַנטייל פון ניוטע טייטלבוים — „וואַנדע" אין דער אַרבעט פון דער אונטערערדישער קאַמפּס־גרופּע אין וואַרשעווער געטאָ גלייך ביי איר אַנטשטיין און בעת דעם אויפשטאַנד גופא.

וואַנדע איז די פאַרבינדלערין צווישן די געטאָ־קעמפער און די חברים אויף דער אַרישער זייט. זי איז אַ מיטגליד פון דער צענטראַלער ספּעץ־גרופּע פון דער פאָלקס־גוואַרדיע (ג. ל.) און גלייכצייטיק די אָנפירערין פון דעם פּרויען־פּלוטאָן פון דער פאָלקס־גוואַרדיע אין געטאָ.

עס איז אויך כדאַי אונטערצושטרייכן, אַז אויף דער זיצונג פון דער אָנפירערשאַפט פון דער וואַרשעווער פאָלקס־גוואַרדיע, וועלכע איז פאָר־געקומען אין אָנהייב פון דעם אויפשטאַנד, ווו עס איז געשטאַנען די פראַגע פון אָנגרייפן די דייטשע פּאָזיציע, וואָס האָט באַשאָסן דאָס געטאָ פון דער זייט פון נאָוואָליפּקי־גאַס, דורך דער ספּעץ־גרופּע פון ג. ל. — נעמט אויך אַנטייל ניוטע טייטלבוים.

דאָס איז געווען דעם 20 אַפּריל אין אָוונט. די ספּעץ־גרופּע גרייפט אָן. די דייטשע באַדינונג פונעם קוילנוואַרפער (צוויי עס־עס־מענער און צוויי גראַנאַטאַווע פּאָליציאַנטן) ווערט פאַרניכטעט. וואַנדע מיט אירע חברים ציִען זיך צוריק אָן פאַרלוסטן.

עס איז נישט צום גלויבן, אַז דאָס יונגע מיידל, מיט דעם שיין קיילעכדיק קינדעריש פּנימל און שווערן גאָלדענעם צאָפּ, די פּעדאַגאָגין און איידעלע נשמה, וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט בלומען און פּאָעזיע און וועלכע האָט געוויינט ביים לייענען טאָלסטאָיען — האָט אָן אַ ציטער

געוואָרפן גראַנאַטן, אָן וואַקלעניש געצילט די לופע פון רעוואָלווער אין דער ברוסט פונעם שונא.

דאָס געשטאַלט פון וואַנדען איז געוואָרן ממש אַ לעגענדע. די געס־טאַפּאָווצעס האָבן באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז אַריינצוקריגן אין זייערע לאַפּעס די געפערלעכע פּאַרטיזאַנערין. אַ גאַנץ יאָר האָבן זיי געלויערט אויף איר, אָבער וואַנדען האָט זיך תמיד איינגעגעבן זיך צו ראַטעווען פון זייער נעץ.

די אָנפירונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע האָט באַשלאָסן אַרויסצושיקן זי אויף אַ געוויסער צייט אויף אורלויב. אָבער וואַנדע האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון. איר ענטפער איז שטענדיק געווען דער זעלבער: „איך קאָן נישט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט, אין דער צייט ווען גוטע מענטשן גייען אָפּ אין בלוט".

דער געסטאַפּאָ געלינגט דאָך אויסצושפּיאָנירן איר וווינונג. זי ווערט אַרומגערינגלט און אַרעסטירט. דאָס איז געווען אין דער צווייטער העלפט יולי 1943. געשמידט אין קייטן ווערט זי געבראַכט אין דעם טרויעריק־באַקאַנטן הויז פון דער געסטאַפּאָ אויף דער אַלייע שוכאַ.

וואַנדעס ליפּן זענען געשלאָסן. זי ענטפערט נישט אויף קיין שום פראַגע. נאָך צוויי חדשים פון ענוים אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ הויכט זי אויס די ליכטיקע נשמה...

די ידיעה וועגן העלדישן טויט פון וואַנדען האָט זיך בליץ־שנעל פאַר־שפּרייט צווישן די קעמפער פון דער פאָלקס־גוואַרדיע. די פּאַרטיזאַנער באַשליסן אָפּצוגעבן כבוד דעם אָנדענק פון זייער אומפאַרגעסלעכער און פלאַמיקער קעמפערין — ניוטע טייטלבוים — „וואַנדע" — דורך פאַר־שטאַרקטע אַקציעס קעגן שונא.

כבוד איר הייליקן אָנדענק!

# שמואל יעגער, פסעוודאָנים „עמיל"

אַ שיין בלעטל אין דער געשיכטע פון קאַמף קעגן דעם היטלעריסטישן אָקופּאַנט האָט צו פאַרצייכענען די יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון „עמיליע פּלאַטער", וואָס איר אָנפירער איז געווען שמואל יעגער.

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען די היטלעריסטן האָבן אָנגעהויבן די אַקציעס פון מאַסן־גירושים פון די געטאָס אין די טויט־לאַגערן אַריין. אונטער דעם לאָזונג פון מאַכן לובלין „יודען־ריין", האָבן די פאַשיסטן ליקווידירט איינעם פון די גרעסטע יידישע צענטערס אין פּוילן.

די ידיעה וועגן דער ליקווידאַציע פון לובלינער געטאָ האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין גאַנצן לאַנד און האָט פאַרשטאַרקט דעם אַלץ וואַקסנדיקן באַוווסטזיין ביי די יידן, אַז די היטלעריסטן זענען דעצידירט פיזיש אויס־צוראָטן די יידישע באַפעלקערונג און די ליקווידאַציע פון לובלינער געטאָ איז דער אָנהייב פון דעם סוף פון פּוילישן יידנטום.

דער פאַקט האָט אויך באַוויגן די פּראָגרעסיווע יוגנט, און קודם־כל די מענטשן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין די געטאָס און לאַגערן, צוצואיילן דעם טעמפּ פון באַוואָפנטער זעלבסטפאַרטיידיקונג.

צו דער קאַטעגאָריע אַקטיוויסטן האָט אויך געהערט דער יעפרייטער שמואל יעגער, וועלכן די מלחמה פון 1939 האָט פאַרטראָגן אין קריגס־געפאַנגען־לאַגער פאַר יידישע זעלנער פון דער פּוילישער אַרמיי, וואָס האָט זיך געפונען אין לובלין אויף דער ליפּאָווע־גאַס.

אין שווערע באַדינגונגען הייבט ער אָן דאָ צו אָרגאַניזירן אַ גרופּע פון אַ פּאָר צענדליק חברים קריגס־געפאַנגענע צום אוממיטלבאַרן קאַמף מיט דעם דייטשן באַרבאַריזם. נישט געקוקט אויף דער טאָפּלטער געפאַר, סיי אַלס קריגס־געפאַנגענער און סיי אַלס ייד, קניפּט ער אָן אַ קאָנטאַקט מיט די לובלינער אָרגאַנען פון דער פאָלקס־גוואַרדיע, וועלכע האָבן אים שפּעטער געגעבן די נייטיקע הילף ביים אַנטלויפן פון לאַגער.

די העלדישע גרופּע, אין שפּיץ פון וועלכער עס שטייט שמואל יעגער, איבערפאַלט מיט ליידיקע הענט דעם מאַגאַזין מיט געווער אין לאַגער, דערהרגעט די היטלעריסטישע וואַך און באַוואָפנטע קומען זיי אין

די שכנותדיקע וועלדער, ווו עס אַנטשטייט די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג פון דער פּאָלקס־גוואַרדיע אויפן נאָמען פון „עמיליע פּלאַטער".

די יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג טרעט גלייך צו צו פאַרשידענע אַקציעס קעגן שונא אויף דעם געביט פון לובלין און פולאַוו. אין דער ערשטער ריי קומען איבערפאַלן אויף היטלעריסטישע אָפּטיילונגען, וועלכע קומען אויפמאַנען די תבואה־קאָנטינגענטן. די דייטשע אַדמיניסטראַציע איז איצט געצוווּנגען אַרויסצושיקן גרעסערע גרופּן, ווייל קלענערע ווערן שטענדיק צעקלאַפּט דורך די „יעגעראָווצעס", ווי די פויערים פלעגן רופן די יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג פון יעפרייטער שמואל יעגער.

די העלדישע טאַטן פון שמואלן און זיינע יאַטן האָבן שנעל געקראָגן אַן אָפּקלאַנג צווישן דער יידישער יוגנט, וועלכע איז געווען פאַרשפּאַרט אין די אַרומיקע געטאָס און זענען געוואָרן אַ סטימול צו אַנטלויפן אין די וועלדער, ווו עס אַנטשטייען נאָך אַ סך אַנדערע יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען אויף די נעמען פון: „בערעק יאָסעלעוויטש", „מרדכי אניעלעוויטש", „יאַן קאַזיעטולסקי" מיט וועלכע עס פירט אָן מיעטעק גרובער און אַנדערע.

דער שם פון דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון יעגערן איז געוואַקסן. אין אַ סך נומערן פונעם אָרגאַן פון דעם הויפּט־שטאַב פון דער פּאָלקס־אַרמיי — „גוואַרדזשיסטאַ" — ווערן אויף אַן אַנגעזען אָרט דערמאָנט די קאַמפס־אויפטוען פון דער פּאַרטיזאַנישער גרופּע.

צווישן אַנדערן ווערט אָנגעגעבן:

1) דעם 14 אַפּריל 1943 האָט די אָפּטיילונג פון „עמיליע פּלאַטער" אונטער דער אָנפירונג פון שמואל יעגער פאַרניכטעט די מעלקערייאין גאַרבוּוו, פולאַווער קרייז *);

2) דעם 17 אַפּריל 1943 נעמט די אָפּטיילונג פון „עמיליע פּלאַטער" אויף אַ קאַמף מיט פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע אין דער צאָל פון זעכציק מאַן אין דער אָרטשאַפט פּלאַטיטשצע, לובלינער קרייז. מיט די פּאַרטיזאַנער פירט אָן שמואל יעגער **);

---

*) 1, 2) קאָמוניקאַט פון הויפּט־שטאַב פון דער פּאָלקס־גוואַרדיע נומער 19 פון 31 מאַי 1943 — א. ז. ה. פּ.

**) 3, 4) קאָמוניקאַט פון הויפּט־שטאַב פון דער פּאָלקס־גוואַרדיע נומער 20 פון 10 יוני 1943 — א. ז. ה. פּ.

3) דעם 10 מאַי 1943 האָט די אָפּטיילונג פון „עמיליע פּלאַטער" פאַרניכטעט די גמינע אין מאַרקושאָווע. עס זענען פאַרברענט געוואָרן אַלע אַקטן *);

4) דעם 11 מאַי 1943 האָט די זעלבע אָפּטיילונג אַזאַ אַקציע דורכגעפירט אין דער גמינע אין גאַרבוווּ *);

5) אויגוסט 1943 האָט די אָפּטיילונג פון „עמיליע פּלאַטער" אונטער דער אָנפירונג פון שמואל יעגער צוזאַמען מיט אַן אָפּטיילונג פון ב. כ. (פּויערישע באַטאַליאָנען) אָנגעגריפן אַ דייטשע אָפּטיילונג אין דעם גוט גראַבוווּ. די דייטשן זענען געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן, איבערלאָזנדיק איין טויטן און איין פאַרוווּנדעטן *);

6) דעם 26 אָקטאָבער 1943 פירט די אָפּטיילונג פון „עמיליע פּלאַטער" אַ קאַמף מיט זשאַנדאַרמעריע אין מאַרקושאָווע. די פּאַרטיזאַנער באַהערשן די באַזע, ווו עס האָבן זיך געפונען די דייטשע „קאָנטינגענטן". די גאַנצע קאָנפיסקירטע סחורה ווערט פאַרטיילט צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג *);

7) דעם 23 נאָוועמבער 1943 טוט די זעלבע אָפּטיילונג באַהערשן אַ דייטשן מאַגאַזין אין גאַרבוווּ. זיי קאָנפיסקירן זעקס טאָן פיש, וואָס ווערט פאַרטיילט צווישן דער אָרעמער באַפעלקערונג *).

*

דער פאַרטרעטער פון יעפר. שמואל יעגער און גלייכצייטיקער אָנפירער פון דער יידישער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון „יאַן קאָזיעטולסקי" איז געווען מיעטעק גרובער, פּסעוודאָנים „מיעטעק".

אונטער זיין פּערזענלעכער אָנפירונג זענען אויסגעפירט געוואָרן אַ סך וויכטיקע אונטערנעמונגען, צווישן אַנדערע:

1) דעם 2 אַפּריל 1943 האָט די אָפּטיילונג פון „קאָזיעטולסקי" אונטער דער אָנפירונג פון מיעטעק גרובער אויפגענומען אַ קאַמף מיט זשאַנדאַרמעריע אין שעדליסק, קרייז לובאַרטוווּ. איין זשאַנ־

*) 5) קאָמוניקאַט פון הויפּט־שטאַב פון דער פאָלקס־גוואַרדיע נומער 27 פון 15 סעפּטעמבער 1943 — א. ז. ה. פּ.

*) 6, 7) קאָמוניקאַט פון הויפּט־שטאַב פון דער פאָלקס־גוואַרדיע נומער 1 פון 10 יאַנואַר 1944 — א. ז. ה. פּ.

דאַרם ווערט געהרגעט און צוויי פאַרוואונדעט. די גרופּע ציט זיך צוריק מיט איין פאַרוואונדעטן און מיט אַ דעראָבערטן אויטאָמאַט *);

2) דעם 12 אַפּריל 1943 האָט די זעלבע אָפּטיילונג אויפגענומען אַ קאַמף אין פרישטשאַוואַ־גוראַ מיט אַן אָפּטיילונג פון זשאַנדאַר־מעריע, וואָס האָט געציילט 160 מאַן. די היטלעריסטן זענען געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוציִען. די פּאַרטיזאַנער זענען אַרויס אָן פאַרלוסטן *);

3) דעם 4 יוני 1943 קומט צו אַ קאַמף צווישן דייטשן, וועלכע סטאַציאָנירן אין דעם גוט לעסצעבין פון איין זייט, און צוויי פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען פון ג. ל. — „עמיליע פּלאַטער", אונטער דער אָנפירונג פון שמואל יעגער — פּסעוודאָנים „עמיל" און „קאַזיעטולסקי", אונטער דער אָנפירונג פון מיעטעק גרובער, פּסעוודאָנים „מיעטעק". דער קאַמף דויערט צוויי שעה. די דייטשן זענען געצוווּנגען זיך צוריקצוציִען, מיטנעמענדיק די פאַרוווּנ־דעטע *);

4) יולי 1943 האָבן צוויי פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען פון ג. ל. — „עמיליע פּלאַטער", אונטער דער אָנפירונג פון שמואל יעגער, און „קאַזיעטולסקי", אונטער דער אָנפירונג פון מיעטעק גרובער, אָנגעגריפן פאַרבייפאָרנדיקע דייטשע אָפּטיילונגען הינטער נאַלענ־טשעוו, פאַרשאַפנדיק זיי גרויסע פאַרלוסטן אין מענטשן און מאַ־טעריאַל *).

*

אַלס אָנערקענונג פאַר זיינע פאַרדינסטן איז דער יעפרייטער שמואל יעגער דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון אָפיציר פון דער פאָלקס־גוואַרדיע און באַקומען אַ הויכע אויסצייכענונג.

שמואל האָט די באַלוינונג ערלעך פאַרדינט. ער איז שטענדיק געווען

*) 1, 2) קאָמוניקאַט פון הויפּט־שטאַב פון דער פאָלקס־גוואַרדיע (ג. ל.) נומער 19 פון 31 מאַי 1943 — א. ז. ה. פ.

*) 3, 4) קאָמוניקאַט פון הויפּט־שטאַב פון דער פאָלקס־גוואַרדיע נומער 24 פון 10 אויגוסט 1943 — א. ז. ה. פ.

דער ערשטער אין אָנגריף און דער לעצטער, וואָס האָט פאַרלאָזט דעם קאַמפּס־פּלאַץ.

פעברואַר 1944 קומט צו אַ שלאַכט אין דער געגנט פון וואָליאַ־פּשיביסלאַווסקאַ מיט אַ גרויסער אָפּטיילונג פון זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָט סטאַציאָנירט אין דער צוקער־פאַבריק אין גאַרבוווו. די שלאַכט איז געווען אַ פאַרביסענע. עס זענען פאַראַן טויטע און פאַרוווּנדעטע פון ביידע זייטן, נאָר די אָפּטיילונג פון „עמיליע פּלאַטער" גיט דעם גרעסטן קרבן. עס ווערט שווער פאַרוווּנדעט איר אָנפירער שמואל יעגער. ער דערלויבט נישט מען זאָל אים אַוועקנעמען פון קאַמפּס־פּלאַץ, ביז די שלאַכט ווערט נישט פאַרענדיקט מיטן נצחון פון די פאַרטיזאַנער.

אין וואַלד שטאַרבט דער העלד אויף די הענט פון זיינע טרייע קאַמפּס־חברים. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען: „קעמפט ביז דעם לעצטן טראָפּן בלוט! זאָלן די פאַשיסטן פילן די שטאַרקע האַנט פון די פאַרטיזאַנער!"...

דעם טויטן קערפּער פון זייער געליבטן אָנפירער האָבן די פאַרטיזאַנער מקבר געווען אין וואַלד, זיין גייסט איז אָבער געבליבן אין זייערע זעלנע־רישע, פאַרהאַרטעוועטע הערצער.

די „יעגעראָוועס" זענען ווייטער געגאַנגען אין דעם וועג, וועלכן עס האָט מיט זיין בלוט אָנגעצייכנט זייער אָנפירער, און דורך זייערע העלדישע מעשים מיט גרויסע אותיות פאַרשריבן דעם אָנדענק פון דער יידישער פאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון „עמיליע פּלאַטער", וואָס איר אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער איז געווען דער העלדישער בחור שמואל יעגער.

דאָס ווידער־אויפגעלעבטע פּוילן האָט הויך אָפּגעשאַצט די פאַרדינסטן פון אָפיציר שמואל יעגער, באַשענקענדיק אים נאָכן טויט מיט דער קאַמפּס־אויסצייכענונג „ווירטוטי מיליטאַרי" פינפטער קלאַס.

# אין פאַרניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע

עס איז דער 21 מאַי 1943 אין פאַרניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע. משה פלאַמענבאַום־קשעמינסקי איז געשטאַנען אין אַ ריי מיט נאָך הונדערטער יידישע מענער, פרויען און קינדער, פאַראורטיילטע צום טויט. מען טוט שוין אויסלאָדן די לעצטע וואַגאָנען. אַ סך פון זיי גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער וועג אין לעבן. עס איז אַ וואַרעמער אָוונט, אַ לייכט ווינטל טראָגט זיך מיט געררויש פון די אַרומיקע סאָסנאָווע וועלדלעך און פרישט אָפּ אַ ביסל די פאַרשמאַכטע מענטשן, וועלכע מען האָט נאָר וואָס אַרויסגעשטויסן פון די פראַכט־וואַגאָנען, אָנגעשטאָפּטע ביז איבער די ברעגן, ווי הערינג אין אַ פאַס. די מענטשן אָטעמען שווער מיט געעפנטע מיילער ווי פיש, וועלכע מען האָט אַרויסגעצויגן פון וואַסער. קיינער האָט שוין דעם ווייפלטן טאָג קיין לעפל געקעכטס אין מויל נישט געהאַט, נאָר מען פילט נישט קיין הונגער. יעדער געזעגנט זיך אין די געדאַנקען מיט זיינע נאָענטסטע, וועגן וועלכע מען ווייסט אָפילו נישט, ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

פון צייט צו צייט וואַרפט פלאַמענבאַום אַ בליק אויף זיין פריינד, הערש פרויליך, אַ הויכער בחור פון וואַרשע, וועלכער שטייט ביי זיין זייט און ער פילט, ווי עס קאָכט אין אים דאָס בלוט. ער האָט דעם איינדרוק, אַז אַ ליאַדע מאָמענט וועט ער זיך וואַרפן אויף דעם ערשטן בעסטן היטלעריסט — און כאָטש עטלעכע אויסגעהאַקטע ציין פאַרלאַנגען פאַר זיין לעבן... אויך פלאַמענבאַום איז צו אַן ענלעכן שריט דעצידירט. אין געדאַנק קומט אויף פאַר אים דער קאַמף מיט די באַנדיטן בעתן אויפשטאַנד אין געטאָ... דער אָפּשניט אויף מילע־גאַס, ווו ער האָט געקעמפט אַלס אָנפירער פון דער דאָרטיקער „זשאַב״־גרופּע... זיינע אויגן מעסטן יעדעס מאָל אָפּ אַן אַנדערן שומר... ער זעט זיין פאַרהאַסט פּנים, די חיהשע אויגן... און די פויסטן טוען זיך קראַמפּהאַפט ביילן... מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ גוואַלדיקער טומל. עס טראָגן זיך קולות, באַגלייט מיט ביקסן־שאָסן. די היטלעריסטן לויפן ווי פאַרסמטע מייז פון איבעררראַשונג... אַ גרופּע יונגע מענטשן האָבן באַשלאָסן צו אַנט־לויפן. ווי עלעקטריזירט האָבן פלאַמענבאַום און פרויליך זיך געלאָזט אין זייער וועג...

די טונקלקייט פון אָוונט איז געווען זייער פאַרבינדעטער. די היטלעריסטן האָבן זיך געלאָזט נאָך די אַנטלויפנדיקע נישט אין דער געהעריקער ריכטונג. פלאַמענבאום און פרויליך האָבן דערגרייכט די וואַגאָנען... אין איינעם פון זיי געטראָפן אַלטע קליידונג פון דערמאָרדעטע מענטשן, צוגעגרייטע צום אַרויסשיקן. בעסער האָבן זיי נישט געקאָנט טרעפן. פאַרשטעקט צווישן דעם אַלטוואַרג האָבן זיי געוואַרט אויף דער באַרואיקונג אין לאַגער און מיט האַרצקלאַפּן זיך איינגעהערט אין יעטוועדער באַוועגונג און גערויש.

דאָס שיסן האָט נישט אויפגעהערט. זעקס פון דער גרופּע זענען געבליבן טויט אויפן אָרט. דער גורל פון די איבעריקע איז געבליבן אומבאַקאַנט... משה פלאַמענבאום און הערש פרויליך האָבן זיך נאָך די זעלבע נאַכט געפונען מיט די וואַגאָנען אין וואַרשע... אין דעם געוואַלדיקן טומל און געיעג האָט פלאַמענבאום אַפילו נישט געפילט דעם ווייטיק פון דער דורכגעשאָסענער האַנט און דאָס פליסנדיקע קלעפּנדיקע בלוט. שנעל האָט אים הערש מיט אַן אָפּגעריסענעם פאַס לייוונט פון אַ העמד פאַרבאַנדאַזשירט די וווּנד און אַזוי איז ער פאַרבליבן ביז ער האָט באַקומען די ערשטע מעדיציניש הילף דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם פוילישן חבר פון פ.פּ.ר. זאַבלאָדאָווסקי.

— איר קאָנט דאָ לענגער נישט בלייבן — האָט צו אים געזאָגט זאַבלאָ־דאָווסקי. — די לאַגע אין וואַרשע איז אַן אָנגעשטרענגטע. מען קאָן אייך דערקענען. אומעטום לויערן שפּיצלעס און געסטאַפּאָ־אַגענטן. מיר האָבן שוין דאָ אַ גרופּע, וועלכע דאַרף אַוועקגיין אין וואַלד צו דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון האָלאָד — „קירפּיטשני", וועט איר זיך אָנשליסן צו זיי.

קיין בעסערער אויסוואַל האָט נישט געקאָנט זיין. באַזאָרגט מיט געלט און מיט דריי רעוואָלווערן, האָט פלאַמענבאַום מיט נאָך צען פּערזאָן, דערונ־טער איין פרוי, זיך געלאָזט אין וועג, צו די „שוואַרצע וועלדער" ביי רודנע.

דער ערשטער פּאָדפּונקט, אויף וועלכן זיי האָבן זיך געדאַרפט טרעפן מיטן באַגלייטער אויף אַ געוויסן אָפּשניט, איז געווען דער צווינטער נעבן ראַדזימין. אויף זייער פּאַראָל „זאַ בוג", האָבן זיי געדאַרפט באַקומען דעם ענטפער „אידזשעמי". צום באַדויערן איז צו דער טרעפונג נישט געקומען. די סיבה איז ביז היינט נישט באַוווסט. זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף דעם צווינטער ביז פאַרטאָג און דאַן באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין וועג אויף אייגענער האַנט. צעטיילט אין גרופּן האָבן זיי זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אין דעם דאָרף רודקאָ. פלאַמענבאַומען איז אויסגעקומען צו גיין מיטן חבר מאָטל שאַרפּאייזן — „מיעטעק".

אויך דאָס מאָל איז פון דעם אָפּרעדן זיך גאָרנישט געוואָרן. קיינער



משה פלאַמענבאַום־קשעמינסקי, פסעוו. „וולאַדעק"

פון די איבעריקע איז קיין רודקע נישט געקומען. שאַרפּאייזן און פלאַמענבאַום האָבן געוואַנדערט אַרום רודקע עטלעכע טעג, עס האָבן זיך זיי שוין אויסגע־לאָזט די לעצטע רעזערוון פון עסן. זיי האָבן באַשלאָסן אַריינצוגיין אין דעם ערשטן בעסטן הייזל און פּרוּוון עפּעס קויפן, און וויבאַלד ס׳וועט מעגלעך זיין, אויך איבערנעכטיקן.

ס׳איז שוין געווען גוט טונקל, ווען זיי זענען צוגעקומען צו אַ קליין פּויעריש שטיבל, אַרומגעצוימט מיט אַ נידעריק פּאַרקנדל פון דינע ברעטלעך, לעבן וועלכן ס׳איז געשטאַנען אַ באַצירטער מיט בלומען הילצער־נער קרייץ.

— אַ גוטן אָוונט! — האָבן זיי באַגריסט אויף פּויליש.

— אַ גוטן אָוונט — האָט געענטפערט אַן עלטערע פרוי, אַנשטעלנדיק אויף זיי צוויי דערשראָקענע אויגן.

זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַלס הענדלער פון וואַרשע, וועלכע פאָרן אַרום איינקויפן לעבנסמיטל. די פרוי האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, אָבער מער ווי אַ לאַבן ברויט מיט עטלעכע ציבעלעס האָבן זיי ביי איר נישט באַקומען. ווייזט אויס, אַז זי האָט מורא געהאַט, אַז זיי וועלן נישט באַצאָלן און האָט געוואָלט וואָס שנעלער פון זיי פּטור ווערן. אָבער ווען שאַרפּאייזן האָט אַרויסגענומען דעם פּאָרטפעל און זי האָט דערזען די גלאַנצנדיקע „גוראַלעס״*), האָט זי שנעל אַרויסגענומען פונעם אויוון אַ טאָפּ מילך און מיט פּויערישער גיריקייט אים אָקעגנגעטראָגן, ווי זי זאָל זאָגן: „באַצאָלט, וועט איר דאָס אויך קריגן״...

גלייך אויפן אָרט האָבן זיי אויסגעטרונקען צו גלעזער מילך און דאָס איבעריקע אריינגעגאָסן אין אַ פלאַש צום מיטנעמען מיט זיך.

שוין די וויפלטע נאַכט, אַז זיי נעכטיקן אין וואַלד, אַמאָל אין אַ פּויערישער סטאָדאָלע. מיט קלענערע אָדער גרעסערע שוועריקייטן באַקומען זיי עפּעס צו עסן. זיי האָבן זיך שוין איינמאָל באַגעגנט מיט פּאָליציי, און ס׳איז זיי קוים געלונגען זיך אַרויסצודרייען. זיי האָבן שוין הינטער זיך צענדליקער און צענדליקער קילאָמעטער דורכגעמאַכט צופוס און פון זייער גרופּע האָבן זיי קיין שום ציכן נישט.

— אפשר זענען זיי ערגעץ אַריינגעפאַלן — האָט מאָטל געזאָגט — עס וואָלט גוט געווען ביי אַ געלעגנהייט צו כאַפּן אַ שמועס מיט וועלכן ס׳איז פּויער.

*) אין דער פאָלקס־שפּראַך — די פינפהונדערטער זלאָטעס.

Z A S W I A D C Z E N I E

Stwierdzam ze por. Krzeminski Mieczysław pseudo "Władek" w lecie 1943r. przez Kom. Warszawski P.P.R. do pracy bojowej, po zakonczeniu walki w Getcie Warszawskim. Wymieniony zgłosił się do mnie jako Kom. Okregu Lubelskiego Gwardii Ludowej i współpracował po linii wojskowej i partyjnej. Brał udział w wykolejeniu dwu transportów niemieckich. Brał udział w szeregu bitw i potyczek miedzy innymi w Jamach. Był jednym z pierwszych których wysyłałem za Bug dla skontaktowania się z partyzantką sowiecką gdzie jednoczesnie przewoził b. ważne papiery przysyłane przez [illegible].P.R. i Ko[illegible] Armii [illegible]. Trzy razy ranny. Przedstawiony był do odznaczenia Krzyżem Grunwaldu w lutym 1944r. Przez Sekretarza Woj. P.P.R. "Jana Tyfusa"
Jako zolnierz, towarzysz i człowiek wykazał się pierwszorzednymi zaletami.

Podpis własnoreczny
Kaz. Sidor płk.

Warszawa dnia 2-III-46r.

Za zgodność z oryginałem
[illegible]



די באַשטעטיקונג וועגן פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט
פון משה פלאַמענבאַום־קשעמינסקי

אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך באַלד געמאַכט. פאַרנאַכט האָבן זיי אָנגע־קלאַפּט אין אַ טיר, ווו ס׳האָט זיי געעפנט אַן אַלטער גרויער מאַן, וועלכער האָט נישט קוקנדיק אויף די געסט זיך צוריקגעזעצט צו זיין אַרבעט — פלעכטן לאַטשן פון קאָרע. ווייזט אויס, אַז ער האָט נישט איינמאָל אַזעלכע באַזוכער געהאַט און זיך נישט געוואָלט שטערן אין זיין פאַרדינסט.

זיי האָבן צוזאַמען אָפּגעגעסן אַ מאַגערע קאַרטאָפל־זופּ, וועלכע דער פויער האָט אַליין געקאָכט, אויסגעשפּרייט אַ ביסל שטרוי אויף דער ליימענער פּאָדלאָגע און זיך געלייגט שלאָפן.

ווען זיי זענען שוין געלעגן, האָט דער פויער זיי אָנגעהויבן דערציילן, אַז אין דאָרף זענען פאַרגעקומען אַרעסטן ביי די אַלע, וואָס האָבן עמעצן געהאַט ביי די פּאַרטיזאַנער, אָדער וועלכע האָבן אויסבאַהאַלטן עמעצן פון זיי, געבנדיק צו פאַרשטיין, אַז עס וואָלט געווען גוט, זיי זאָלן פאַרטאָג אַרויסגיין, ס׳זאָל קיינער נישט באַמערקן, ווייל מען קאָן נאָך אויף אים צוטראָגן צו דער פּאָליציי, וועלכע האַלט דאָ אין איין זוכן פאַרדעכטיקע פאַרשוינען.

עס איז נישט געווען מער צוליב וואָס זיך אַרומצודרייען דאָ און וואַרטן. ביידע האָבן באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין די פאַרטשעפּעווער וועלדער, וועלכע האָבן זיך געצויגן אויף אַ שטח פון אומגעפער הונדערט און פופציק קוואַד־ראַט־קילאָמעטער. דאָרט האָט זיך יעדער פאַרפּאָלגטער געפילט אַ ביסל זיכערער, דערצו האָבן זיי נאָך געהאָפט דאָרט צו טרעפן, וועלכע ס׳איז פון די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, צו וועלכע דער חבר זאַבלאָדאָווסקי האָט זיי געשיקט.

שפּאַנענדיק אַזוי זיכער פאָרויס איז פּלוצעם ווי פון אונטער דער ערד פאַר זיי אויסגעוואַקסן אַ מאָדנער פאַרשוין מיט אַ ביקס מיט אַן אמוניציע לענטע פאַרצויגן איבערן לינקן אַקסל און אין אַ פּלושענעם הוט אויפן קאָפּ. ביידע האָבן אָנגעהויבן שמייכלען פון זיין אויסזען, נאָר באַלד זענען זיי ערנסט געוואָרן — נישט ווייסנדיק צי האָבן זיי אַמאָל נישט געטראָפן צו פּאַרטיזאַנער פון ען.עס.זעט., וועלכע וואָלטן אַזעלכע צוויי יידן שנעל דערליידיקט...

— ווער זענט איר ? — האָבן זיי דערהערט אַ פראַגע אין רוסיש.

— מיר זוכן פּאַרטיזאַנער. מיר זענען פון וואַרשע.

— פּאָליאַקן ?

— יאָ, פּאָליאַקן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס און צוזאַמען מיט אים האָבן זיי זיך

געלאָזט דורך פאַרשידענע פאַרדרייטע וועגלעך אין דער טיפעניש וואַלד, ביז זיי זענען צוגעקומען צו אַ לאַגער מיט געצעלטן און אַרום צעלייגטע פייערלעך, אויף וועלכע מען האָט געקאָכט מיטאָג. עס האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט באַוואָפנטע מענער און פרויען, אָנגעטאָן אין פאַרשידענע מונדירן: פוילישע, רוסישע, און אַ טייל אויך אין דייטשע מיליטערישע אוניפאָרמען. אָבער מייניסטנס פון זיי זענען געווען אין ציווילער קליידונג.

— דער קאָמאַנדיר? — האָט זיך דער פאַרטיזאַנער געפרעגט ביי אַ יונג, בלאָנד מיידל אין אַ פוילישן מונדיר און ציווילע הויזן מיט אַ סאָוויעטישן אויטאָמאַט פאַרוואָרפן פון פאַרנט.

— טאַם! *) — האָט זי אָנגעוויזן אויף אַ געצעלט, לעבן וועלכן ס'איז געשטאַנען אַ ברייטביייניקער בחור מיט אַ שוואַרצן געלאָקטן קאָפּ האָר.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען דער קאַפּיטאַן כיל גרינשפּאַן, דער פירער פון דער יידישער פאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג.

זיי האָבן זיך גלייך אַנידערגעזעצט אויף פּניאַקעס פון אָפּגעשניטענעביימער, כדי זיך אָפּצורוען. אויף דעם באַפעל פון כילן האָט מען זיי צוגעטראָגן אַ קעסעלע מיט הייסער זופּ, געקאָכטע אויף פערד־פלייש. אין אַ חברישן שמועס האָבן זיי זיך געטיילט מיט פאַרשידענע איינדרוקן, דערציילט וועגן זייער גרופּע, מיט וועלכער זיי האָבן זיך געדאַרפט טרעפן אין רודקע, וועגן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. אַרום זיי האָבן זיך גענומען זאַמלען פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן מיט גרויס נייגיר אויסגעהערט אַלע איינצלהייטן פון דעם אויפשטאַנד.

עס איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען כיל אַליין האָט זיי צוגעפירט צו דער אָפּטיילונג פון דעם אוקראַינישן בחור יאַן האלאד — „קירפּיטשני", וועלכער האָט זיי אויפגענומען זייער וואַרעם. ווען זיי האָבן אים איבערגעגעבן אַ גרוס פון וואַרשע, האָט ער זיי פאַרגעלייגט צו בלייבן אין זיין אָפּטיילונג. זיי האָבן זיין פאַרשלאַג אָנגענומען און פאַרזיכערט, אַז זיין צוטרוי צו זיי וועלן זיי נישט אַנטוישן.

— איך בין אין דעם זיכער — האָט מיט אַ שמייכל געענטפערט „קירפּיטשני" — איר זענט דאָך יאַטן געשיקטע פון זאַבלאָדאָווסקין...

---

*) דאָרט!

# אַלס סעקרעטאַר פון באַטאַליאָן

דאָס איז געווען דעם 6־טן יוני 1943. דער קאָמענדאַנט פון קרייז נומער צוויי א. ל. אויף לובלינער געגנט, קאַזשימיעזש סידאָר, פּסעוודאָנים „קאַזשיק", האָט אין קעגנוואַרט פון דעם סעקרעטאַר פון פּ.פּ.ר. אויף דעם געביט, דעם „דאָמבראָווטשאַק" יאַן סלאַווינסקי, פּסעוודאָנים „טיפוס", באַשטימט משה פלאַמענבאַום אַלס סעקרעטאַר פון באַטאַליאָן. זינט דעמאָלט איז פלאַמענבאַומען אויסגעקומען אָנטיילצונעמען יעדעס מאָל מיט אַן אַנדער אָפּטיילונג אין פאַרשידענע אויסגעפירטע אַקציעס, כדי שפּעטער צו קאָנען מאַכן די מעלדונגען פאַר דעם שטאַב.

מיינסטנס איז אים אויסגעקומען צו זיין אין די רייען פון כיל גריג־שפּאַנס פאַרטיזאַנער. איינמאָל נישט ווייט פון דעם דאָרף רודקאָ אין אַ וואַרעמער יוני־נאַכט האָט פלאַמענבאַום באַקומען צוגעטיילט צען זעלנער פון כילן. די אויפגאַבע איז געווען — פאַרניכטן די טעלעפאָן־ליניעס אויף דעם אָפּשניט פאַרטשעוו — ווישניצע.

אויסגעשטאַט אין העק, זעגן, אייזנס און צוואַנגען, ווי די בעסטע בוי־מייסטערס, האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג. זיי האָבן זיך איינגעטיילט אין דריי גרופּן. די ערשטע איז גלייך צוגעטראָטן צום אונטערשניידן די טעלעפאָן־סלופּעס, די צווייטע האָט זיי צוזאַמענגעטראָגן און ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, האָט מען אונטערגעצונדן איין שייטער נאָכן צווייטן און פאַרניכטעט. עס זענען אויך פאַרברענט געוואָרן אַ ריי הילצערנע בריקן אויף דער ליניע.

די אַרבעט האָט געדויערט ביז אין מיטן דער נאַכט און דער רעזולטאַט איז געווען אַ צעשטערטע טעלעפאָן־פאַרבינדונג אויף אַן אָפּשניט פון אַכט ביז צען קילאָמעטער וועג.

אַזעלכע אַקציעס זענען אין דער צייט פאָרגעקומען אויף פאַרשידענע אָפּשניטן, וואָס האָט געצוואונגען די דייטשע אַדמיניסטראַציע ארויסצושיקן מיליטערישע פּאַטרולן אויף אַלע וויכטיקע טעלעפאָן־ליניעס.

צופרידענע פון דעם אָפּגעטוענעם שטיקל אַרבעט, האָבן זיי צוזאַמענ־

גענומען די גרופן און זיך געלאָזט צוריק צו זייער „פּאַרטיזאַנישער היים״. אַרום איז געווען שטיל, בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ בילן פון אַ הונט ערגעץ ביי אַ פויערישער ווירטשאַפט. זיי האָבן מאַרשירט מיט דעם אַזוי־גערופענעם „פוילישן וועג״, געשיצט פון איין זייט דורך אַ געדיכטן סאָסנאָוון וואַלד, אין וועלכן זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז אַהין וועט קיין דייטשער זעלנער ביינאַכט קיין פוס נישט אַריינשטעלן. ווען זיי האָבן זיך דערנענטערט צום דאָרף איז דאָס בילן געוואָרן שטאַרקער.

פלאַמענבאַום האָט גלייך אַרויסגעשיקט צוויי אויסשפּירער, דעם פּאַרטיזאַנער עליע היטלמאַכער און כיל גרינשפּאַנס ברודער — אברהם. די איבעריקע האָבן דערווייל פאַרנומען פּאָזיציעס ביים ראַנד פון וואַלד. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי זיי האָבן דערהערט אַ גרעגערן פון מאַשין־ביקסן און דערזען די צוויי אויסשפּירער אין איין אָטעם צוריקלופין.

— ווייזט אויס, אַז מען האָט זיי באַמערקט — האָט זיך אָנגערופן יצחק — אַ פּאַרטשעווער בחור.

עס האָט זיך טאַקע באַשטעטיקט, אַז זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַ דייטשן נאַכט־פּאַטרול, וועלכער האָט אויף זיי געעפנט אַ פייער. עס איז געווען פּאָרויסצוזען, אַז די דייטשן וועלן אָנהאַלטן זייער געיעג ביז צום וואַלד.

— נישט שיסן! — האָט פלאַמענבאַום גלייך באַפוילן — וואַרטן אויף מיין באַפעל!

אין צוויי רייען האָבן די היטלעריסטן זיך אַרויסגעלאָזט פון דאָרף אויפן „פוילישן וועג״. די גרופּע פּאַרטיזאַנער האָט זיי איצט געהאַט ווי אויף דער האַנט. יעדער איינער איז געלעגן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און קראַמפּהאַפט געדריקט דעם אויטאָמאַט אין די הענט, אָנגעצילט אין דער דערנענטערנדיקער זיך אָפּטיילונג. ווען זיי זענען שוין געווען אויף זייער הייך און די לופע פון דער ביקס האָט שוין פאַרצייכנט אַ שטראַל פון אַ צירקל, האָט פלאַמענבאַום ווי צו זיך אַליין געזאָגט: פייער!...

אַ זאַלפּ פון עלף אויטאָמאַטן און ביקסן האָט אויפגעריסן די לופט. אין דער ביינאַכטיקער שטילקייט האָט דאָס אָפּגעהילכט ווי אַ געוואַלדיקער הוראַגאַן. די קאַלאָנע האָט זיך געגעבן אַ וואַקל... זייענדיק, ווייזט אויס, איבערצייגט, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט אַ גרעסערן כוח, האָבן זיי זיך גענומען צוריקציִען צום דאָרף, צוריקשיסנדיק אָן אַ ציל. אויפן וועג זענען געבליבן דריי טויטע.

מיט איין פאַרוווּנדעטן און מיט דריי דעראָבערטע ביקסן האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער פאַרטאָג צוריקגעקערט צו זייער באַזע.

דאָס איז געווען פלאַמענבאַומס ערשטע מעלדונג אַלס סעקרעטאַר פון באַטאַליאָן צום קאָמענדאַנט קאַזשימיעזש סידאָר.

# דער קאַמף קעגן רויבערישע קאָנטינגענטן

דיווערסיע און סאַבאָטאַזש־אַקטן פון אַ גאַנץברייטן פאַרנעם זענען איצט געוואָרן דאָס טאָג־טעגלעכע ברויט פון אַלע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. זיי זענען שוין געווען גוט באַוואָפנט מיט פאַרשידנאַרטיק געווער, געהאַט אַ געוויסע פּאַרטיזאַנישע אויסבילדונג; אויך אין דער צאָל האָבן זיי שוין פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ גאַנץ גרויסן כוח. צווישן אַנדערן האָבן די פּאַר־טיזאַנער זיך גענומען צו דער אַזוי גערופענער „קעגן־קאָנטינגענט־אַקציע". דער לאָזונג: „קיין איין קערנדל תבואה און קיין איין שטיק פי פאַרן רייך!" האָט איצט אָנגענומען גאַנץ רעאַלע פאָרמען.

עס איז געווען אַ שיינער זומער־טאָג. אַלע פּאַרטיזאַנער זענען געווען מיט עפּעס באַשעפטיקט: אייניקע האָבן גערייניקט די ביקסן, אַנדערע האָבן פאַרריכט זייער אָנטאָן, אַ טייל האָט געלאַטעט די בוידן, געוואַשן, געקאָכט... פּלוצעם זענען געקומען די אויסשפּירער מיט אַ מעלדונג, אַז אין ראַיאָן פון סאָסנאָוויצע פירן דורך די דייטשן אַ קאָנטינגענט־אַקציע פון בהמות... אַלץ איז גלייך געשטעלט געוואָרן אין אַליאַרם־גרייטקייט. מען האָט זיך געמוזט איילן, מען זאָל אַמאָל נישט אָנקומען צו שפּעט. „קירפּיטשני" האָט אויך שנעל אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן און אונטער זיין אָנפירונג האָבן אַרויס־מאַרשירט דריי אָפּטיילונגען: די אָפּטיילונג פון קאַפּיטאַן כיל גרינשפּאַן און פון פּאָרוטשניק „אַנטעק" זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון דאָרף אוגניין און די דריטע האָט זיך געלאָזט לינקס אויפן וועג קיין סאָסנאָוויצע. דער ציל איז געווען צו באַזעצן אַלע מעגלעכע וועגן, מיט וועלכע די דייטשן האָבן געקאָנט דאָס פי אַרויספירן.

גלייך ביים אַרויסמאַרש פון וואַלד האָט „קירפּיטשני" אָנגעוואָרפן אַ שנעלן טעמפּ און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז צום דאָרף. צעטיילט אין צוויי רייען האָבן די פּאַרטיזאַנער גענומען אַ גרעסערן מרחק פונעם אַוואַנ־גאַרד, וועלכער האָט מאַרשירט אומגעפער אַ פופציק שריט פאָרויס.

ווי געוויינלעך ביי אַזאַ אַקציע האָט אין דאָרף זיך געקאָנט אויפהאַלטן אַ מיליטערישע אָפּטיילונג, וועלכע האָט געדאַרפט אָנוואַרפן אַ שרעק אויף

די פויערים, וואָס האָבן זיך געוואַקלט מיטן צושטעלן די באַשטימטע צאָל פון דעם קאָנטינגענט. מען האָט זיך אויך באַדאַרפט רעכענען מיט דער מעגלעכקייט פון אַ ווידערשטאַנד מצד די היטלעריסטן, וועלכע זענען צו־געטיילט געוואָרן צו שיצן דעם טראַנספּאָרט פאַר אַן עווענטועלן איבערפאַל.

די פּאַרטיזאַנער האָבן טאַקע קיין טעות נישט געמאַכט. זייער „אַוואַנ־גאַרד" איז געבליבן ביים ראַנד פון דעם דאָרף, ווייל מיטן וועג קיין סאָס־נאָוויצע האָבן אָנגעיאָגט לאַסטוואָגנס פול באַלאָדענע מיט מיליטער און גראַנאַטאָווע פּאָליציאַנטן, ווייזט אויס, געשיקטע צו העלפן פאַרענדיקן די רויב־אַקציע. אַלץ איז געקומען אַזוי שנעל, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פאַרנעמען ריכטיקע קאַמפּס־פּאָזיציעס. יעדנ־פאַלס האָבן זיי נישט געקאָנט דערלויבן די מאַשינען ווייטער צו פאָרן, ווייל דעמאָלט וואָלטן זיי אָנגעטראָפן אויף דער קלענערער אָפּטיילונג פון הינטן און זי געקאָנט פאַרניכטן. זייער רויב־אַקציע וואָלט דעמאָלט גע־קרוינט געוואָרן מיט אַ טאָפּלטן דערפאָלג.

„קירפּיטשני" איז געווען אַ יאַט מיט אַ שנעלער אָריענטאַציע...

— פייער! — איז געפאַלן זיין באַפעל...

די פּאַרטיזאַנער האָבן אויפגענומען אַ קאַמף מיט אַן איבערוועגנדיקן כוח אין מענטשן און אין געווער, דערצו זענען די פּאַרטיזאַנער געווען אויף אַ שלעכטן שטח, וואָס האָט נאָך מער באַשווערט זייערע באַדינגונגען.

עס איז געקומען צו אַן אַמתדיקן פאַרניכטונגס־קאַמף פון ביידע זייטן, וועלכער האָט געדויערט עטלעכע שעה. אין דער צייט איז דער דריטער אָפּטיילונג געלונגען אָפּצושלאָגן דעם גאַנצן טראַנספּאָרט מיט בהמות.

נאָר טייער, זייער טייער האָבן די פּאַרטיזאַנער באַצאָלט פאַר דעם טראַנספּאָרט. זיי האָבן איבערגעלאָזט אויפן שלאַכטפעלד ניין טויטע פּאַר־טיזאַנער און צווישן זיי דאָס מיזיניקל — דעם שוואַרץ־חנעוודיקן לייבושל — „ליאָנעק".

*

דאָס לעבן פון דעם פּאַרטיזאַנער איז תמיד געווען אין אַ סכנה. ער האָט געמוזט זיין קאַמפּסגרייט בייטאָג און ביינאַכט, אָבער דאָך איז קיינער דאָ נישט געווען טרויעריק. דער קאַמפּס־מוט איז שטענדיק געוואַקסן מיט יעדער דורכגעפירטער אַקציע, מיט יעדן מאָל נקמה־נעמען פאַר אַ גע־פאַלענעם חבר. יעדער פּאַרטיזאַנער האָט געוווּסט, אַז פאַר זיין לעבן מוזן

די דייטשע באַנדיטן טייער באַצאָלן... אויף אַזעלכע געלעגנהייטן האָט מען נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן. צו אַן ענלעכער אַקציע איז געקומען אין דאָרף זאַהאיקי, נאָר דאָס מאָל איז עס געווען אַ קעגן־תבואה־קאָנטינגענט, אויך אונטער דער אָנפירונג פון יאַן האָלאַד־„קירפּיטשני".

דאָס איז געווען אין חודש אָקטאָבער 1943. ווי געווייִנלעך האָבן די פּאַרטיזאַנער אין אַלע דערפער געהאַט זייערע מענטשן: פּאַרטיי־חברים, סימפּאַטיקער, קרובים פון פּאַרטיזאַנער, פּאַרבינדלער, אינפאָרמאַטאָרן, וועלכע האָבן זיי צוּווּיסן געגעבן פון יעדער דייטשער אונטערנעמונג.

די ליווערונג איז געוואָרן גענוי צוגעגרייט. די פּאַרטיזאַנער האָבן צו דער צייט פאַרנומען פּאָזיציעס אין וואַלד, וועלכער האָט זיך געצויגן לענג־אויס ביידע זייטן וועג. דעם וואַלד פון וועג האָבן נאָר אָפּגעטיילט אומגעפער זיבעציק־צענטימעטערדיקע ראָוועס.

די מאַשין־ביקסן אָנגעשטעלט מיט דעם ציל אויף מיטן וועג, די האַנט־ביקסן אויף די אַנלענער, געמאַכטע פון אויסגעשניטענער דאַרנינע, זענען די פּאַרטיזאַנער רואיק געלעגן און געוואַרט אויף די באַנדיטן מיט דער גערויבטער תבואה. אַרום איז געווען שטיל, בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ קנאַק פון אַן אָפּגעבראָכענער צווייג, אָדער אַ ריטשען פון אַ חיה אין טיף פון וואַלד... מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט דער דער־וואַרטער גערויש פון אָנקומענדיקע אויטאָס און גלייך האָבן זיך באַוויזן גרויסע לאַסט־מאַשינען, פול אָנגעלאָדענע מיט זעק, אָנגעפּילטע מיט ווייץ און קאָרן. הינטער זיי האָט זיך נאָך געצויגן אַ לאַנגער שנור פּויערישע וועגענער באַלאָדענע מיט תבואה.

די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי דערלויבט צוצוקומען גאָר נאָענט און אין איין אויגנבליק זענען די ערשטע צוויי לאַסט־אויטאָס געשטאַנען אין פלאַ־מען... די דייטשן האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען פון די מאַשינען און וועגענער און זיך דעקן אין די ראָוועס, אָבער אויך דאָ האָבן זיי די קוילן נישט אויסגעמיטן.

פון דעם פּלוצעמדיקן איבערפאַל איז צווישן די היטלעריסטן געוואָרן אַ געוואַלדיקער טומל. יעדער האָט געזוכט ווי אַזוי צו ראַטעווען די אייגענע הויט... אַ סך פּויערים האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און גענומען אַנטלויפן מיט די באַלאָדענע וועגענער...

איבער פערציק פורן מיט תבואה זענען אַזוי אַרום אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון דער דייטשער רויב־אַקציע. און די „העלדן" צו מאָרדן אומ־

באַוואָפנטע מענטשן, זענען איצט געלאָפן ווי די האָזן בעת אַ יאַגד, איבער־לאָזנדיק אויפן וועג זעקס טויטע.

מיט גרויס פרייד און דאַנקבאַרקייט האָט די גאַנצע פויערישע גגענט אויפגענומען די געלונגענע פאַרטיזאַנישע אַקציע און זיך געריבן די הענט פון דער היטלעריסטישער מפלה.

# אַ פּאַרטיזאַנישע שליחות

דאָס איז געווען פון 6־טן אויפן 7־טן נאָוועמבער 1943. משה פלאַמענבאַום איז געשיקט געוואָרן פון סידאָרן אין אַ פּאַרטיזאַנישער שליחות צו לעאָן קאַסמאַנען, פּסעוודאָנים „יאַנאָווסקי", אין די פּאָליעסיער וועלדער, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע אויף דעם געביט צו אָרגאַניזירן פּוילישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען.

עס האָבן זיך געלאָזט אין וועג פינף מאַן, דערונטער דריי פון קאַסמאַנען, וועלכע האָבן צוריק געקערט צו זייער באַזע.

צו אַזעלכע מאַרשן איבער פאַרשידענע באַדראָטע געביטן איז פלאַמענבאַום שוין געווען צוגעוווינט. נישט איינמאָל איז ער געשיקט געוואָרן דורך דעם שטאַב אָנצוקניפּן קאָנטאַקטן מיט פאַרשידענע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, ווי למשל, צו די סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער אויפן נאָמען פון „וואָראָשילאָוו". געגאַנגען איז ער דעמאָלט מיט אַ גרופּע פון צען מאַן, פון כילס יאַטן. אין דער שפּיץ איז געשטאַנען אַ שיינער יידישער בחור פון מעזריטש (מיענדזיזשעץ), פּסעוודאָנים „ליאָנקע". דער וועג האָט געפירט איבער דעם בוג, אין דער געגנט פון סיעמיאַטיטשע. אָנשטויסנדיק זיך אויף אַ דייטשן פּאַטרול, זענען זיי געווען געצוווּנגען זיך צו דעקן אין אַ סטאָדאָלע ביי אַ פּויער, וועלכער איז טאַקע געווען זייער וועגווייזער אויף דעם דאָזיקן געביט.

אויגוסט פון זעלבן יאָר איז פלאַמענבאַום געשיקט געוואָרן צו דער סאָוויעטישער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון „טשערניאַקן", וועלכע האָבן געלאַגערט אין די ברעסטער וועלדער. נאָר פון דער שליחות צו לעאָן קאַסמאַן איז ער געווען שטאַרק צופרידן. ער איז דאָרט פאַרבליבן איבער צוויי מאָנאַטן און צוריקגעקומען מיט אַן אָפּטיילונג, וואָס האָט געציילט אַן ערך צוויי הונדערט מאַן, אונטער דער אָנפירונג פון קאַסמאַנען אַליין.

ביי קאַסמאַנען זענען געווען אַ סך יידישע בחורים, ווי: לעאָן ביעלסקי, פּסעוודאָנים „ראָמאַן", דער אַדוואָקאַט דערעשעוויטש פון קראָקע, דער דאָצענט אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי און אַנדערע, אַגב איז שוין געווען יאַ־

נואַר און דער בוג איז נאָך נישט געווען פאַרפרוירן און זיי האָבן זיך געמוזט אַריבערשיפן מיט פינף קליינע שיפלעך, אויסגעבאַרגטע ביי די פויערים, פאַרנדיק עטלעכע מאָל אַהין און צוריק.

דער דערמאָנטער סקאָטניצקי איז שפּעטער באַשטימט געוואָרן אַלס פירער פון דער אָפּטיילונג, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען נאָך דעם אומגעקומענעם אוקראַיִנישן בחור יאַן האַלאַד — „קירפּיטשני״. זייענדיק אין דער אָפּטיילונג איז פּלאָמענבאַומען נישט איינמאָל אויסגעקומען צו זיין אָנווענזנד ביי פאַרשידענע אונטערהאַנדלונגען מיט פאַרשטייער פון א. ק., וועלכע ס׳האָט געפירט סקאָטניצקי.

ענדע פעברואַר 1944 האָבן זיי סטאַציאָנירט אין דעם דאָרף אָזשעכאָוואָ. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט „זעמסטאָ״ גערופן צו זיך פּלאָמענבאַומען:

— „וואָלאַדעק״ — האָט ער געזאָגט מיט אַן ערנסטן טאָן — איר וועט נעמען אַ גרופּע זעלנער צו באַגלייטן מיך אין דאָרף באַראַנוווּ. ס׳דאַרפן דאָרט פאָרקומען אונטערהאַנדלונגען מיט די פירער פון די אָפּטיילונגען פון א. ק. מיט זיי איז מען קיינמאָל נישט זיכער וואָס עס קאָן אַרויסקומען...

דעם זעלבן טאָג האָבן זיי אַרויסמאַרשירט אין פולער באַוואָפענונג. עס איז בדאַי צו באַמערקן, אַז די אונטערהאַנדלונגען מיט א. ק. האָבן די פּאַרטיזאַנער פון א. ל. תמיד אויפגענומען מיט גרויס ערנסט. ס׳איז געווען אַ שטאַרקער ווילן ביי זיי אַ סוף צו מאַכן צו די קעגנזייטיקע מאָרדן.

די אַקאָווצעס זענען געקומען אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, דערפאַר אָן אַ ספּעציעלער וואַך. דעריבער האָט סקאָטניצקי באַשלאָסן, אַז פּלאָמענבאַומס גרופּע זאָל צוריקקערן צו דער באַזע, און מיט סקאָטניצקין איז געבליבן בלויז אַ קליינע גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון דעם פּוילישן בחור באָלעסלאַוו דראַביק — „בימבערעק״.

זיי האָבן אין באַראַנוווּ איבערגענעכטיקט און אינדערפרי זיך געקליבן אין וועג אַריין. ס׳איז געווען אַ פראָסטיקער טאָג, דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס, ווי צום טאַקט פון מאַרש. אויף דעם וועג האָבן זיי נישט געזען קיין לעבעדיק באַשעפעניש. זיי האָבן זיך געפונען הינטער דעם אַזוי גערופענעם „שוואַרצן וואַלד״. אַלע זענען געווען אַ ביסל מיד פון וועג און אויך הונגעריק און זיי האָבן באַשלאָסן צו פאַרהאַלטן זיך אין דעם ערשטן בעסטן אָנגעטראָפענעם הויז, כדי אויך זיך אַ ביסל צו דער־וואַרעמען. ביים ראַנד פון וואַלד איז טאַקע אַזאַ הויז געשטאַנען. דאָס איז געווען אַ הילצערנע געביידע אַרומגערינגלט מיט אַ פּאַרקאַן, וואָס האָט

געמאַכט דעם איינדרוק, ווי דאָס וואָלט געווען אַ דאַטשע־וווינונג. דאָ האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן.

פלאַמענבאַוומס אָפּטיילונג האָט געציילט פערצן מאַן, דערונטער זעקס יידן. ער האָט גלייך אויסגעשטעלט אָבסערוואַציע־פונקטן, הויפּטזעכלעך מיט אַן אויסבליק אויף ביידע זייטן וואַלד. דער איבעריקער עולם האָט זיך באַלד גענומען צום עסן, וואַשן, אַ טייל האָבן זיך אַנגעוואַרעמט און אַזוי זיצנדיק געכאַפּט אַ געשמאַקן דרימל. פלוצעם איז איינער פון די שומרים — אַ פאַרטשעווער בחור, וועלכן מען האָט גערופן „שטאַמלדיקער" יצחק — אַריין אַ פאַרסאַפּעטער און געמאָלדן, אַז אויפן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן אַ דייטשע אָפּטיילונג.

— די דייטשן האָבן, ווייזט אויס, עפּעס באַמערקט, אָדער זיך דערוווּסט — קיין צוטרעגער האָבן נישט געפעלט — און זיי האָבן גלייך גענומען באַשיסן דאָס הויז.

געדעקט אונטער דעם פייער פון זייערע מאַשין־ביקסן און אויטאָמאַטן האָבן די פאַרטיזאַנער איינציקוויז גענומען פאַרלאָזן דאָס הויז און שפּרינגען אין די ראָוועס ביים וועג.

צעשפּרייט אין טיראַליערן האָבן די היטלעריסטן גענומען פאַרגיין פון אַלע זייטן. צוזאַמען מיט די אָבסערוויר־פונקטן האָבן אינגאַנצן זעקס מאַן פון די פאַרטיזאַנער אויסערן הויז געפּרוווט מיט גרויס מסירת־נפש אָפּשניידן די דייטשן דעם וועג, כדי צו דערמעגלעכן זיך אַרויסצורייסן פון דער קלעם.

עס איז געווען אַ גוט־באַוואָפנטע היטלעריסטישע באַנדע פון דעם פאַרטשעווער גאַרניזאָן און אַ גרופּע פוילישע „גראַנאַטאָווע" פּאָליציאַנטן.

— גיבט אייך אונטער! — האָבן גערופן די פּאָליציאַנטן — וועט מען אייך שענקען דאָס לעבן!

דער ענטפער איז געווען — אַ פאַרטאָפּלט פייער. אַלע האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, אַז זייער גורל איז שוין אַ געחתמעטער, דערפאַר טאַקע האָבן זיי באַשלאָסן טייער צו פאַרקויפן דאָס לעבן. מיטאַמאָל איז די יאַטן געלונגען צו ליקווידירן אַ מאַשין־באַזעצונג, וועלכע האָט אָפּ־געשניטן דעם צוגאַנג צו די ראָוועס... עס געלינגט נאָך אַ גרופּע זיך אַרויסצובאַקומען פון הויז, צווישן זיי אויך פלאַמענבאַוומען מיט אַ לייכטער וווּנד אין רעכטן אָרעם. אין שטוב זענען נאָך געבליבן פיר פאַרטיזאַנער מיט אַ מאַשין־ביקס. יעדער פּרווו זיך אַדורכצורייסן האָט געדראָאַט מיט

אַ זיכערן טויט, ווייל די היטלעריסטן האָבן גענומען אָן אויפהער באַשיסן דעם אַריבערגאַנג צו די ראָוועס.

די לאַגע האָט זיך פאַרערגערט, די היטלעריסטן האָבן זיך גערוקט אַלץ נענטער און נענטער. אַ פונק פון האָפענונג איז געווען בלויז די צופאַלנדיקע נאַכט. אונטער איר׳ע פליגל וועט אפשר מעגלעך זיין זיך אָפּצורייסן פון שונא.

מיט אַ פייער פון אויטאָמאַטן האָבן די פאַרטיזאַנער אויפגעהאַלטן די דייטשן, נישט לאָזנדיק זיי זיך דערנענטערן צום הויז. דער קאַמף האָט שוין געדויערט אַזוי איבער צוויי שעה. די פאַרטיזאַנער זענען שוין געווען מיד און אויך געהאַט פאַרוווּנדעטע, אָבער דער קאַמפּס־גייסט איז נישט געוואָרן שוואַכער. יעדער האָט געוווּסט, אַז דאָס באַדייט: „זיין, אָדער נישט זיין״... די דערמאָנונג אין דעם דאָרף יאמע, נישט ווייט פון טישמיעניץ, ווען סוף סעפּטעמבער 1943 זענען זיי געווען אַרומגערינגלט פון גרויסע דייטשע אָפּטיילונגען, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ איז שוין פאַרפאַלן און נאָר אַדאַנק דעם שטאַרקן ווילן און אויסדויער איז געלונגען זיך אַרויס־צורייסן פון די דייטשע נעגל און דערצו נאָך פאַרשאַפן זיי שווערע פאַרלוסטן — די דאָזיקע דערמאָנונג האָט צוגעגעבן מוט... נאָר צום אומגליק האָט דאָס הויז אָנגעהויבן ברענען...

ווער ווייסט ווי טראַגיש דאָס אַלץ וואָלט זיך פאַרענדיקט, ווען נישט די הילף פון דער סאָוויעטישער פאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון דעם לעגענדאַרן „סאַשקאַ״... דער רוסישער בחור מיט זיין אָפּטיילונג האָט צופעליק זיך געפונען אין דעם דאָרף רודנא. אויפן אָפּהילך פון שאָסן האָט ער אַרויסגעשיקט אויסשפּירער, וועלכע האָבן אים געמאָלדן וועגן דער אויסזיכטלאָזער לאַגע.

פון צוויי זייטן האָט „סאַשקאַ״ באַשלאָסן אָנצוגרייפן די היטלעריסטן. די אויסערגעוויינלעכע דרייסטקייט און פּלוצעמדיקער איבערפאַל מיט „הורא!״־אויסגעשרייען האָט ביידע קעמפנדיקע צדדים געוואַלדיק איבער־ראַשט. די פאַרטיזאַנער האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי זעען פאַנטאַסטישע געשטאַלטן, ווי מלאכים, אַראָפּגעפלויגענע פונעם הימל, וועלכע זענען געקומען זיי ראַטעווען. פאַרן שונא ווידער האָבן זיך אַנטפּלעקט גייסטער, וועלכע זענען געקומען זיי פאַרניכטן.

אין אַ געוואַלדיקער בהלה האָבן די היטלעריסטן גענומען אַנטלויפן פון דעם פייער, איבערלאָזנדיק אויפן פּלאַץ אַכט טויטע, צווישן זיי צוויי „גראַנאַטאָווע״ פּאָליציאַנטן.



אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון יידישע קעמפֿער אין לאָדזש אין יאָר 1946

די פּאַרטיזאַנער זענען אויך גלייך צוגעטראָטן צו אַ טרויעריקער מיסיע. אין איין ברודער־קבר האָבן זיי באַערדיקט דריי געפאַלענע פּאַרטי־זאַנער: צוויי פּוילישע חברים, יאַן קאָזאַ און דעם לערער טשערווינסקי, און מיט זיי דעם שטאַמלדיקן יצחק.

*

אין איין שיינעם טאָג איז פּלאַמענבאַום געוואָרן באַאויפטראַגט פון קרייז נומער צוויי א. ל. לובלינער געגנט אַריבערצופירן איבער דער פראָנט־ליניע קיין מאָסקווע צום אַרמיי־שטאַב דאָקומענטן פון דייטשע באַזעס אין פּוילן.

דער וועג האָט געפירט פון איין פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג צו דער צווייטער מיט אַ באַגלייטונג אויף אַלע אָפּשניטן. די ערשטע סטאַציע איז געווען די שוין באַקאַנטע סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון „וואָראָשילאָוו". דאָ האָט מען אים אויפגענומען ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. די אָפּטיילונג האָט דעמאָלט געלאַגערט אין די וועלדער פון ראַגאַזשנע. מען האָט פּלאַמענבאַומען צוגעטיילט אַ שוץ פון אַכט מאַן מיט „ליאַנקע שפּיעוואַק" בראש, ביז צו די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען פון גענעראַל פּיאָדאָראָוו.

אין דעם „פּאַרטיזאַנישן לאַנד" האָט פּלאַמענבאַומען אויפגענומען דער פּולקאָווניק אַנדרעיעוו. ער האָט אים אויך אויסגעשטעלט אַ דאָקומענט, וועלכער זאָל אים דערמעגלעכן דעם וועג דורך זיינע אָפּטיילונגען. ער האָט אים געראַטן צו גיין ווייטער בלויז מיט „שפּיעוואַקן", כדי זיך נישט צו וואַרפן אין די אויגן ביי דער פראָנט־ליניע.

הינטער קאַלענקאָוויטשע האָבן זיי געהאַט די ערשטע „פריילעכע" באַגעגעניש, אַנשטויסנדיק זיך אויף אַ דייטשן פּאַטרול אין ווייסע קיטלען.

— מ׳דאַרף ציען! — האָט זיך געוויצלט „שפּיעוואַק".

אָדער באַלד איז אים דאָס וויצלען פאַרגאַנגען. די דייטשן, זייענדיק איבערצייגט, אַז זיי האָבן פאַר זיך דיווערסאַנטן, האָבן גלייך געעפנט אַ פייער און זיי גענומען יאָגן. צום גליק האָט זיך נישט ווייט געפונען אַ סאָוויעטישע אָפּטיילונג פון דער אַרמיי. עס איז געקומען צו אַ קעגנזייטיקער שיסעריי. אָבער די גרויסע איבערמאַכט פון די רויטאַרמייער האָט דעם פּאַטרול כמעט אינגאַנצן פאַרניכטעט. בלויז געציילטע זענען געבומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט, כדי צו האָבן „געכאַפּט אַ צונג".

פון דאַנען האָט זייער וועג געפירט קיין סאַרנע און פון דאָרט מיט אַ געוויינלעכער מיליטערישער מאַשין, אַזוי גערופענער „גאַזשיק", זענען זיי אָפּגעשיקט געוואָרן קיין קיעוו.

אויף קיין שום אָרט האָט מען זיי לאַנג נישט געהאַלטן. אַ בליק אויף די רייזע־שיינען און ווי צומשנעלסטן געשיקט ווייטער. קיין מאָסקווע זענען זיי אָנגעקומען דעם 13 אַפּריל 1944.

פאַר דער גוט־אויסגעפירטער אויפגאַבע איז באַשלאָסן געוואָרן פלאַ־מענבאַומען צו שיקן אויף אַ קורס פון דיווערסאַנטן. דאָס האָט אויך געזאָלט זיין אַ געוויסע אָנטשפּאַנונג פאַר די נערוון און אַ רעגענערירונג פון די פאַרלוירענע כוחות אין די וועלדער.

דער קורס האָט געדויערט ביז אין דער העלפט פון חודש אָקטאָבער. איצט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ נייער עטאַפּ אין זיין פּאַרטיזאַנישער קאַריערע.

סוף חודש אָקטאָבער איז פלאַמענבאַום אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן מיט אַ דאָקומענט אַלס פּאָליאַק „וולאַדיסלאַוו קשעמינסקי" אין סלאָוואַקיע אין די גרויסע וועלדער פון באַנסקאַ־בישטשיצאַ מיט אַ גרופּע פון ניין מאַן, צווישן וועלכע עס זענען געווען דריי דייטשן... אַלע פּאַלשירעמס האָבן זיך פּינקטלעך געעפנט און צוזאַמען מיט דער ראַדיאָסטאַציע „מאַיאַק" האָבן זיי בשלום געלאַנדעט.

דעם זעלבן טאָג האָבן זיי זיך אַלע צונויפגעקליבן, איינגעאָרדנט אַ זעמליאַנקע, און זיך גענומען צו דער אַרבעט...

זייער אויפגאַבע איז געווען: איבערגעבן מעלדונגען פון מיליטערישע באַוועגונגען, ידיעות פון פּאַרטיזאַנער, שטימונגען אין די רייען פון פיינט־לעכן מיליטער, שטימונגען צווישן דער באַפעלקערונג און ענלעכע מעל־דונגען.

דאָס איז געווען זייער אַ ספּעציאַליזירטע אַרבעט. די מינדעסטע פאַלשע באַוועגונג האָט געקאָנט פאַראַטן און דערפירן צום אויפדעקן זייער מעלינע, און די געשעענישן האָבן געאיילט, עס האָבן זיך געפאָדערט מאַטעריאַלן...

די צייט איז דאָ שנעל געלאָפן, איין מעלדונג האָט געיאָגט די צווייטע, עס איז אפילו נישט געווען קיין צייט און קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַר־טראַכטן וועגן די געפאַרן, וואָס האָבן געלויערט אויף דעם מענטשן אויף טריט און שריט.

**אַזוי האָבן זיי געאַרבעט ביז צום אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי אין דעם געביט פון זייער טעטיקייט.**

*****

**דעם סוף פון קריג האָט משה פלאַמענבאַום־קשעמינסקי באַגעגנט אין מאָסקווע, צווישן אַנדערע ווערט ער אויך אויסגעצייכנט פאַר דער לעצטער אויסגעפירטער פאַרטיזאַנישער שליחות.**

## לידער פון פּאַרטיזאַנישן קאַמף פון דעם דיכטער מאַיאָר סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ, פּסעוו. „לוקאַש״

יעזשי לעצס דיכטער־דעביוט איז געשען איז לעמבערג אין יאָר 1933 מיטן אַרויסגעבן זיין ערשטע לידער־זאַמלונג אין דער פּוילישער שפּראַך אונטערן נאָמען „באַרווי״. אין צוויי יאָר שפּעטער באַווייזט זיך אין וואַרשע זיין צווייט ביכל אונטערן נאָמען „זאָא״, און באַלד די אויסגאַבע „סאַטירא פּאַטעטיטשנאַ״.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דאָס לעבן געוואָרן אויסטערליש. עס האָט זיך געשאַפן אַ מצב אַ נישט־באַגרייפלעכער פאַר אַ געוויינלעכן בשר־ודם. די אומשטענדן האָבן לעצן געצוווּנגען צו גיין אין וואַלד, צו די פּאַרטיזאַנער, פאַרבייטן די פעדער אויף אַ ביקס און שפּעטער אין לידער פון פּאַרטיזאַנישן קאַמף אָפּשפּיגלען דאָס דאַזיקע לעבן.

זיין אָפּשטאַמונג פון די ספרדישע יידן האָט קיין רו נישט געגעבן די ברוינע תלינים. ער איז געוואָרן פאַרשפּאַרט אין אַן אַרבעטס־לאַגער אין טאַרנאָפּאָל און וואָלט באַשטימט געוועזן געטיילט דעם גורל פון די איבעריקע יידן אין די קרעמאַטאָריע־אויוונס, ווען נישט דער צופאַל, וואָס אים איז געלונגען דעם 22 יולי 1943 צו אַנטלויפן און קומען קיין וואַרשע.

דאָ, אין דער שטאָט פון העראָישן קאַמף קעגן די באַצווינגער, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער לינקער אונטערערדישער באַוועגונג און אַריינגעטראָטן אין די רייען פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע״ און שפּעטער „פאָלקס־אַרמיי״.

אויסנוצנדיק זיין דיכטערישן באַרוף איז ער פון דער אָרגאַניזאַציע אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין פּרושקאָוו ביי וואַרשע, כדי צו רעדאַגירן די קאָנספּיראַטיווע אויסגאַבן אין דער פּוילישער שפּראַך: „זשאָלניעזש וו באָיו״ און שפּעטער „וואָלני לוד״.

דאָ האָט ער זיך אויך געטראָפן מיט איינעם פון די שענסטע געשטאַלטן און וויכטיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג אויפן נאָמען „קעלצער ערד״ — איינע פון די גרעסטע איינהייטן פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע״, פון וועלכער עס איז שפּעטער אַנטשטאַנען די פּאַרטי־

זאַנישע בריגאַדע פון דער „פאָלקס־אַרמיי״ אויפן זעלבן נאָמען „קעלצער ערד״ — מיט דעם העלדישן מאַן פולק. איגנאַצי ראָבב־נאַרבוט, פסעוודאָנים „סלאַוועק״ אָדער ווי מען האָט אים גערופן „קריסטיאַן״.

די שמועסן מיט אים האָבן לעצן צוגעגעבן אַ סך מוט און אויסדויער אין דעם שווערן געראַנגל בעת דער פינצטערער צייט פון דער ברוינער ממשלה.

אין דעם קאַמף האָט מען געקאָנט טרעפן אַ סך פון דער יידישער אינטעליגענץ, ווי דעם דיכטער אַנאַסטאַזי מאַטיווייעצקי, וועלכער פלעגט זיך דרוקן אין פאַרמלחמהדיקן פוילן אין דעם ליטעראַרישן אָרגאַן „לעוואַר״ אונטערן פסעוודאָנים „האָראַק״. צו קיין באַגעגעניש צווישן לעצן און מאַטיווייעצקין איז נישט געקומען. לעצס וועג האָט געפירט נעענטער אויף מזרח — צו די פאַרטשעוווער וועלדער. און דער יוריסט און דיכטער, דער וואַרשעווער יידישער בחור אַנאַסטאַזי מאַטיווייעצקי, איז שפּעטער אַלס שטאַב־מיטגליד פון דער „פאָלקס־אַרמיי״, צוזאַמען מיט אַנדערע מיט־גלידער פון שטאַב, און צווישן זיי אויך דער יידישער קעמפער עדוואַרד לאַנאָטאַ־לאַנטנער, דעם 26 אויגוסט 1944 אויף פרעטאַ־גאַס נומער 16 אויף אַלטשטאָט, אומגעקומען בעת אַ זיצונג אונטער די חורבות פון דעם הויז, וואָס איז געטראָפן געוואָרן פון אַ שווערער באָמבע בעת אַן אָנגריף פון דער היטלעריסטישער אַוויאַציע.

אויף דעם באַפעל פון דער מיליטערישער אָנפירונג פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע״ איז יעזשי לעץ איבערגעשיקט געוואָרן אין לובלינער קרייז צו די פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען פונעם באַטאַליאָן אויפן נאָמען „האַלאַד״, וועמענס אָנפירער עס איז געווען מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי, פסעוו־דאָנים „זעמסטאָ״.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז שוין דעם צווייטן טאָג נאָך זיין קומען אין דער פאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג זאָל לעץ אָנטיילנעמען אין דער גרויסער היסטאָרישער פאַרטיזאַנישער שלאַכט ביי אַמעלין און באַלד ביי ראַמבלווו מיט גרויסע כוחות פון די מאָטאָריזירטע אָפּטיילונגען פון דער דיוויזיע עס־עס־„וויקינג״, פון וועלכער די פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען האָבן זיך אַרויסגעצויגן מיט שווערע פאַרלוסטן סיי אין מענטשן, סיי אין באַוואָפענונג און מאַטעריאַל...

יעזשי לעץ האָט די דאָזיקע שלאַכט באַשריבן אין צוויי פאַרטיזאַנישע לידער — „הינטער אַמעלין״ און „ראַמבלווו״.



סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ פּסעוודאָנים „לוקאַש"

## סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ

## הינטער אַמעלין

די זופּ נאָך צום מויל נישט דערטראָגן,
ווי רייטער דעם שטאַב אַליאַרמירן :
אַז דייטשן, דייטשן. די קעכין —
אַ דאָרפיש יידיש מיידל —
האָט אַ שליידער געטאָן אינעם ווינקל
דעם קאָכלעפל באַקלעפּטן מיט פליגן,
אַ כאַפּ געטאָן שנעל דעם קאַראַבין
און געלאָפן צום וועג דאָרט אַהין,
וו ס׳האָבן פאַרזאַמלטע טרופּן
מאַרשירט שוין מיט עכאָס פון באַפעלן
צום וואַלד, וואָס געטיילט האָט פון שונא.

פויערים האָבן פון שטאַלן
געטריבן די בהמות אין פעלד,
פויערים האָבן ניי־מאַשינען געטראָגן
פון כאַטעס, באַדראָטע פון שרפות.
געווען איז דאַן מאַי.
אויף דער וואַלדיקער ערד,
דער וואַרעמער, ווייכער און פייכטער,
וואָס האָט זיך מיט חיה געפילט,
כ׳בין געלעגן אין ווייטקייט פאַרקוקט —
א פיינט יעדער קוסט פון קאַרטאָפל.
דאָ אויפן ראַנד פונעם וואַלד
האָט אַ קוועלעכל געשלאָגן. נאַר
דאָס האַרץ האָט נאָך שנעלער געקלאַפּט,
כאָטש צום שנעלסטן פון אַלע

האָבן אויטאָמאַטן געהילכט.
און הערנדיק ווי דאָס קוועלכל
אין דער טיף פּלאַפּלט ווי אַ קינד,
האָט מיטן פינגער אויפן צינגל,
ווי אויף דער קליאַמקע פון נישטזיין,
דער מענטש זיך באַהערשט. אין שלאַכט.

צי דער העלם, וואָס האָט איצט זיך באַוויזן
איבערן פעלד פון קאַרטאָפל,
פאַרנעמט דאָס געזאַנג פונעם קוועלכל
אויף זיין מוטערלעכער שפּראַך?
אין דער הייך זענען קוילן געפלויגן.
פון די ביימער זענען בלעטער געפאַלן.
אויף זייערע שפּיצן זענען יאַטן געזעסן.
אונדזערע „פינער־קוקאַווקעס"
האָבן מיט פייער געשפּיגן, ווי עס וואָלטן
וועוויורקעס מיט פוכיקע עקן
אין תבואה געשפּרונגען
און מיט טראַסק די צווייגן געבראָכן.

אונדז בייסן נישט מער די קאָמאַרן,
עס רוישן נישט די כמאַרעס פליגעלעך,
איין פליגעלע בלויז איז פאַראַן,
וואָס דו לאָזט פון אויג נישט אַרויס —
ביי דער עפענונג פון דער רער אין דיין ביקס.
מיט יעדער קויל פליסטו מיט
און גרייפסט אָן דעם שונא,
אַזש פול ביסט מיט שטוינונג,
וואָס ווייך צווישן מאָכן דו ליגסט
און איבער דיין וואַנזיניק וואָפן
קריכן מוראַשקעס אַרום סתם אַזוי זיך.
עס שמעקן אָנרייפנדיקע שוואָמען.

עס שלאָגן גילזן זיך אָפּ פון די שטאָמען,

וואָס סטאַרטשען אַרויס פון דער ערד.
און איך וויש דעם שווייס אָפּ פון שטערן
מיט עפּעס אַ בלאַט, וואָס איז שאַרסטקע
ווי די צונג פון אַ קו.

עס ווילט זיך טרינקען, און צום קוואַל
קאָן דער וועג אויף דריי טויטן סטאַיען.
כ׳וויל פאַרשטיין דאָס שיפען פון די דייטשן,
כ׳וויל זיגן אין דער שלאַכט
און כ׳וויל לעבן גראָד איצט,
ווען דער טויט מחמת שטוינונג
צי פאַרשנעלערטן אָטעם
פייפט איבער מיין קאָפּ.

די זאַנגען גיבן זיך איבער
דעם וויכן שאָטן פון אַן עראָפּלאַן
עס הערט זיך פון אונטן אַ קלאַנג פון טעלער.
„פיזיליער־שטאַרד" האָט געלאַנדעט.
ער האָט פאַרנומען דעם אָנפירער פון עס־עס
וועלכער איז שווער פאַרוואונדעט אין פוס.
ס'האָט אָפּגעברענט דער הויף אין סאַמאָקלענסקי,
אין סירי זענען איינגעפאַלן די הייזער.
ווי עס ענדיקט זיך אַמעלין,
אין דער זייט פון פשיביסלאַווסקי־וואַליע,
האָבן אונדזערע פערד פון טאַבאָר
אין וואַלד זיך צעהירזשעט.

דערנעבן איז אַן אויטאָמאַט געבליבן שטום.
דאָס באַדייט דער טויט פון אַ זעלנער.
פון גרינעם תבואה־וואַלד
איז אַ צעפּלאָשעטע סאַרנע דורכגעפלאָסן
ווי אַ טראָפּן בלוט.
דורך איינצלנע שאָסן געיאָגט,

ווי מיט בייטשן,
קערט זי אום זיך צוריק,
שטעלט זיך אָפּ און וואַרפט צו
מיטן בליק מיר אַ פּאָר ניס.
סאַרנעשע אויגן. און דויערט אַזוי,
ביז פון דער שטילקייט הינטער די דעמבעס
לויפט אָן דער געשטופּלטער באָלעק,
שעלטנדיק דעם פּאָעט און די סאַרנע,
דער הייליקער אָפּיציר (אַזוי האָבן
די דערפלעך גערופן דאָ
דעם אָפּיציר פון בילדונג)

דער בין־השמשות איז אָנגעוואַקסן פון די קנוילן רויך,
די גלי־ווערעמלעך האָט דער ווינט
געבראַכט צוטראָגן פון די שׂרפות.
די דייטשע אויטאָס
האָבן געטרומייטערט מיט אומגעדולד,
פון צייט צו צייט האָט אויפגעריסן
סינטעטישער בענזין,
פון צווישן דער תּבֿואה זענען אויסגעוואַקסן ראַקעטן
ווי משוגע־געוואָרענע זאַנגען,
נאָר נישט גרייכנדיק צו די שטערן,
האָבן זיי זיך אויסגעלאָשן.
די דייטשן האָבן מיט זייערע שטימען
ווי מיט קאָסעס געשניטן זייערע פראָנט־ליניעס.
דאָס האָט באַדייט צוריקטריט. בלויז דער דעמער
האָט ווייטער געמאָלדן אונדזער שלאַכט,
ביז די שטערן ווי קערנער
האָבן גענומען פאַלן אין זאַק פון דער נאַכט
און דאַן איז מען אַוועק אויף ראָמבלוווו.

יידיש:
**ד. ספאַרד**

# די פּאַרטיזאַנערין נאַטאַליאַ שולץ־דראָזד
# פּסעוודאָנים „נאַטאַשאַ"

זייער פּרי האָט דאָס לעבן זי רייף געמאַכט. עס איז ביי איר צוגערויבט געוואָרן דער לוסטיקער און זאָרגלאָזער געלעכטער, די זיסע טרוימען און האָפענונגען פון אַ יונג מיידל. היטלעריסטישע מערדער האָבן זי פאַריאָגט פון איר היים, פון אירע נאָענטסטע, פון פריינד און באַקאַנטע, און פון אַ פּופּצניעריק מיידל געמאַכט אַ דערוואַקסענעם מענטש... אַ קעמפער... אַ פּאַרטיזאַנער...

— געדענק מיין קינד — האָט געזאָגט איר טאַטע — פון היינט אָן פאַרגעס וועגן דו ביסט... פאַרגעס אין דיין היים, אין טאַטע־מאַמע. — און זיין קול האָט אַזוי מאָדנע געציטערט, ווי דאָס וואָלט איבערהויפּט נישט געווען זיינס. עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט ווי דאָס וואָלט געקומען פון ערגעץ גאָר וויט...

— אָט זיי — האָט דער טאַטע געוויזן מיט דער האַנט אויף דער פּוילישער פאַמיליע דראָזד — זענען פון היינט אָן דיינע טאַטע־מאַמע... און דו, מיין קינד, זייער טאָכטער — נאַטאַליאַ דראָזד...

דאָס איז געווען אָנהייב 1942, אין דעם דאָרף רודקאָ, ביי אָסטראָווו־לובעלסקי.

נאַטאַליע האָט זייער שנעל פאַרשטאַנען איר געשאַפענע לאַגע, איר מצב ביי דער פּויערישער משפּחה און זיך געגומען צופּאַסן צו די נייע לעבנס־באַדינגונגען.

זייער אַ סך האַרץ האָבן איר אַרויסגעוויזן די פּראָסטע מענטשן, וועלכע זענען איצט געוואָרן אירע עלטערן. זי האָט זיי מיטגעהאָלפן ביי דערווירטשאַפט, געהאָלפן קאָכן, וואַשן, צערעווען און באמת געפילט זיך ווי אַן אייגענע טאָכע ווי זייערס אַ טאָכטער. דאָס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. פון איר היים־שטאָט אָסטראָוו־לובעלסקי האָבן אָנגעהויבן קומען אַלץ מער טרויעריקע נייעסן — רויבן, פּייניקונגען און מאָרדן. אומעטום האָבן געגומען לויערן שפּיצלעס און געהיימע אַגענטן פון געסטאַפּאָ. אויך ביי נאַטאַליען



נאַטאַליאַ שולץ־דראָזד פסעוו. „נאַטאַשאַ"

האָט געגומען ברענען דער באָדן אונטער די פיס. עס האָבן זי פּאַראַטן אירע יידישע אויגן און נאָך מער איר שוואַרץ־געלאָקטער קאָפּ האָר. אירע נייע עלטערן זענען געוואָרן שטאַרק אומרואיק און עס איז נישט געבליבן קיין אַנדערער אויסוועג, ווי צו גיין אין וואַלד.

איבעראַל האָט מען שוין דעמלט דערציילט וועגן דער יידישער פּאַרטי־זאַנישער אָפּטיילונג, וועגן דעם לעגענדאַרן קאַפּיטאַן כיל — דער שוואַרצער בחור מיט דעם געלאָקטן קאָפּ האָר, וועלכן זי האָט שפּעטער קענען געלערנט, איז ביי אַלע פאַרפאַלגטע אויסגעוואַקסן צו אַ פאַנטאַסטישן העלד... טאַקע צו זיי האָט זי באַשלאָסן צו גיין...

עס איז אַ שיינער־אָוונט. דער פרילינג איז אין זיין גאַנצער פּראַכט. אין דאָרף איז לוסטיק, די יוגנט איז פול אויף די וועגן, אין די גערטנער, מען רייסט שוין דעם צעבליטן בעז. מיידלעך אין איר עלטער טראָגן גאַנצע אָרעמס אָפּגעשניטענע צווייגלעך צו באַצירן מיט זיי די טישן, די פענצטער, די שטובן. דאָ און דאָרט זעט מען שפּאַצירנדיקע פּאָרלעך, וועלכע פאַרגייען זיך נישט איינמאָל אין אַ הילכיק געלעכטער. בלויז איר איז אויפן האַרצן אַזוי שווער, עס קלעמט און נאָגט אַ מאָדנער ווייטיק. זי שפּאַנט אין דער זייט פון איר באַשיצער — אַ הויכער, שטאַרקער מאַן, אַ בלאָנדער, נישט ענלעך צו קיין יידן — מען רופט אים „באָלעק דודזינסקי״, אַ פריינד פון קאַפּיטאַן כיל גרינשפּאַן.

— ווו זענען זיי? — שטעלט זי אַ נאַיווע פראַגע — עס איז באַשטימט זייער ווייט.

— ניין — ענטפערט ער מיט אַ שמייכל — מיר זענען איבעראַל. צו אַ טייל איז ווייט, צו אַנדערע נאָענט...

זיי פאַרלאָזן דאָס דאָרף, פאַרבייגייענדיק נעבן פריש־געווייסטע הילצערנע הייזלעך. זי וואַרפט אַ בליק אין אַן אָפן פענצטער, דורך וועלכן עס טראָגט זיך אַ באַקאַנטע מעלאָדיע, געשפּילט אויף אַ האַרמאָניקע. טרערן קומען איר אין די אויגן. זי שטעלט זיך אַליין די פראַגע: — פאַרוואָס?... פאַר וועלכע זינד מוז זי פאַרלאָזן שוין איר צווייטע היים?... מיט וואָס איז זי ערגער פון די אַנדערע מיידלעך, וואָס האָבן בלויע אויגן און פלאַקס־ליכטיקע האָר... זי קאָן זיך קיין ענטפער נישט געבן און נאָך שטאַרקער טוט זי פאַרביילן די פויסטן און איז אַנטשלאָסן צו גיין מיט דודזינסקין — ווו זי האָפט אַן ענטפער צו באַקומען.

אין מיטן דער נאַכט זענען זיי אָנגעקומען אין די פּאַרטשעווער וועלדער.

זיי זענען שוין ביי אַ צוואַנציק טריט פון ראַנד און מיטאַמאָל שלאָגט איר איבער די געדאַנקען אַ באַסיקע שטים:

— האַלט!

פון הינטער אַ בוים האָט זיך אַרויסגערוקט אַ פּאַרשוין מיט אַ ברייטע לענטע פון פּאַטראָנען איבערגעצויגן איבערן לינקן אַקסל, אויסציענדיק די לופע פון זיין ביקס אין זייער ריכטונג... גלייך איז געקומען אַן אויסטויש פון פּאַראָלן צווישן באַלעקן און דעם פּאַרטיזאַנער, און דער וועג איז געוואָרן פריי...

צווישן די פּאַרטיזאַנער האָט זי ווידער געפונען אַ היים. עס זענען דאָ געווען יינגלעך און מיידלעך אין איר עלטער, מיט די זעלבע אָדער ענלעכע איבערלעבונגען ווי אירע. יעדער איז דאָ גלייך אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ נאָרמאַלער טאָג־טעגלעכער באַשעפטיקונג, ווי מיליטערישע איבונגען, פּאַנאַנדערנעמען און צוריק צוזאַמענלייגן געווער, שיסן און נאָך ענלעכע זאַכן, אַזוי אַז ס'איז דאָ נישט געווען ווען נאָכצוקלערן וועגן טראַגישן גורל. זי האָט געהאַט קאָן מען זאָגן אַ „ספּעציעל גליק" צו ווערן אַריינגעצויגן גלייך אין דער דייטשער אַקציע אין די פּאַרטשעווער וועלדער.

שוין לאַנג זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען וועגן די דייטשע פּלענער צו שאַפן אין די פּאַרטשעווער וועלדער אַן עראָפּלאַנען־באַזע. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָבן זיי פּלאַנירט אָפּצורייניקן דעם וואַלד פון „נישט־געוווּנטשענע עלעמענטן". די אָנפירונג פון די פּאַרטיזאַנער האָט זיך מיט דעם גערעכנט און באַצייטנס גענומען זיך גרייטן צו אַן עווענטועלער פּאַרטיידיקונג.

קיין גרויסע מיליטערישע דערפאַרונגען האָבן דעמלט נאָך די פּאַרטיזאַנער נישט געהאַט, אויך די באַוואָפענונג איז נאָך נישט געווען קיין גענוגנדיקע פאַר אַזאַ מאַסע מענטשן, וואָס האָבן זיך שוין דעמאָלט געפונען אין די פּאַרטיזאַנישע רייען — אָבער דערפאַר גענוג הענט צו דער אַרבעט.

די פּאַרטיזאַנער האָבן באַקומען אַ באַפעל פון כילן צו זאַמלען האָלץ און צווייגן אוןביים ראַנד פון וואַלד מאַכן סטויגן גרייטע צום אונטערצינדן. אין מיט פון די סטויגן זענען אַריינגעלייגט געוואָרן צווייגלעך מיט בלעטער, וואָס זאָלן געבן אַ גרויסן רויך.

עס איז געווען אַ שיינער זומערדיקער פרימאָרגן. אין דער גרויסער וואַלד־משפחה האָט געקאָכט ווי אין אַ בינשטאָק. יעדער איז אויף זיין שטייגער געווען ביי עפּעס באַשעפטיקט. נאַטאַליע האָט דעמאָלט אויף אויסנווייניק געחזרט די טיילן פון אַ מאַשין־ביקס. און פּלוצעם — אַן אַליאַרם!... מען הערט אויף דעם קלאַנג פון גאָנג.

לויט די מעלדונגען פון די אויסשפּירער האָבן גרויסע מיליטערישע אָפּטיילונגען פון דייטשן און וולאַסאָווצעס גענומען אַרומרינגלען דעם וואַלד. די אָנפירונג איז גלייך צוגעטראָטן צו דער פּאַרטיידיקונג. אַ ספּעציעלע גרופּע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אונטערצוצינדן די סטויגן, כדי צו שאַפן אַ „רויך־פאָרהאַנג". אַלע איבעריקע האָבן פאַרנומען די שוין פון פריער צוגעגרייטע פּאָזיציעס.

אַהין און צוריק זענען געלאָפן די מעלדער פון כילן אויף אַלע אָפּשניטן. אומעטום האָט געהערשט אָרדענונג און דיסציפּלין. דאָס האָט געשאַפן אַ רואיקייט, טראָץ דער גרויסער געפאַר, וואָס האָט זיך דערנענטערט.

מיט זיכערקייט אין די אייגענע כוחות זענען די פּאַרטיזאַנער געלעגן און געוואַרט אויף ווייטערדיקע באַפעלן. די היטלעריסטישע באַנדעס זענען דערווייל צוגעקומען אַלץ נעענטער און נעענטער צום וואַלד. זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטן איבערהויפּט נישט געגאַנגען קעגן פּאַרטיזאַנער אין אַ שלאַכט, נאָר אויף אַן איינפאַכן פּאַראַד־מאַרש. צו שטאַרק האָבן נאָך די באַנדיטן זיך דעמלט געפילט אויף דער פּוילישער ערד.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי זיי האָבן דערהערט די מעכטיקע שטימע פון קאַפּיטאַן כיל, וואָס האָט ממש אַלע עלעקטריזירט:

— פייער !... פייער !...

פון אַלע זייטן האָט זיך אַ שאָט געטאָן אַ האָגל פון בליי. עס האָט זיך דערהערט אַ ריטמיש גרעגערן פון מאַשינבּיקסן, וואָס מאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרויסן אָרקעסטער, וואָס שפּילט בלויז אויף ווערבלען... די פרייד פון נאַטאַליען איז געווען נישט אויסצודריקן מיט ווערטער. יעדע קויל האָט אויסגעזען אין אירע אויגן ווי אַ שוועבנדיקער מלאך, וואָס פליט טויטן איר שונא. זי האָט געשאָסן פון אַן אָפּגעשניטענער ביקס, נישט פילנדיק דעם ווייטיק פונעם שטויסן אין איר נאָך קינדערישן אָרעם. זי האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען די מערדער אויף די קני פאַר אַ הייפל, אין פאַרגלייך מיט די דייטשן, פּאַרטיזאַנער... און זי האָט זיך צעוויינט...

אַרום האָבן געברענט די סטויגן. וואָלקנס רויך האָבן זיך געטראָגן ביז אונטער די הימלען, שאַפנדיק אַ שוואַרצע מויער צווישן די פּאַרטיזאַנער און דעם שונא. איבער די פּאַרטיזאַנישע קעפּ האָבן זיך געריסן און געפייפט דייטשע גראַנאַטן און שפּליטערס אָן אויפהער. דאָס פייער איז אָבער נישט געווען אַזוי צילנדיק. די דייטשן האָבן געשאָסן, נישט זייענדיק אָריענטירט אינעם פאַרנעם פון די פּאַרטיזאַנישע פּאָזיציעס. דאָס פייער איז אָבער געוואָרן

פון מינוט צו מינוט אַלץ שטאַרקער. די פּאַרטיזאַנער האָבן שוין טויטע און פאַרוואונדעטע, דער קאַמפּס־ווילן איז אָבער נישט געפאַלן, פאַרקערט — ער ווערט שטאַרקער און פאַרביסענער.

— גאָט אין הימל! — האָט נאַטאַליעס האַרץ געבעטן — גיב אונדז קראַפט און אויסדויער צו באַזיגן די ווילדע בעסטיע... און נאָך שטאַרקער געדריקט די ביקס אין אירע הענט.

דער קאַמף האָט שוין אַזוי געדויערט עטלעכע שעה, און די דייטשן וואַגן נישט צוקומען נענטער צום וואַלד, זייענדיק, ווייזט אויס, איבערצייגט, אַז זיי האָבן זיך דאָ אָנגעשטויסן אויף גרויסע פּאַרטיזאַנישע כוחות. די ברענענדיקע סטויגן האָבן אויך דאָ אַ סך געווירקט. דאָס האָט געשטעלט די היטלעריסטן אין אַ נישט־זיכערער לאַגע, ווייל זיי האָבן פאַרשטעלט די פּאַרטיזאַנישע פּאָזיציעס.

עס איז שוין געווען שפּעט נאָכמיטאָג, ווען עס האָט גענומען בלאָזן אַ ווינט גלייך אין דער ריכטונג פון פיינט, באַדעקנדיק זייערע ליניעס מיט וואָלקנס שטיקנדיקן רויך פון די כסדר אויפגערירטע סטויגן. דאָס האָט נישט ווייניק באַשווערט זייער לאַגע. טראָץ אַלעם האָט דער אָנגריף פון די האָרדעס מיט קליינע איבעררייסן געדויערט ביז פאַרנאַכט.

אין זייערע רייען זענען שוין געווען גרויסע פאַרלוסטן אין טויטע ווי אין פאַרוואונדעטע. דאָס האָט איבערגעוויגן די וואָגשאָל פון קאַמף און זיג אויף דער זייט פון די פּאַרטיזאַנער. דערצו האָט זיך דערנענטערט דער אייביקער פּאַרטיזאַנישער פאַרבינדעטער — די נאַכט. עס איז געקומען אַ באַפעל זיך צוריקצוציען פון דער ליניע.

אויסנוצנדיק די טונקלקייט האָבן די פּאַרטיזאַנער מאַרשירט צעטיילט אין עטלעכע גרופּן אין פאַרשידענע ריכטונגען. זייענדיק איבערצייגט, אַז מיטן אָנקומען פון פרימאָרגן וועלן די דייטשן באַנייען זייער אָנגריף, האָבן די פּאַרטיזאַנער באַשלאָסן זיי איבערצולאָזן אַ ליידיקן פּלאַץ.

אָפּרייסנדיק זיך פון דעם שונא, האָבן זיי זיך צעטיילט אין דריי גרופּן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון די שוואַרצע, רוזשאַנעצקער און קאָזלאָוויעצקער וועלדער.

# אַ נישט־פֿאַרגעסלעכע דאַטע

נאַטאַליע שולץ איז שוין געווען אַ דערפֿאַרענער פּאַרטיזאַנער. זי האָט שוין נישט געציטערט מער פֿאַר „נישט־גוטע", ווען זי איז געשטאַנען אַליין צווועלף ביינאַכט אויף אַ וואַך־פּאָסטן. אויך די חברים האָבן זיך שוין נישט געוויצלט אויף איר אַדרעס — זי זאָל אַ „שד" לאָזן צוקומען נענטער און נישט גלייך שיסן צו אים... ס'איז שוין געווען ענדע 1943. זי האָט שוין געהאַט אָנטיילגענומען אין אַ סך אַקציעס. דעמלט איז געקומען אַ באַפֿעל פֿון דער אָנפֿירונג, אַז זי איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער שוץ־גרופּע פֿונעם שטאַב ביים אָנפֿירער פֿון אָבווּוד א. ל. פֿולקאָווניק מיעטשיסלאַוו מאָטשאַר.

אַזאַ נאָמינאַציע איז געווען אַ גרויסער כבוד פֿאַר אַ פּאַרטיזאַנער, כאָטש נישט איינמאָל איז מען דאָ געווען אויסגעשטעלט אויף גרעסערע געפֿאַרן, אָבער מיט דעם האָט זיך קיינער נישט גערעכנט.

ס'איז איר אויסגעקומען צו טאָן פֿאַרשידענע אַרבעטן, ווי: פֿאַר־שפּרייטן דעם ביולעטין, אַרבעטן אַלס סאַניטאַר־שוועסטער, כאָטש נאַטאַליע האָט אויף דעם געביט קיין שול נישט דורכגעמאַכט, נישט איינמאָל אויך קאָכן, אָדער וואַשן וועש פֿון קראַנקע חברים, און דאָס וויכטיקסטע — מען האָט געמוזט זיין ביי יעדן אַראָפּוואַרפֿן פֿון פּאַראַשוטיסטן, וואָס זענען געקומען פֿון דער „גרויסער ערד". דעמאָלט איז געווען אַ סך אַרבעט: העלפֿן צעלייגן די פֿייער־צייכנס פֿאַר די פֿליִער, צונויפֿזאַמלען די זעק מיט געווער, אַמוניציע, מעדיקאַמענטן. נישט איינמאָל האָט אַן אומגליק גע־טראָפֿן מיט וועלכן פֿון די פּאַראַשוטיסטן און מען האָט געמוזט געבן די ערשטע מעדיצינישע הילף.

פֿרילינג 1944 האָט די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג באַקומען אַ גרויסן אַראָפּוואָרף פֿון מיליטערישע מכשירים. עס זענען אויך געקומען פֿון „שטורעם־באַטאַליאָן" אויסגעשולטע אינסטרוקטאָרן, ראַדיסטן, שיפֿראַנטן און אַנדערע, צווישן וועלכע עס איז געווען דער מאַיאָר „קלים" און דער ראַדיסט יעקב וואָלקאָוו, פּסעוודאָנים „יאַשאַ". דער פֿאַלשירעם פֿונעם מאַיאָר האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אין אַ בוים און געבליבן הענגען. ביים אַראָפּפֿאַלן האָט ער צעבראָכן אַ פֿוס. נאַטאַליע האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי

מען נעמט זיך צו אַזאַ שטיקל אַרבעט. אָבער, ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל: „בויט מאַכט דעם מייסטער". מיט צוויי געווײנלעכע שטיקלעך האָלץ, פאַרוויקלט מיט אַ שטריק, האָט זי דורכגעפירט די גאַנצע אָפּעראַציע, און אים אָפּגעראַטעוועט דעם פוס.

אַזאַ „לוסטיק" פאַרטיזאַנער־לעבן האָט נאַטאַליע געפירט ביז צום אָנגריף פון די דייטשן אויף די אָפּטיילונגען ביי ראָמבלווו. דאָס איז געווען דעם 14 מאַי 1944. דער שטאַב האָט סטאַציאָנירט אין דעם הויף פון דעם דאָרף. די געביידעס זענען געשטאַנען מער אין דער הייך, אַ ביסל בידעריקער האָט זיך געצויגן דאָס אַזוי גערופענע ראָמבלאָווער וועלדל. נאַטאַליע האָט דעמאָלט געוווינט אין אַ שטיבל צוזאַמען מיט צוויי פוילישע מיידלעך — אירענאַ גאַיוש און מאַריאַ מאַזשענטאַ. עס איז געווען אַ שיינער זומערדיקער פרימאָרגן, דאָס זינגען פון די פייגל, דער רוישנדיקער וואַלד האָט געלאָקט און שוין גאַנץ פרי אַראָפּגעצויגן פון געלעגער. די מיידלעך האָבן זיך גראָד געוואַשן, אויסגעטאָן צו דער „מאָרגן־טואַלעטע". מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ געשריי: — עראָפּלאַנען! דעקן זיך!...

אַזוי ווי זיי זענען געשטאַנען, בלויז פאַרוואָרפן אויף זיך די העמדער, האָבן זיי זיך צוגעראַטשקעוועט צו אַ גרובן און זיך צוגעקוקט מיט האַרצקלאַפּן צו די פּיקירנדיקע איבער זיי עראָפּלאַנען.

אויף דעם הויף איז געוואָרן אַ געוואַלדיקער טומל. פאַר אַלע איז געווען אַן איבעררעשונג דער פּלוצעמדיקער איבערפאַל. די קוכער האָבן אויסגעלאָשן דאָס פייער פון אונטער די קעסלען, אַנדערע האָבן פאַרריכט די מאַסקירונג פון די וועגענער מיט אַמוניציע. דאָס אַלץ האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. די פליער האָבן, ווייזט אויס, באַמערקט די אָפּטיילונגען, וואָס זענען געלעגן און גערוט פון דעם מאַרש ביים ראַנד פון וואַלד, אָפּרייסנדיק זיך פונעם שונא נאָך דער שלאַכט ביי אַמעליק.

עס האָט גערעגנט מיט קוילן און קלענערע באָמבעס. איינע פון זיי האָט געטראָפן אין דער פאַרמאַסקירטער אַמוניציע און גורם געווען די ערשטע קרבנות. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַ פאָרשפּיל. באַלד האָבן זיך אויפן האָריזאָנט באַוויזן גרויסע אָפּטיילונגען פון עס־עס, מיט וועלכע ס'איז געקומען צו אַ פאַרביטערטן קאַמף, וואָס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג. דאָס מאָל האָבן געצאָלט מיט זייערע יונגע לעבנס זייער אַ סך פאַרטיזאַנער.

ערשט שפּעט אין דער נאַכט איז געלונגען זיך אָפּצורייסן פונעם שונא. דער באַפעל איז געווען צו גיין אין די פאַרטשעווער וועלדער.

נאַטאַליע האָט דעמאָלט מאַרשירט מיט דער אָפּטיילונג, מיט וועלכער ס׳האָט אָנגעפירט דער לעמבערגער דאָצענט, מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָט־ניצקי — פּסעוודאָנים „זעמסטאַ״. ביים אַריבערגיין דעם טייך וויעפּזש, נישט ווייט פון דעם דאָרף סאַרניקי, האָבן זיי באַקומען אַ „צושפּייז״ פון פיר דייטשן וואָס האָבן געהיטן די בריק, און וועלכע זענען געוואָרן אויף אייביק באַזייטיקט פון דעם וועג.

פאַרטאָג האָט זיך דערהערט אַ ווייט אָפּהילכן פון אַ באָמבאַרדירונג פון דער זייט פון ראַמבלוּוו. ווייזט אויס, אַז די היטלעריסטן האָבן זיך געגרייט צו אַן אָנגריף, אָבער דאָס פייער איז שוין פאַר די פּאַרטיזאַנער נישט געווען שעדלעך, און איז געווען ווי אַן ערן־זאַלפ פאַר די געפאַלענע חברים, וועלכע די פּאַרטיזאַנער זענען נישט געווען אימשטאַנד אָפּצוגעבן דעם געהעריקן כבוד.

נאַטאַליע איז ווידער געקומען אויף איר אַלטער „פּאַרטיזאַנישער היים״ אין די פּאַרטשעווער וועלדער. דאָ, ווו ס׳איז געווען דאָס וויגל פון איר פּאַרטיזאַניש לעבן, האָט זי זיך געפילט צום בעסטן, צום פרייסטן און אויך צום זיכערסטן.

די שטענדיקע באַריכטן פון די דייטשע מפּלות אויף אַלע פראָנטן האָבן שטאַרק געווירקט אויפן גוטן הומאָר. די היטלעריסטישע האָרדעס האָבן זיך געהאַלטן אין איין צוריקציִען, ווו זיי האָבן געטאָגט, דאָרט האָבן זיי נישט גענעכטיקט... די פּאַרטיזאַנער ווידער האָבן זיך שוין באַמיט שטענדיק זיי צו טרעטן אויף די פּיאַטעס.

נאַטאַליע האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דער גרופּע, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט סטאַניסלאַוו גאַיוש — פּסעוודאָנים „סטאַך״. דער אָנ־פירונג איז נייטיק געווען צו וויסן די לעצטע נייעס פונעם פראָנט. צו דעם צוועק האָט „סטאַך״ באַשלאָסן אַרויסצושיקן זי מיט מאַריאַ מאַזשענטאַ אויף אַן אויסשפּיר.

אָנגעטאָן אין פּויערישער קליידונג, מיט פאַטשיילעס פאַרבונדן די קעפּ, די רעוואָלווערן פאַרשטעקט אין די ברייטע דאָרפישע ספּודניצעס — האָבן זיי זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון נאַטאַליעס היימשטאָט — אָסטרווו־לובעלסקי.

דאָס איז געווען דעם 19 יולי 1944 — אַ נישט פאַרגעסלעכע דאַטע אין נאַטאַליעס לעבן. עס איז געווען אַ טריבער טאָג. נאַטאַליע איז ווידער אין איר שטאָט, ווו זי האָט דערזען די ליכטיקע שיין פון דער וועלט. איר

געליבטע שטאָט אָסטרווו. די גאַסן זענען פּוסט, מען זעט נישט קיין לע־בעדיק באַשעפעניש. אַ קאַלטער ציטער נעמט דורך ביז צו די ביינער. די פאַרבליבענע דאָ מענטשן זענען פאַרשטעקט, וואַרטן אויף דער סטאַ־ביליזירונג פון פראָנטן און אויף די נייע באַלעבאַטים, וואָס וועלן באַזעצן די שטאָט.

אַרום הערשט אַזאַ מאָדנע שטילקייט, וואָס דריקט אויף דער נשמה. דאָ און דאָרט הערט זיך אַ ווייט אָפּהילכן פון שווערע האַרמאַטן־שאָסן, וואָס טראָגט זיך ווי פון אונטער דער ערד. מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ ריטמיש קלאַפּן פון שווערן מעטאַל אויף דעם ברוק. ביידע דרייען אויס די קעפּ אין דער ריכטונג פון גערויש און בלייבן שטיין ווי פאַרגליווערט.

— אַ טאַנק! — שרייט אויס מאַרישע — אַ סאָוויעטישער!...

זיי האָבן נישט געוואָלט גלייבן זייערע אויגן, נישט געקאָנט מאַכן קיין שריט פון דעם אָרט. דער אייזערנער ריז קומט אַלץ נעענטער און נעענטער און זיי ציִען זיך צוריק צו דער מויער, ווי זיי וואָלטן אים מאַכן פריי דעם וועג.

— זדראַסטוויטיע דיעוושקי! — האָבן זיי דערהערט אַ פריינדלעך רופן און דערזען אַ זעלנער מיט אַ פינפעקיקן שטערן אויפן היטל... טרערן האָבן גענומען פליסן פון זייערע אויגן... טרערן פון פרייד און עלנט... זיי האָבן געשטראָמט ווי פון אַ ברויזנדיקן קוואַל, ווי וועלנדיק דערטרינקען די דורכגעלעבטע פיין...

# דער סערזש. רישאַרד קוויאַטקאָווסקי־קעלער, פסעוודאָנים „אַנדזשעי"

לאַנג האָט רישאַרד קוויאַטקאָווסקי־קעלער, מיט זיין מוטער און ברודער אַדאַם אַרומגעוואַנדערט אין דער לובלינער געגנט און נישט געוואָלט גיין אין געטאָ. ווי די איבעריקע וואַנדערער האָבן זיי געשפּאַנט פון איין דאָרף צום צווייטן, ווו געטאָגט, נישט גענעכטיקט און ווו גענעכטיקט נישט געטאָגט. גליקלעך זענען זיי געווען, ווען ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן וועלכן פויער אַרויסהעלפן אין דער ווירטשאַפט: צעהאַקן אַ ביסל האָלץ, אַרויס־וואַרפן דאָס מיסט פון דער שטאַל, אָפּרייניקן אַ פערד אָדער צעשניידן אַ ביסל שטרוי אויף שעטשקע און באַקומען דערפאַר אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל זופּ, אָדער די דערלויבעניש דעם קאָפּ אַנידערצולייגן אין וועלכער ס'איז סטאָדאָלע. מייסטנס האָבן זיי זיך געדרייט אין דעם דאָרף סאָסנאָ־וויצע, וולאָדאַוועער פּאָוויאַט.

אין איינעם שיינעם טאָג האָט דאָס גליק צוגעשפּילט דער מוטער, און זי האָט באַקומען אַרישע דאָקומענטן. עס איז נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג, ווי מיט איר זיך צו שיידן און גיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. אַלס עלטערער ברודער איז רישאַרד אַוועק דער ערשטער.

דאָס איז געווען אָנהייב 1943. ער איז קוים אַלטע געווען 15 יאָר, ווען ער איז אָנגעקומען אין די פּאַרטשעווער וועלדער אין דער אָפּטיילונג פון מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי — פסעוודאָנים „זעמסטאָ". ער איז געוואָרן צוגעטיילט צו דער קאָמפּאַניע פון כיל גרינשפּאַן, וועלכער האָט געשטאַמט פון דעם דערמאָנטן דאָרף סאָסנאָוויצע. דאָ איז אויך געווען גרינשפּאַנס ברודער אברהם, ווי אויך פון דעם זעלבן דאָרף דער חבר וווּלוואַ, פסעוודאָנים „וולאָדעק", פון פּאַך אַ קאַמאַשנמאַכער, מיט וועלכן רישאַרד האָט זיך שפּעטער גוט באַפריינדעט.

די אָפּטיילונג איז שוין דעמאָלט געווען גוט באַוואָפנט. דער עיקר האָבן זיי געהאַט קורצע אָפּגעשניטענע ביקסן, וועלכע מען האָט געקאָנט טראָגן ביי ספּעציעלע אַקציעס אונטער דעם מאַנטל.

רישאַרד איז דאָ נישט געווען קיין אויסנאַם. ייִנגלעך אין זיין עלטער זענען געווען אַ סך און אַפילו אויך יונגערע. אומזיסט האָט מען דאָ קיין עסן נישט געגעבן. פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט האָט מען געלערנט פאַר־שידענע איבונגען, שיסן, באַקענען זיך מיט אַלע מינים געווער אין טעאָריע און אין דער פּראַקטיק.

צו קיין גרעסערע אַקציעס האָט מען דאָס יונגוואַרג נישט צוגעלאָזט. דאָס איינציקע, וואָס מען האָט זיי יאָ אָנפאַרטרויט איז געווען, צו שטיין אַלס וואַך־פּאָסטן. עס זענען געווען איינצלנע פאַלן פון אָנטיילנעמען אין אונטערנעמונגען, אָבער נאָר מיט דער ספּעציעלער דערלויבעניש פון כילן.

ענדלעך איז געקומען אויך די ריי אויף רישאַרדן זיך צו באַטייליקן אין אַ גרעסערער אַקציע. דאָס איז געווען פעברואַר 1944. די דייטשן האָבן אָן אויפהער געמאַכט פּרוּוון די פּאַרטיזאַנער צו פאַרניכטן. צום קאַמף מיט די „באַנדיטן", ווי זיי פלעגן רופן די פּאַרטיזאַנער, זענען געוואָרפן געוואָרן גאַנצע דיוויזיעס פון מיליטער, זשאַנדאַרמען, וולאַסאָווצעס, אוקראַינער, עס־עס און אַנדערע טייוולאָנים, אָבער אָן דערפאָלג. ווי די שוואָמען נאָך אַ רעגן, אַזוי זענען די פּאַרטיזאַנער אויסגעוואַקסן שטענדיק דאָרט, ווו זיי האָבן זיך צום ווייניקסטן געריכט.

דאָס מאָל האָבן די היטלעריסטן געפּלאַנט דורכצופירן די אַזוי גע־רופענע „טשעסאַנקע" (דורכקעמונג) אין די רוזשאַנעצקער וועלדער. אַ דאַנק די אויסשפּירער האָבן די פּאַרטיזאַנער וועגן דעם זיך דערוווּסט צו דער צייט און געהאַט די מעגלעכקייט אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן ווי זיי אין דעם צו שטערן.

עס איז געווען אַ קאַלטער אָוונט. פּערציק מאַן האָבן מאַרשירט אונ־טער דער אָנפירונג פון „לודוויקן" אין דער ריכטונג פון דאָרף אוגניו. דאָ, אויף דעם שאָסיי צווישן פּאַרטשעוו און וולאָדאַווע, האָבן זיי באַשלאָסן צו מאַכן אַ קבר פאַר די באַנדיטן. אַ ספּעציעלע מינער־גרופּע איז צוגע־טראָטן צו דער אַרבעט. דער אָפּשניט ביי אוגניו איז געוואָרן פאַרמינירט. אַלע פּאַרטיזאַנער האָבן פאַרנומען קאַמפּס־פּאָזיציעס צוזאַמען מיט אַ סאָ־וויעטישער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג, מיט וועלכער ס'האָט אָנגעפירט דער מאַיאָר „באָריס" — אַ רוסישער ייִד, וועלכן ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן די פּאַרטיזאַנער אויף זיי געוואַרט. לויט דער מעלדונג פון די אינפאָרמאַטאָרן האָבן די דייטשן געדאַרפט אָנקומען פון פּאַרטשעוו, דערפאַר זענען זייערע בליקן געווען געווענדט אין דער ריכ־

טונג, ווי צו אַ הייליק בילד... פֿאַרטאָג האָבן זיך באַוויזן אויפֿן שאָסיי צוואַנציק מאַשינען מיט היטלעריסטן. עס האָט זיי געטיילט פֿון דעם אונ־טערמינירטן אָרט ממש סעקונדן, אָבער די צייט האָט זיך איצט צום לענגסטן געצויגן... ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער האָט רישאַרד געוואַרט אויף דעם מאָמענט און אינסטינקטיוו פֿאַרמאַכט די אויגן...

ערשט די עקספּלאָזיע האָט אַנטשפּאַנט די נערוון. די קאַנאָנאַדע פֿון די אויפֿגעריסענע מינעס באַגלייט מיט אַ שטעפּן פֿון די פּאַרטיזאַנישע מאַשין־ביקסן האָט ווייט אָפּגעהילכט. אין די דייטשע רייען איז געוואָרן אַ פּאַניק, אַ סך האָבן גענומען לויפֿן אויף צוריק. זיי האָבן זיך אָבער באַלד באַהערשט און אויפֿגענומען דעם קאַמף, פֿאַר וועלכן זיי האָבן טייער באַצאָלט.

אויך דאָס מאָל איז זיי דער פּלאַן דורכצופֿירן אַ „טשעסאַנקע" נישט געלונגען.

טראָץ דעם זיג איז די שטימונג ביי די פּאַרטיזאַנער נישט געווען קיין פֿריילעכע. אַ קאַמף מיט אַ פֿילפֿאַכיק שטאַרקערן קעגנער האָט אויך אין די פּאַרטיזאַנישע רייען געבראַכט פֿאַרלוסטן. דער שווערסטער קלאַפּ איז געווען דער טויט פֿון העלדישן סאָוויעטישן פּאַרטיזאַנער, דעם אָנפֿירער פֿון דער גאַנצער אַקציע — מאַיאָר „באָריס".

אַ שווער־פֿאַרוווּנדעטן האָט מען אים אַרויסגעטראָגן פֿון קאַמפּס־פּלאַץ און אין עטלעכע שעה שפּעטער האָט ער זיך אויף אייביק געזעגנט... מען האָט אים באַערדיקט אין אָסטראָוו־לובעלסקי און ביים אָפֿענעם קבר אָפּ־געגעבן אַן ערן־זאַלפּ.

# דער טאַרטאַק אין מילאַנווו

די מפּלה פון די דייטשן ביי סטאַלינגראַד, וועלכע האָט צו־נישט געמאַכט די לעגענדע וועגן דער אומבאַזיגבאַרער דייטשער אַרמיי, האָט געבראַכט אין די פּאַרטיזאַנער־רייען מענטשן, וועלכע האָבן זיך ביז איצט געוואַקלט. עס זענען געקומען יונגע יאַטן פול מיט מוט און ענערגיע. עס איז גלייכצייטיק אויסגעוואַקסן די צאָל אינפאָרמאַטאָרן און רעזידענטן אין די קעלנסטע שטעט און דערפלעך. עס האָבן אויך אָנגענומען ברייטערע פאָרמען די פּאַרטיזאַנישע אַקציעס.

דאָס איז געווען אין מערץ 1944. אויפן פּלאַץ איז געשטאַנען אַן אָפּטיילונג פון פופצן מאַן אונטער דער אָנפירונג פון דעם גאַליציאַנער בחור, פּסעוודאָנים „זיגומנט", און געוואַרט אויף די לעצטע באַפעלן פון קאַפּיטאַן כיל. די לופט פון דעם פרימאָרגן איז געווען פייכט און שאַרף, זי האָט ממש דורכגענומען ביז צו די ביינער. אַלע האָבן אויף זיך געהאַט מאַנטלען, אונטער וועלכע עס זענען געווען פאַרשטעקט די אָפּגעשניטענע ביקסן. — דער ציל איז געווען דער טאַרטאַק אין מילאַנווו.

כיל האָט נאָך געגעבן עטלעכע אָנווייזונגען און מיט אַ קלאַפּ אין דער פּלייצע, ווי זיין שטייגער איז געווען, האָט ער געזעגנט „זיגמונטן":

— אַ גוטן שליטוועגס, יאַטן!...

לויט דער מיטטיילונג פון די אינפאָרמאַטאָרן, איז דער טאַרטאַק געווען באַוואַכט פון זעקס זשאַנדאַרמען. עס איז ספּעציעל צו דער אַקציע באַשטימט געוואָרן אַ זונטיקדיקער טאָג. געוויינלעך פלעגן די איינוווינער, ווי די זשאַנדאַרמען, נאָך דעם מיטאָג־עסן קומען אין דעם דאָרטיקן שענקל טרינקען ביר. דאָס איז געווען דאָ די איינציקע פאַרוויילונג.

דער עולם האָט געשטראָמט פון דעם קלויסטער, אויף דער גאַס איז געווען די לוסטיקע דאָרפישע יוגנט, וועלכע האָט זיך באַוואָרפן מיט שניי... די פּאַרטיזאַנער, איינגעטיילט אין קליינע גרופּן, האָבן זיך געלאָזט צום שענקל, כלומרשט אויך אויף אַ גלעזל משקה.

זיי האָבן פאַרנומען אַ טישל, באַשטעלט ביר און געזעסן און געוואַרט אויף זייערע געסט... אין דער זעלבער צייט האָט אַ טייל מיט „זיגמונטן"

בראש פונדערווייטנס אָבסערווירט דאָס הייזל און די אָנקומענדיקע זשאַנ־דאַרמען...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט די טיר זיך געעפנט און אין איר האָבן זיך באַוויזן איינער נאָכן אַנדערן פינף הויכע טשאַקעס אויף די פאַרהאַסטע היטלעריסטישע קעפּ.

ברייט זיך צעזעצט ביי אַ טישל, האָבן זיי געמיטלעך גענומען אויפ־שפּיליען די פּאַסן, פאַררויכערט גראָבע ציגאַרן, און דער אייגנטימער האָט זיי אין דער ערשטער ריי גענומען באַדינען מיט גרויסע קופלעס שוימענ־דיק ביר.

ביי די פּאַרטיזאַנער האָבן די הערצער גענומען האַסטיקער קלאַפּן, נישט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן אויף די יאַטן פון דרויסן. אַלץ האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן אויף דעם סיגנאַל פון „זיגמונטן״... מיטאַמאָל האָט ער זיך באַוויזן אויף דער שוועל מיט נאָך צוויי פּאַרטיזאַנער, די לופעס פון די ביקסן גלייך אָנגעצילט אין דער ריכטונג פון די היטלעריסטן און אויסגערופן: — „הענדע האָך!״... אין דעם מאָמענט האָבן אויך אַ בליאַסק געטאָן די ביקסן פון רישאַרדן און זיינע חברים... דאָס האָט אַלע ממש עלעקטריזירט. מיט דערשראָקענע פּנימער האָבן די זשאַנדאַרמען גענומען זיך אַרומקוקן אין אַלע זייטן און פויל אויפגעהויבן אין דער הייך זייערע ציטערנדיקע הענט.

עטלעכע יאַטן האָבן גלייך אַוועקגענומען ביי זיי די רעוואָלווערן מיט די פּאַסן און אויף דעם באַפעל פון „זיגמונטן״ פאַרבונדן זיי די מיילער און גענומען אַרויספירן צום „שוואַרצן וואַלד״, וואָס איז געלעגן ביי אַ צוויי קילאָמעטער פון מילאַנווו.

אין דער זעלבער צייט האָט די צווייטע גרופּע זיך גענומען צום צווייטן אַקט, צום וויכטיקסטן — צום טאַרטאַק... דאָ איז אַלץ צוגעגאַנגען אָן שטערונגען. נאָך דעם ווי מען האָט ליקווידירט דעם נאַר איינציקן דייטשן שומר, איז דער טאַראַטאַק אונטערגעצונדן געוואָרן פון עטלעכע זייטן... דער באַפעל פון קאַפּיטאַן קאַפּיטאַן כּיל איז געוואָרן אויסגעפירט.

באַגלייט פון נייגעריקע בליקן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, האָבן די פּאַרטיזאַנער מאַרשירט אין צוויי רייען אין דער ריכטונג פון דאָרף באַגנאָ, וואָס איז געלעגן דירעקט ביים ראַנד פון דעם דערמאָנטן „שוואַרצן וואַלד״. לויט דעם אָפּגערעדטן צייכן, האָבן זיךביידע גרופּן דאָ באַגעגנט. צופרידענע פון דעם גוט־אָפּגעטועלנעם שטיקל אַרבעט, האָבן זיי זיך גע־זעצט פאַרן גאַנצן טאָג עפּעס נעמען אין מויל אַריין.

זייט דער דאָזיקער אַקציע איז שוין רישאַרד פאַררעכנט געוואָרן צו די פולווערטיקע פּאַרטיזאַנער און איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער אָפּטיילונג פון לעאָן קאָסמאַן, פסעוודאָנים „יאַנאָווסקי״, ווו ער איז צום צווייטן מאָל געוואָרן פאַרוווּנדעט. ווען די אָפּטיילונג איז צעקלאַפּט געוואָרן איז רישאַרדן געלונגען זיך צו דערשלאָגן צום דאָרף סטודיאַנקאָ און זיך אָנשליסן אין דער אָפּטיילונג פון דעם פוילישן בחור באָלעסלאַוו קאָוואַלסקי — „ציען״, וועלכער האָט געהערט צום צווייטן אָבוואָד פון א. ל. דאָ האָט ער זיך געטראָפן מיט זיין ברודער אַדאַם און געבליבן שוין צוזאַמען ביז צום סוף.

„ציעניען״ האָט רישאַרד געהאַט צו פאַרדאַנקען זיין לעבן. דאָס האָט ער אים אין יוני 1944 אָפּגעשלאָגן פון די מערדערישע הענט פון ענ. עס. זעט., וועלכע האָבן אים געפירט צום טויט.

# דער פּולק. איגנאַצי ראָזענפאַרב־ראָבב־נאַרבוט, פּסעוודאָנים „סלאַוועק"

דער אָנפירער און איינער פון די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג „קעלצער ערד", וועלכע איז געווען איינע פון די גרעסטע איינהייטן פון דער פאָלקס־גוואַרדיע, פון וועלכער עס איז שפּעטער אַנטשטאַנען די בריגאַדע פון דער פאָלקס־אַרמיי „קעלצער ערד", איז געווען ראָזענפאַרב־ראָבב־נאַרבוט, פּסעוודאָנים „סלאַוועק" אָדער ווי מען האָט אים גערופן „קריסטיאַן".

דער העלדישער פּאַרטיזאַנער און פירער פון דעם באַצירק פון דער פאָלקס־אַרמיי נומער 9 III קרייז — פּולקאָווניק „סלאַוועק", האָט שוין פון זיין היים אַרויסגעטראָגן דעם סאָציאַליסטישן גייסט און קאַמפס־מוט. זיין טאַטע, אַן אַלטער קעמפער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז אין יאָר 1905 פאַרשיקט געוואָרן אויף סיביר פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. די מאַמע פון איגנאַצן איז געווען — די שטאָט וואַרשע... דער־פאַר האָט ער זי טאַקע אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און זיך געשטעלט אַלס איינער פון די ערשטע אין די רייען פון אירע פאַרטיידיקער. פון איבער־צייגונג, האָט ער שוין פון זיין פריסטער יוגנט געגומען פאַרשפּרייטן די דאָזיקע אידעע אין דער זשורנאַליסטישער שול, ווו ער איז געווען אַ שילער.

ער איז געווען אַ ליטעראַט און פּאַרטיזאַנער פון דער „קעלצער ערד" אין די שווייענטאָקשיסקער בערג און יעדער פון זיינע נאָענטסטע מיט־אַרבעטער אין דיביידע געביטן וויל אים זען מער אויף זיין זייט. זיינע פריינד פון דער ליטעראַרישער גרופּע „פּשעדמיעשטשע" באַווייזן זיין שרייבערישן טאַלאַנט, זיין שאַרפע פעדער, זיינע עכטע פּאָעטישע געפילן. די צווייטע גיבן אָן פאַקטן פון זיין גרויסקייט אַלס מיליטערישער סטראַטעג, זאָגן עדות וועגן זיינע העלדנטאַטן אַלס פּאַרטיזאַנישער פירער, דערציילן וועגן זיין קראַפט מיטצורייסן און דערמוטיקן מענטשן צום קאַמף אַפילו אין דער סאַמע אויסזיכטלאָזער לאַגע.

איינע פון אַזעלכע אויסזיכטלאָזע לאַגעס איז דער פאַל ביי דער אַקציע אויף די פּיריט־גרובנס אין רודקע.



איגנאַצי ראָזענפֿאַרב־ראָבב־גאַרבוט, פּסעוו. „סלאַוועק"

עס איז געווען דעצעמבער 1942. נאַרבוט איז דעמאָלט געווען דער פירער פון אַן אָפּטיילונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע, וועלכע איז געווען טעטיק אויפן געביט פון צוויי ראַיאָנען: קעלצער און קאָנעצקער. אויפן באַפעל פון דער אָנפירונג אין וואַרשע האָט די אָפּטיילונג געדאַרפט דורכ־פירן אַן איבערפאַל אויף די גרובנס פון פּיריט אין רודקע ביי נאָווא־סלופּע.

דאָס אַריינקריגן זיך אויף דעם געביט איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. דעם אַריינגאַנג אין די גרובנס גופא האָבן געשיצט עטלעכע פּלוטאָנגען אַזוי גערופענע „ווערקשוץ”, וועלכע זענען געווען גוט באַוואָפנט אין ביקסן און מאַשינגעווער. די גאַנצע פאַרצוימונג אַרום די גרובנס איז געווען באַלויכטן פון רעפלעקטאָרן און יעדע עטלעכע הונדערט מעטער האָבן זיך געפונען וואַך־ביידלעך אויף הויכע סלופּעס, פון וועלכע די דייטשן האָבן געהאַט אַ זייער גוט שיס־פעלד...

באַטראַכטנדיק דאָס אַלץ, שטייענדיק ביים ראַנד פון וואַלד האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ס'איז אוממעגלעך די אַקציע דורכצופירן. נאַרבוטס דע־צידירנדיקע האַלטונג האָט אָבער ביי יעדן געשאַפן די זיכערקייט און די איבערצייגונג, אַז ביי אַ שטאַרקן ווילן זענען נישט פאַראַן קיין נישט אויספירבאַרע זאַכן. ער האָט אַן אויסוועג געפונען. ביים קרייצן זיך פון די ליכט־פאַסן איז געבליבן דאָס אַזוי־גערופענע „טויטע פעלד”, צו וועלכן די ליכטשיין האָט נישט דערגרייכט. אויף די ערטער זענען די וואַכלייט שטיל אַראָפּגענומען געוואָרן, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט דעם פּלוצעמדיקן איבערפאַל אויף די איבעריקע שומרים און דאָס אַריינדרינגען אין דעם פאַרצוימטן געביט.

אַ ספּעציעלע גרופּע האָט זיך גליך גענומען פאַרניכטן די איינריכ־טונגען פון די פּיריט־גרובנס. אָבער באַלד די האָבן די דייטשן צוריק באַהערשט די סיטואַציע און עס איז געקומען צו אַ פאַרביסענעם קאַמף. די לאַגע איז פאַר די פּאַרטיזאַנער געווען נישט קיין גינסטיקע און זיי זענען געווען געצוווּנגען זיך אַרויסצוציִען מיט אַ פאַרלוסט פון איין טויטן — אַ יידישער בחור פון כאָטשער געגנט, פּסעוודאָנים „פעלעק”.

די גרובנס איז טאַקע נישט געלונגען פולשטענדיק צו צעשטערן, אָבער די אַקציע האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. די פאַרלוסטן פונעם שונא זענען געווען גרויס אין מענטשן און אין מאַטעריאַלן. זייער וויכטיק איז אויך געווען די מאָראַלישע און פּאָליטישע זייט פון דער אַקציע. זינט דעמאָלט האָבן זיך די היטלעריסטן שוין נישט געפילט אַזוי זיכער אויף



WOJSKO POLSKIE

**Tymczasowe zaświadczenie Nr** 34850

Okaziciel niniejszego Pułkownik

Narbutt Ignacy s. Jana

(Stopień, nazwisko, imię, imię ojca)

odznaczony Rozkazem Personalnym Naczelnego

(dekretem lub rozkazem)

Dowódcy W.P. Nr 759 z 31 Sierpnia 1945 r.

**ZA BOHATERSKIE CZYNY i DZIELNE ZACHOWANIE SIĘ**
**W WALCE Z NIEMIECKIM NAJEŹDŹCĄ**

Orderem, medalem Krzyż V kl. Orderu „Virtuti Militari"

Szef Wydz. Odz. Dow. W.P.

(Podpis wręczającego: Zajmowane stanowisko i stopień)



M. p. „8" października 1945 – / Wachtel ppłk.

די באַשטעטיקונג וועגן פּולק. איגנאַצי ראָזענפּאַרב־נאַרבוטס אויסצייכענונג מיטן אָרדן פון ווירטוטי מיליטאַרי

דעם באָדן. דער פּאַראָל פון די פּאַרטיזאַנער, אַז „דער אָקופּאַנט מוז פילן אויף יעדן אָרט זיין קבר״ — האָט זיך באַשטעטיקט.

באַלד האָבן די דייטשן גענומען גרייטן אַן אָבלאַווע אויף די פּאַרטיזאַנער מיט דער הילף פון זשנאַדאַרמעריע־אָפּטיילונגען. עס איז אָבער נישט געווען אין דער פּאַרטיזאַנישער טאַקטיק אויפצונעמען אָפענע קאַמפן מיט רעגולערע מיליטערישע אָפּטיילונגען, דערפאַר האָט דער דעמאָלטיקער נאָך פּאָרוטשניק נאַרבוט באַפוילן שנעל זיך אָפּצורייסן פון שונא.

עס זענען געווען פּראַסטיקע טעג און נאָך קעלטערע נעכט. די פּאַרטיזאַנער זענען געווען מיד און דערשעפּט. אויף דעם באַפעל פון אָנפירער האָט זיך איין טייל פאַרהאַלטן אין אַ דאָרף ביי דעם טייך סאָלפּיע. מען האָט פאַרנומען קוואַטירן. אַרויסשטעלנדיק אומעטום שומרים, האָבן אייניקע גענומען טריקענען די דורכגענעצטע מונדירן, צוגייטן עפּעס וואַרעמס צום עסן, אַנדערע ווידער האָבן גענומען וואַשן די שמוציקע העמדער און אָנוצעס. מען האָט זיך געפילט זיכער, ווייל דאָס דאָרף איז געלעגן נעבן אַ וואַלד. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַן אַליאַרם. דייטשע אָפּטיילונגען האָבן אַריינמאַרשירט אין דאָרף פון עטלעכע זייטן. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק. אַ טייל האָט באַלד זיך גענומען שטופּן צו דער טיר און באָרוועס אַרויס אויף דער גאַס. אָבער נאַרבוט האָט נישט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט. מיט אַ זיכערן טאָן האָט ער גענומען אַרויסגעבן באַפעלן, וואָס האָט אויף אַלע געווירקט, צוריקשטעלנדיק זייער קאַמפּספּעיִקייט:

— צעשפּרייטן זיך אין אַ טריאַליערע! — האָט ער שטיל געזאָגט צו די נעבן אים געפינענדיקע זיך פּאַרטיזאַנער, וואָס איז פון מויל צו מויל שנעל איבערגעגעבן געוואָרן ווייטער.

פון הינטער דעם פּאַרקן האָט נאַרבוט באַמערקט אַ הויכן דייטש מיט שליפעס פון אַ קאַפּיטאַן, וועלכער האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן.

דער סיגנאַל צום שטורעם איז געווען זיין ערשטער שאָס צום היטלעריסטישן אָפיציר...

נאָך אַ קורצן קאַמף האָבן זיך די פּאַרטיזאַנער דורכגעשלאָגן אין וואַלד. ליידער איז דאָס נישט געווען אָן קרבנות. עס זענען געפאַלן דריי פּאַרטיזאַנער, צווישן זיי דער אינזשעניער־אַרכיטעקט א. פאַלמאַן. די פאַרלוסטן פונעם שונא זענען געווען אָבער אַ סך גרעסערע, טראָץ זייער בעסערער לאַגע און באַדייטנדיק גרעסערע כוחות אין מענטשן און אין מיליטערישע מכשירים. אַ סך האָט דאָ געווירקט די זיכערע און רואיקע האַלטונג פון

ראָבב־נאַרבוט, ווי אויך דער טויט פון דעם דייטשען קאַפּיטאַן, וואָס האָט אין ערשטן מאָמענט שטאַרק איבערראַשט די באַנדיטן.

ביידע צדדים האָבן רעכט געהאַט. פּולקאָווניק איגנאַצי ראָבב־נאַרבוט איז געווען אַ טאַלאַנטירטער ליטעראַט און אויסגעצייכנטער מיליטערישער פירער. אָבער מען דאַרף אויך צוגעבן — אַ גרויסער פּוילישער פּאַטריאָט, אַ הומאַניסט און אינטערנאַציאָנאַליסט.

אָט איז איינער פון זיינע שפּעטערדיקע באַפעלן צו די אונטערליגנדיקע אים אָפּטיילונגען פון דער פאָלקס־אַרמיי, וועלכער איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם פּאַטריאָט איגנאַצי נאַרבוט.

## טעגלעכער באַפעל נומער 1.

„די אָנפירונג פון באַצירק פון דער פאָלקס־אַרמיי נומער 9 III ראַיאָן. אָפיצירן, אונטעראָפיצירן, זעלנער פון דער פאָלקס־אַרמיי!

אויף דעם באַפעל פון דער הויפּט־אָנפירונג פון דער פאָלקס־אַרמיי, דאַטירט דעם 27.II.44, בין איך באַשטימט געוואָרן אַלס פירער פון אייער ראַיאָן. אייער ראַיאָן האָט גרויסע טראַדיציעס פון אויפשטענדלער, פאָלקס־באַפרייערישע טראַדיציעס. וויל איך מיט אייך צוזאַמען זיך באַמיִען צו האָבן נייע דערגרייכונגען אויף דעם געביט און פאַרפילפאַכן די רייען פון דער פאָלקס־אַרמיי.

דאָס פוילישע פאָלק זעט נאָר אין דער פאָלקס־אַרמיי דעם באַוואָפנטן כוח, וועלכער איז אימשטאַנד אים אויסצולייזן פון אָקופּאַנט און דערפירן צום ענדגילטיקן זיג פון אַ פריי דעמאָקראַטיש פוילן. דאָס אַנטשטיין פון דער דעמאָקראַטישער פאַרשטייערשאַפט פון דעם פוילישן פאָלק — דעם פאָלקס־לאַנדראַט — גיט דעם פוילישן זעלנער אַן אומבאַזיגבאַרן אָנשפּאַר און פאַרבינדונג פון ריינע מיליטערישע אָנשטרענגונגען מיט דעם פּאָליטישן ציל פון דעם פאָלק.

די לאַגע אויף די פראָנטן ווייזן אויף דער אַבסאָלוטער שוואַכקייט פון דעם שונא. דער זיכערער מאַרש פון אונדזער פאַרבינדעטער רויטער אַרמיי, די סיסטעמאַטישע באָמבאַרדירונגען פון די אינדוסטריעלע געביטן פון דריטן רייך דורך די אַליאַנטישע לופט־כוחות, די קאַמפן אין איטאַליע, די נאָענטע אינוואַזיע פון די מערב־מלוכות אין אייראָפּע, ווי אויך די העלדישע קאַמפן פון די אונטערדריקטע פעלקער, גיט אַ מעגלעכקייט נאָך דאָס יאָר צו צעשמעטערן דעם שונא.

בלויז די אָנגעשטרענגטע מי פון דעם באַוואָפנטן כוח פון פוילישן פאָלק, די פאָלקס־אַרמיי, איז אימשטאַנד זיך קעגנצושטעלן דעם פאַר־שטאַרקטן טעראָר פון אָקופּאַנט אין לאַנד.

שוואַכע דערפאַרונג פון דער אָנפירערשאַפט, פאַרנאַכלעסיקונג אין דער אָרגאַניזירונג פון אונדזער מיליטערישן אָפּשניט, קאָנען שאַפן שווע־ריקייטן אין דער פאַרבינדונג פון די קעמפערישע מיט די אָרגאַניזאַציאָ־נעלע כוחות אין אונדזערע רייען.

אונדזער אַפּעראַטיווער געביט מוז ווערן איינער פון די ערשטע אין דעם פאָלקס־באַפרייערישן קאַמף. פון אייך, זעלנער פון דער פאָלקס־אַרמיי, פאַרלאַנגט מען אַ שטרענגע דיסציפּלין און כסדרדיקע פאַרפּולקאָמונג פון אייערע מיליטערישע פעיִקייטן און קענטענישן.

אָפיצירן, אונטעראָפיצירן און זעלנער פון אַ. ל.! הייבט אויף הויך די פאָן פון דער אומבאַזיגבאַרער פאָלקס־אַרמיי!

אויף דעם וועג שיק איך אייך איבער מיינע ברידערלעכע און קאַמפס־באַגריסונגען.

אַ טויט דעם דייטשען אָקופּאַנט!

אָנפירער פון באַצירק פון דער פאָלקס־אַרמיי —

„סלאַוועק".

עס איז אויך כדאַי צו דערמאָנען, אַז דער גרויסער פוילישער פּאַט־ריאָט, פרייהייטס־קעמפער און אינטערנאַציאָנאַליסט האָט נישט פאַרלייקנט זיין יידישן אָפּשטאַם. אין אַ שמועס מיט איינעם פון זיינע פוילישע פריינד האָט ער אַמאָל געזאָגט:

— „איך בין אַ ייד. היטלער האָט מיך דאָס געלערנט"...

— „איך בין אַ ייד מיט דער טראַגישער וואָג פון די ליידן, וועלכע עס פאַרקערפּערט אין זיך דאָס וואָרט"...

„סלאַוועקן" האָבן אַלע ליב געהאַט ווי אַ פאָטער. די פּאַרטיזאַנער פלעגן זאָגן: „מיט סלאַוועקן איז אַפילו צום טויט נישט שרעקלעך צו גיין"...

נאָכן באַפרייען די פוילישע ערד גייט נאַרבוט ווייטער מיט דער רע־גולערער פוילישער אַרמיי, באַטייליקנדיק זיך אין די לעצטע קאַמפן קעגן דער היטלעריסטישער בעסטיע ביז אין בערלין.

נאָך דעם קריג נעמט זיך נאַרבוט צוריק צו דער פעדער. צום באַ־דויערן דויערט דאָס נישט לאַנג. צוזאַמען מיט אַנדערע פאַלט ער אַ קרבן אין דעם קאַמף, וואָס איז דעמאָלט געפירט געוואָרן קעגן דער „רעכטער

נאַציאָנאַליסטישער אָפּנויגונג". עס קומען די שווערסטע טעג אין זיין לעבן. זיינע אַרטיקלען ווערן נישט געדרוקט. עס דערגייט אַזוי ווייט, אַז ער פאַר־לאָזט זיין באַליבטע שטאָט וואַרשע, אין וועלכער ער קערט זיך צוריק אום מיט אַ סך יאָרן שפּעטער שוין אַ פיזיש צעבראָכענער.

דער פּולקאָווניק איגנאַצי ראָזענפאַרב־ראָבב־גאַרבוט — „קריסטיאַן", „סלאַוועק" איז געשטאָרבן אין יאָר 1958. ווי גרויס די ליבע און ערע צו אים איז געווען, באַווייזט די לוויה, וועלכע איז דעמאָלט פאָרגעקומען. ביים אָפענעם קבר אויף פּאָוואָנזעק זענען אָנוועזנדיק געווען מענטשן פון אַלע שיכטן פון פאָלק, פון פאַרשידענע פּאָליטישע און רעליגיעזע איבער־צייגונגען. עס האָבן אויך נישט געפעלט זיינע זעלנער פון דער פאָלקס־אַרמיי, וועלכע זענען געקומען אָפּגעבן כבוד זייער פאַרטיזאַנישן פירער.

# אין די רייען פון א. ק.

פאַר מרדכי זילבערבערג איז דאָס געווען אַ גרויסער טאָג, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז עס עקזיסטירט אַ געהיימע גרופּע, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל מיט געווער אין האַנט זיך אַנטקעגנצושטעלן די היטלעריסטישע מערדער. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט אין די וואַר־שטאַטן פון טעבענסן אויף דער פאַנסקע־גאַס, געניייט מונדירן פאַר דער ווערמאַכט. דאָרט אין די וואַרשטאַטן איז געוואָרן אָרגאַניזירט אַ געהיימער קרייז און ער איז געוואָרן איינער פון זיינע מיטגלידער.

בלוטיקע טעג זענען פאַרביי. פון זייערע רייען האָט מען שוין געהאַט אַרויסגענומען די בעסטע אָרגאַניזאַטאָרן און זיי געשיקט צום טויט. ענדלעך איז געקומען דער דערוואַרטער טאָג פון דעם 19־טן אַפּריל 1943 און די שאָס־זאַלפּן אין געטאָ האָבן געגעבן צו וויסן אין וואַרשע, אַז הינטער די מויערן האָט זיך צעפלאַקערט אַ קאַמף פון די יידן קעגן די דייטשן.

דאָס איז נישט געווען קיין גלייכער פאַרמעסט. — פון איין זייט מוטיקע יידישע מיידלעך און בחורים, וואָס זייער העלדנטאַט האָט באַוווּנ־דערט די גאַנצע וועלט. יונגע מענטשן, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין קאַמף מיט פלעשער בענזין, גראַנאַטן און באָמבעס פון אייגענער אויסאַרבעטונג, מיט געציילטע ביקסן און רעוואָלווערן — און פון דער צווייטער זייט, נאָרמאַלע מיליטערישע אָפּטיילונגען, אויסגעשטאַטע אין טאַנקען, מאַשין־געווער און אונטערשטיצונג פון אַוויאַציע.

אין פייער און בלוט איז דער אויפשטאַנד דערשטיקט געוואָרן, בלויז אַ קליין הייפל איז געבליבן ביים לעבן און זיך שפּעטער געפּרוּווט אַרויס־רייסן פון די באַנדיטישע הענט דורך די קאַנאַלן, כדי אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער פאַרצוזעצן דעם קאַמף.

צוויי וואָכן איז מרדכין אויסגעקומען צו לעבן אין די קאַנאַלן, דורך וועלכע ס׳איז געשווומען דער גאַנצער שמוץ און אומריינקייט פון דער שטאָט, ביז ער האָט זיך סוף־כל־סוף דערוואַרט אַ בליק צו געבן אויף דער ליכטיקער וועלט.

דאָס איז געווען דעם 9 יוני 1943, ווען ער איז מיט דער הילף פון

צוויי פּוילישע חברים — איגנאַצי סאַוויצקי און קאַסטעק אַלפּינסקי פון קראָקע — איבערגעטאָן געוואָרן אין קליידער פון אַ קוימענקערער און איבערגעפירט געוואָרן פיר קילאָמעטער נאָך לעגיאָנאָוואָ אין די כאַטאַ־מאָוועער וועלדער צו די פּאַרטיזאַנער.

דאָס זענען געווען פּאַרטיזאַנער פון דער לאַנדס־אַרמיי (א. ק.) — צוויי און דרייסיק מאַן אונטער דער אָנפירונג פון דעם וואַרשעווער בחור מיטן פּסעוודאָנים „זשאַק". מען האָט אים אויפגענומען גאַנץ פריינדלעך. ער האָט געהאַט אַן אויטאָמאַט, כאָטש אָן אַמוניציע, אָבער דאָך איז דאָס דעמאָלט געווען אַ גרויסע זאַך; זיין שטאַרקער פיזישער אויסזען האָט אויך געשאַפן אַ ביסל רעספּעקט צו אים און וועגן זיין יידישער אָפּשטאַמונג האָט נאָר געוווסט „זשאַק", וועלכער האָט אים טאַקע אין עטלעכע טעג שפּעטער צוגעטיילט אַ דאָקומענט אויפן נאָמען פון העניק מאַלינסקי.

ווייזט אויס, אַז דאָרט איז בלויז געווען אַ ווערביר־פּונקט. ווייל באַלד איז ער און נאָך דריי מאַן אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין קראַשניק אין די בודזינער וועלדער. דאָ, אין די גרויסע סאָסנאָווע וועלדער, האָט ער גע־טראָפן אַן אָפּטיילונג פון איבער הונדערט מאַן. צו זיין גליק האָט ער באַלד אָנטיילגענומען אין דעם איבערפאַל אויף דעם „פליגער־ווערק" ביים דאָרף בודזין.

עס איז געווען שוין טונקל, ווען זיי האָבן אַרויסמאַרשירט פון דער באַזע — אַן אָפּטיילונג פון צוואַנציק מאַן, אונטער דער אָנפירונג פון אַ קליינוווקסיקן, בלאָנדן בחור פון פּויזנער געגנט, פּסעוודאָנים „גוסטעק" (דער זעלבער איז שפּעטער אויף אַ געהיימנישפולן אופן אַרעסטירט גע־וואָרן דורך דער געסטאַפּאָ און אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין אָשוויענטשים).

אויסער זיי האָבן אין דער אַקציע אָנטיילגענומען נאָך עטלעכע אַנ־דערע אָפּטיילונגען, וועלכע זענען געקומען פון פאַרשידענע ריכטונגען. אַלע זענען זיי געווען נישט שלעכט באַוואָפנט.

די אַזוי גערופענע „פליגער־ווערקע־בודזין" האָבן אויסגעאַרבעט בלויז טיילן, וועלכע זענען אין אַן אַנדערער שטעלע מאָנטירט געוואָרן אין פאַר־טיקע עראָפּלאַנען פאַרן פראָנט.

ס'איז גלייך באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע גרופּע, וועמענס אויפ־גאַבע ס'איז געווען גלייך נאָך דעם, ווי מען וועט פריי מאַכן דעם וועג, אַריינצודרינגען אין פאַבריק און צעשטערן די שטאַנצן, בויער־מאַשינען און אַנדערע איינריכטונגען.

לײדער האָט דער גאַנצער פּלאַן זיך נישט איינגעגעבן.

ביים שטורמען דעם אַריינגאַנגס־טויער איז בלויז איין זשאַנדאַרם דערשאָסן געוואָרן. אויף דעם אָפּהילך פון די זאַלפן זענען די דייטשן געשטעלט געוואָרן אין אַליאַרם גרייטקייט און באַגעגנט די פּאַרטיזאַנער מיט אַ געוואַלדיק פייער פון אַלע זייטן, אַז זיי האָבן אַפילו נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרנעמען פּאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס און זענען געווען געצוווּנגען זיך צוריקצוציִען, מיטנעמענדיק מיט זיך פיר טויטע און עט־לעכע פאַרוווּנדעטע.

מען האָט אָבער פון דעם פּלאַן נישט רעזיגנירט. דאָס נקמה־געפיל האָט זיך נאָך פאַרטאָפּלט צוליב דעם טויט פון די פיר פּאַרטיזאַנער. אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז באַשלאָסן געוואָרן נאָך אַמאָל אָנצוגרייפן די פאַבריק, נאָר שוין מיט דער הילף פון פּאַנצער־פויסטן.

אויך די דייטשן זענען נישט געשלאָפן, ווייזט אויס, זיי האָבן זיך אויף אַזאַ איבערפאַל געריכט און פאַרטאָפּלט די שמירה בייטאָג און ביינאַכט. אויך דאָס צווייטע מאָל, נישט געקוקט אויף דעם שטאַרקן פייער מצד די פּאַרטיזאַנער, האָבן די היטלעריסטן דעם אָנגריף אָפּגעשלאָגן. צום גליק זענען קיין קרבנות נישט געווען.

„גוסטעק" האָט, זעט אויס, באַמערקט מרדכיס ערגערניש צוליב די נישט־געלונגענע אונטערנעמונגען און באַשלאָסן אים צו געבן אַ באַפרידי־קונג.

— מאַלינסקי, איך האָב פאַר דיר אַ געוווּנטשן שטיקל אַרבעט — האָט ער מיט אַ שמייכל זיך איינמאָל אָנגערופן.

— בלויז פאַר מיר? — האָט מרדכי געפרעגט.

— יאָ, בלויז פאַר דיר. דאָס איז זייער אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַר־בעט — איז „גוסטעק" שוין געוואָרן ערנסט. — מען מוז אָפּרוימען אַן אַגענט פון דער געסטאַפּאָ... באַקומסט פיר פּאַרטיזאַנער צו דיין שוץ.

— ווען דאַרף דער אורטייל אויסגעפירט ווערן?

— אַפילו שוין... אַלזאָ, מאַך דיך גרייט אין וועג אַריין...

דאָס איז געווען האַרבסט 1943. דער טאָג איז געווען אַ טריבער. ווען זיי האָבן אַרויסמאַרשירט פון דער באַזע, האָט געטריפט אַ דראָבנער רעגן. מיט די מאַשינביקסן אונטער די מאַנטלען האָבן זיי זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון שטעטל אוזשענדוו, וואָס איז געלעגן ביי אַ צוועלף קילאָמעטער פון בודזין.

דער אויסוווּרף, אויף וועלכן מען האָט געדאַרפט אויספירן דעם אור־טייל, איז געווען דער אינספּעקטאָר פון די מילן אויף קראַשניקער געגנט.

אַ פאַרביסענער היטלעריסט, וועלכער איז געווען באַשטימט אויף דעם אַמט, ווי אַ צוריקגעשיקטער פון פראָנט מיט אַ לאָמען פוס פון פאַרווונדונג. צענדליקער פוילישע מילנער און אַרבעטער האָט דער סאַדיסט געהאַט אויף זיין געוויסן. אַלע זיי האָט ער אויסגעליפערט אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ פאַר כלומרשטן מאַלן תבואה פאַר די פאַרטיזאַנער, פאַר פויערים, וואָס האָבן נישט אָפּגעגעבן דעם קאָנטינגענט, און ענלעכע „זינד". ער האָט ממש אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער פוילישער באַפעלקערונג בלויז מיט זיין באַוויזן זיך אין וועלכער ס'איז מיל.

ווי די אויסשפּירער האָבן צוויסן געגעבן, האָט ער דעם טאָג געדאַרפט קומען קיין אוזשענדוו. ווי געווינלעך, פלעגט ער שוין ביי אַזאַ וויזיט נישט פאַרגעסן וועגן אַ קרבן פאַר דער געסטאַפּאָ. דערנאָך זיך אַ ביסל פאַרווײלן ביי אַ גלעזל וויין, איבערנעכטיקן און פאָרן ווייטער. דאָס מאָל אָבער איז געוואָרן פעסט באַשלאָסן אים די שמחה צו צעשטערן...

די פאַרטיזאַנער האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף ביידע זייטן וועג אַהין און צוריק שוין אַ ביסל אומגעדולדיק. עס האָט שוין געדויערט אַזוי איבער צוויי שעה. זייערע קליידער זענען אינגאַנצן נאַס געוואָרן פון דעם רעגן. די טראָפּנס האָבן אַראָפּגערונען פון דעם היטל אין האַלדז אַריין, געקאַפּעט אויפן פּנים. מיטאַמאָל דערהערט זיך דער באַקאַנטער „העיטאַ, וויאָ" פון די פויערים אין דער געגנט און עס באַווייזט זיך אַ וואָגן געשפּאַנט אין צוויי שיינע קאַשטאַנאַוואַטע פערד. אויף דעם פאָרנדיקן געזעס דער אָנטרייבער און אויף דעם צווייטן אין ציווילע קליידער דער דערוואַרטער „גאַסט"...

— הענדע האָך! — האָט מרדכי געגעבן אַ באַפעל — און פינף שוואַרצע לופעס האָבן געצילט אין זיין ריכטונג.

מרדכי האָט אים גלייך רעווידירט, צוגענומען דעם רעוואָלווער, די דאָקומענטן און געהייסן דעם פויער אויסדרייען אין דער ריכטונג פון וואַלד.

— איר וועט אויך מיטגיין מיט אונדז! — האָט מרדכי באַפוילן דעם פויער — וועט איר זיין אַן עדות פון אַ גערעכטן משפּט. די פערד קאָנען דאָ בלייבן דערווייל ביים ראַנד פון וואַלד, עס וועט זיי קיינער נישט טשעפּען.

זייענדיק שוין טיף אין וואַלד זענען זיי שטיין געבליבן. מרדכי האָט אַרויסגענומען אַן איינגעלייגטן בויגן פּאַפּיר, אויף וועלכן עס איז געווען אויפגעשריבן אויף דייטש דער טויט־אורטייל און אים פאַרגעלייענט.

די פרעכע ביז איצט האַלטונג פון דעם „אויבערמענטש" האָט זיך מיטאַמאָל איינגעבראָכן. ער איז געפאַלן אויף דער ערד און היסטעריש

אָנגעהויבן צו וויינען און בעטן, מען זאָל אים שענקען דאָס לעבן.

— איך האָב אַ פרוי מיט אַ קינד!... — האָט ער געהאַלטן אין איין שרייען און ליאַרעמען — האָט רחמנות!...

פּאַר מרדכיס אויגן איז אויפגעקומען דער אומשלאַג־פּלאַץ אין וואַר־שעווער געטאָ... זיין דערמאָרדעטע פרוי און קינד... די פאַרברענטע קער־פּערס פון זיינע קאַמפס־חברים ביים אויפשטאַנד... און ער האָט אַ גאַנצע סעריע פון זיין מאַשין־געווער אַריינגעלאָזט אין זיין קערפּער...

— איר קאָנט שוין גיין — האָט ער זיך געווענדט צום פורמאַן — און זאָגן די פויערים, אַז זיי זענען שוין פּטור געוואָרן פון זייער פאַרפאָלגער.

מרדכי און זיינע פאַרטיזאַנער האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו דער באַזע און געמאָלדן „גוסטעקן" וועגן דעם אויסגעפירטן באַפעל.

# דער צווייטער אויפשטאַנד

דער גורל האָט געוואָלט, אַז מרדכי זאָל אָנטיילנעמען אויך אין צווייטן אויפשטאַנד אין וואַרשע, וועלכער איז אויסגעבראָכן דינסטיק, דעם 1 אויגוסט 1944. אַ קורצע צייט פאַר די טראַגישע טעג איז פּלוצעם געקומען צו פאַרן איגנאַצי סאַוויצקי מיט אַ באַפעל פון „זשאַקן", ער זאָל גלייך צוריקקומען קיין וואַרשע.

— עס גרייט זיך פאַר אונדז אַ שיין שטיקל אַרבעט — האָט געזאָגט מיט אַ שמייכל סאַוויצקי. — וועסט ווינען מיט מיר צוזאַמען אויף כמיעלנע גאַס 102. ס'וועט דיר זיין בעסער ווי אין וואַלד.

נישט שטאַרק צופרידן פון דעם באַפעל, האָט מרדכי זיך געזעגנט מיט זיינע פאַרטיזאַנער און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

די ערשטע טעג נאָך זיין אָנקומען קיין וואַרשע האָט ער צוזאַמען מיט סאַוויצקין אַלס קוימענקערער צעטראָגן אין פאַרשידענע פונקטן געווער. די אַרבעט איז נישט געווען קיין לייכטע. זי האָט אים אויך קיין באַפרידיקונג נישט געגעבן. ער האָט זיך בלויז געטרייסט דערמיט, וואָס ער העלפט באַשטימט צוצוגרייטן אַ גרויסע זאַך, פון וועלכער ער אַליין האָט נאָך גאָר־נישט געוווּסט.

אין אַ שיינעם אָוונט איז געקומען צו זיי אויף דער וווינונג „זשאַק" און אָנגעהויבן מיט אים אַ שמועס וועגן איבערגיין אויף אַ צווייטער אַרבעט.

— דו ביסט אַ בלעכער, מאַלינסקי? — האָט ער ווי דרך־אגב געפרעגט.

— אַ בלעכער.

— קאַנען צו מילך וואָלסטו געקאָנט מאַכן?

— מילך־קאַנען?... — האָט מרדכי זיך צעלאַכט — אַלס קוימענקערער וועלן מיר דאָך נישט טראָגן דאָס געווער אין מילך־קאַנען.

— איך פרעג צו דו קענסט מאַכן? צו וואָס מיר דאַרפן זיי וועסטו שוין שפּעטער זען — האָט „זשאַק" געזאָגט.

— יאָ, איך קען... און מאַטעריאַל?

— דאָס איז נישט דיין זאַך...

אויף כמיעלנע נומער 49 אין הויף איז צוגעגרייט געוואָרן אין אַ באַראַק אַ בלעכער־וואַרשטאַט, און מרדכי האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט. ער האָט באַקומען דעם נייטיקן מאַטעריאַל און געמאַכט מילך־קאַנען מיט טאָפּלטע דנאָען... עס איז דאָ אַריינגעלייגט געוואָרן פאַרשיידענע ליטעראַטור, באַפעלן, אינסטרוקציעס און ענלעכע זאַכן, די טאָפּלטע דנאָען זענען פאַר־לייט געוואָרן און די קאַנען זענען גלייך אַוועקגענומען געוואָרן. קיין איינ־ציקע איז נישט געבליבן איבער נאַכט. עטלעכע וואָכן שפּעטער איז אין דעם זעלבן הויז, אין דער סוטערין ביי דער פרוי פּשיבילסקאַ, פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס זענען געווען נאָך זעקס מאַן, און דאַן האָט „זשאַק" אָפן דערקלערט, אַז מען טרעט צו צו אַן אויפשטאַנד, און יעדן פון זיי צוגעטיילט אַ פונקציע.

— פון דעם מאָמענט זענט איר שוין אַליאַרם־גרייט — האָט דער־קלערט „זשאַק" — און אויף דעם געגעבענעם סיגנאַל דאַרף יעדער פון אייך זיך געפינען אויף זיין קאַמפּס־פּלאַץ.

מרדכי איז געוואָרן צוגעטיילט צום הויז פון די באַנער, אין ווינקל פון דער אייזן־גאַס. דאָ האָט ער אָנטיילגענומען אין די ערשטע קאַמפן.

אונטער דער אָנפירונג פון „זשאַקן" האָבן זיי אָנגעגריפן אַ פאַנצער־צוג. דאָס איז געווען צווישן דעם הויז פון די באַנער און דעם הויפּט־וואָקזאַל. די דייטשן האָבן געעפנט אַ שטאַרק פייער, אָבער די אויפשטענדלער האָבן זיי אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, און די דייטשן זענען געווען געצוווּנגען זיך אונטערצוגעבן. די אויפשטענדלער האָבן דעמלט גענומען אַ סך געפאַנ־גענע און זיך באַרייכערט מיט זייער פיל געווער. אין דעם קאַמף איז „זשאַק" פאַרוווּנדעט געוואָרן.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך דאָס פייער צעפלאַקערט אין דער גאַנצער שטאָט, אויף אַלע אָפּשניטן. דער ענטוזיאַזם, דער קאַמפּס־מוט איז געוואַקסן מיט יעדער דעראָבערטער פּאָזיציע, מיט יעדן מיליטערישן אָביעקט אָדער הויז. די שיסערייען און באָמבעס־אויפרייסן האָט אַקאָמפּאַ־נירט דאָס אוימאויפהערלעכע אָפּהילכן פון דער פראָנט־אַרטילעריע און יעדן ממש פאַרטויבט. אויף אַלע גאַסן זענען אויסגעוואַקסן באַריקאַדן, פון קליין ביז גרויס, מיט וואָס נאָר עמעץ האָט געקאָנט, האָט מיטגעהאָלפן די אויפשטענדלער.

אויף די הייזער האָבן זיך באַוויזן פּוילישע נאַציאָנאַלע פענער. דער אויפשטאַנד איז געווען אין פולן ברען... אַ פּאַניק האָט באַהערשט די

דייטשן. אין אַ סך ערטער האָבן זיי אפילו נישט געשטעלט קיין ווידער־שטאַנד. זיי זענען אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק אין די הענט פון די אויפשטענד־לער מאַגאַזינען מיט געווער, קליידונג און שפּייז. אַזוי איז אַריבער אַ וואָך צייט...

שפּעטער האָבן די דייטשן גענומען אַריינפירן טאַנקען און באָמבאַר־דירן די שטאָט פון דער לופטן. עס איז איבערגעריסן געוואָרן דער צופלוס פון וואַסער, גאַז און עלעקטריע. די שטימונג האָט גענומען פאַלן. מען האָט שוין אויך געהערט פאַרשידענע אויסדרוקן פון פאַרצווייפלונג, ווי „די מערדער האָבן אָנגעהויבן ביי די יידן, איצט איז געקומען די ריי אויף אונדז"...

טראָץ דער גוואַלדיקער איבערגעגעבנקייט און מסירת־נפש פון אַלע אויפשטענדלער, זענען זיי סוף־כל־סוף געווען געצוווּנגען צו קאַפּיטולירן פאַר דער גרויסער איבערמאַכט פון שונא.

צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע אויפשטענדלער איז מרדכי אַרויסגעפירט געוואָרן אין דעם לאַגער פּרושקאָוו. נאָר זיין ברוזיזנדיקע נאַטור גיט אים נישט קיין רו און ער באַשליסט צו אַנטלויפן, כדי זיך ווידער אָנצושליסן ערגעץ אין אַ קעמפערישער גרופּע...

אַלס הענריק מאַלינסקי איז ער אָנגעקומען אין דאָרף סאָווליןֹ, נישט ווייט פון ליסא גורא. אַרום איז געווען וואַלד און בערג.

— מרדכי — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין — ביסט ווידער אין „דיין היים"... און זיין פּאַרטיזאַנישער חוש האָט אים נישט גענאַרט. ער האָט זיך אינגיכן אָנגעשטויסן אויף אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, וועלכע הערנדיק, אַז ער איז אַן אויפשטענדלער פון וואַרשע, האָט אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

דער פירער פון דער אָפּטיילונג איז געווען אַ יונגער, אינטעליגענטער מאַן, מיטן פּסעוודאָנים „אָגיען". ווי מרדכי האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, איז דאָס געווען אַ פּוילישער גלח און זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען ריש.

עס איז שוין געווען ענדע אָקטאָבער 1944. די טעג זענען געוואָרן אַלץ קירצער. שנעל איז שוין צוגעפאַלן דער בין־השמשות. די נעכט זענען געוואָרן אַלץ לענגער. אַ זייער גינסטיקע צייט פאַר פּאַרטיזאַנישע אונטער־נעמונגען. די אָפּטיילונג האָט אַרויסמאַרשירט אויף אַ געפּלאַנטער אַקציע. אַלע זענען געווען נישט שלעכט אָנגעטאָן, מיינסטנס אין פּוילישע מיליטער־רישע מונדירן, באַוואָפנט מיט מאַשינביקסן און גענוג פּאַטראָנען. די גרופּע

אונטער דער אָנפירונג פון „אָגיען" האָט געציילט פופצן מאַן און איין פרוי, ווערא שאָלאָמיצקא. דער ציל איז געווען די פאַבריק פון אויבסט־איבעראַרבע־טונגען אין שימבאַרג.

דער וועג האָט אויסגעמאַכט אומגעפער אַ צוועלף קילאָמעטער פון דער באַזע. זיי האָבן ראַש מאַרשירט און דערצו מיט אַ מאָדנע זיכער געפיל. ווען זיי האָבן זיך דערנעענטערט צו דער פאַבריק, האָט גראָד גענומען גיסן אַ רעגן און אַלע וועכטער האָבן זיך גענומען שנעל דעקן אין זייערע ביידלעך. דאָס איז געווען אַ זייער גינסטיקער מאָמענט צו אַ פלוצעמדיקן איבערפאַל.

זיי האָבן אָנגעגריפן פון צוויי זייטן. איין גרופע מיט „אָגיען" בראַש ביים אַריינגאַנגס־טויער, און די צווייטע גרופע האָט באַשאָסן דעם בנין פון די „ווערקשוץ"־לייט. אויף דעם פלאַץ זענען גלייך געבליבן פיר טויטע היטלע־ריסטן און מערער פאַרוואונדעטע. דער פלוצעמדיקער איבערפאַל, דערצו אין אַזאַ גאָס־רעגן, האָט די היטלעריסטן ממש צעטומלט און זיי האָבן געשטעלט אַ שוואַכן ווידערשטאַנד. נאָך אַ קורצן פייער־אויסטויש איז די פאַבריק געווען אין די הענט פון די פאַרטיזאַנער.

זיי האָבן צוריקגעקערט צו דער „פאַרטיזאַנישער היים" מיט זעקס וועגענער באַלאָדענע פול מיט אויבס, פלעשער וויין, קעסטלעך מאַרמעלאַדע, סיראָפּן, און דאָס וויכטיקסטע — מיטן גאַנצן געווער און אמוניציע, וואָס די היטלעריסטן האָבן נאָר געהאַט אין דער פאַבריק, און מיט אַ גרויסער צאָל געפאַנגענע.

נאָך אַ קורצן פאַרהער און פערזענלעכער רעוויזיע, זענען אַלע געפאַנגענע אויפן באַפעל פון „אָגיען" געוואָרן פריי געלאָזט.

אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג איז מרדכי שוין געבליבן ביז צום אַריינמאַרש פון דער רויטער אַרמיי. ווי געוויינלעך איז גלייך געקומען פון אויבן אַ באַפעל — ווייטער צו בלייבן אין קאָנספּיראַציע און ווי נאָר מעגלעך דאָס געווער צו פאַרשטעקן...

מרדכין איז דער באַפעל גאַנץ ווייניק אָנגעגאַנגען. נישט וואַרטנדיק לאַנג האָט ער זיך געמאָלדן אין דער סאָוויעטישער קאָמענדאַטור און אָנגעגעבן זיין יידישן נאָמען — מרדכי זילבערבערג.

ווי איבערראַשט איז ער געוואָרן, ווען עס איז אַריינגעקומען זיין מיט־קעמפערין פון א.ק., די פוילישע פאַרטיזאַנערין ווערא שאלאמיצקא און זיך אויסגעגעבן אַלס מרים גלאַז פון לעמבערג...

אַ מאָדנע געפיל האָט מרדכין דעמלט באַהערשט. ער האָט דערזען די

גרויסע טראַגעדיע פון צוויי מענטשן, וועלכע זענען געבליבן גאַנץ אַליין אָן זייערע פאַמיליעס און נאָענטסטע — און זיי האָבן ביידע באַשלאָסן דעם ווייטערדיקן לעבנס־וועג דורכצומאַכן צוזאַמען.

# די יידישע דאָקטוירים־גרופּע אין די רייען פון דער פֿאָלקס־אַרמיי

דאָס איז געווען נאָוועמבער 1941. ד״ר סטאַניסלאַוו שיערפּינסקי־מאַרגוליס, פּסעוודאָנים „פּעלעק״ איז געקומען פון לעמבערג אין וואַרשעווער געטאָ. ער האָט גלייך אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט חברים, געוועזענע מיט־גלידער פון די לינקע באַוועגונגען פון וועלכע ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מען גרייט זיך צו שאַפן אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע צום קאַמף קעגן די היטלעריסטן. אין עטלעכע מאָנאַטן שפּעטער האָט ער באַקומען אַן אָפּגע־דרוקטע „פּלאַטפאָרם״ פון פּ.פּ.ר. — פון דער שוין עקזיסטירנדיקער גרופּע אין געטאָ.

אין נאָמען פון קרייז־קאָמיטעט שטעלן זיך מיט אים אין קאָנטאַקט די דאָקטאָרין איזאָלדאַ קאָוואַלסקאַ, פּסעוודאָנים „זיוטאַ״ און דער חבר יעקב דרייער. זיי רופן גלייך די ערשטע געהיימע זיצונג פון דאָקטוירים, צו וועלכע עס קומען: דאָקטאָרין גינעקאָלאָג אוקראַינטשיקאָוואַ, דער וועטערינאַר זיגמונט קאָוואַ און העלע ראַבינאָוויטש. די זיצונג קומט פאָר אויף דער דזיעלנע־גאַס אין הויז פון דער קראַנקנשוועסטער אַדאַ באַלאַבאַן.

דאָס איז געווען דעם 14 אַפּריל 1942. די זיצונג האָט געפירט יעקב דרייער. פאַר דער דאָקטוירים־גרופּע זענען געשטעלט געוואָרן די אויפגאַבן: אַריינציען וואָס מער מעדיקער און קראַנקנשוועסטער אין דער געהיימער באַוועגונג, זאַמלען מעדיקאַמענטן, באַנדאַזשן און נייטיקע מעדיצינישע מכשירים פאַר דער „פאָלקס־גוואַרדיע״ און אָרגאַניזירן אַ געהיימע שולונג פון סאַניטאַר־גרופּן.

אַלס סעקרעטאַר פון קעמערל איז באַשטימט געוואָרן ד״ר אוקראַינטשי־קאָוואַ און ד״ר מאַרגוליס אַלס פירער פון אַ קאַמפּס־פּינפטל.

די אַרבעט אין געטאָ איז געגאַנגען מיט ראַשע טריט פאָרויס. די צאָל דאָקטוירים און קראַנקנשוועסטער אין דער אונטערערדישער אַרבעט האָט

*) דער פּראָפ׳ סטאַניסלאַוו שיערפּינסקי־מאַרגוליס, וווינט היינט אין חיפה און אַרבעט אין רמב״ם שפּיטאָל.

געהאַלטן אין איין וואַקסן. שוין אין מאַי 1942 זענען געשטעלט געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע" דריי גוט־אָרגאַניזירטע סאַני־טאַר־פּלוטאָנען, צו וועלכע עס האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אַ פּלוטאָן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג „השומר הצעיר".

די שולונג פון די גרופּן ווערט ווייטער סיסטעמאַטיש פאָרגעזעצט, און כדי אויסצובררייטערן די נעץ ווערט ד"ר מאַרגוליס אַרויסגעשיקט אויף אַרבעט אין שפּיטאָל אויף סטאַווקע, אויף דעם נעוראָלאָגישן אָפּטייל פון דאָקטאָר עפּעמיוש הערמאַן.

אין דער זעלבער צייט פאַרבינדט ער זיך מיט די חברים: גוסטאַוו אַלעף־באָלקאָוויאַק, ניוטע טייטלבוים — „וואַנדע" און אינזשיניער ווינ־קיפער־וואַטראַשעק, פון וועלכע ער באַקומט שולונגס־מאַטעריאַל פאַר די קאַמפּס־גרופּן.

אַן אינטענסיווע אונטערערדישע אַרבעט איז דאָ געפירט געוואָרן ביז צו די ערשטע ליקווידאַציע־אַקציעס. עס האָבן זיך אָנגערוקט די טויעריקע טעג פון אַרויסשיקן טראַנספּאָרטן קיין טרעבלינקע... דער אויסווייז אַלס דאָקטאָר האָט שוין אויך נישט געראַטעוועט, און ד"ר מאַרגוליס באַשליסט צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ.

דאָס איז געווען דעם 17 אויגוסט 1942. ער באַקומט אַ קאָנטאַקט מיט דעם חבר פראַנטשישעק יוזשוויאַק, פסעוודאָנים „וויטאָלד". זייער פאַרבינ־דלעריין איז דעמלט געווען אַ צאַרט יידיש מיידל מיט דעם נאָמען לענא וואַלינסקא, פסעוודאָנים „לענאַ". ער באַקומט אַ באַפעל צו פאַרלאָזן וואַרשע און אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער, וועלכער האָבן שוין אָנגעהויבן זייער טעטיקייט אין די ליפּסקער וועלדער, לובלינער קרייז.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז ד"ר מאַרגוליס זאָל בלייבן לעבן. די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, צו וועלכער ער איז געוואָרן צוגעטיילט, איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון דייטשן מיט עטלעכע טעג פריער איידער ער האָט זיך געקאָנט צו זיי דערשלאָגן און איז פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן...

דער ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן האָט זיך שוין אָבער אָנגעהויבן אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד און דאָרט ווו עס איז קאַמף, נייטיקט מען זיך אין דאָקטוירים. ער פאַרבינדט זיך באַלד מיט דעם חבר יאַנעק וואָלאַנסקי — יצחק בעקער, און דעם 15 סעפּטעמבער ווערט ער אַרויסגעשיקט צו דער

דער אָנפירונג פון פוילישן בחור פראַנטשישעק טשיאַסטעק — אַ זשוויר־קאַזש פון וואַרשע.

דאָ טרעפט ער זיך ווידער מיט דער קליינער „וואַנדע" — גיוטע טייטלבוים, וועלכע פירט דאָ אויס די פונקציע פון פאַרטרעטער פאַר פאָלי־טישער דערציונג.

די גרופּע האָט דאָ דורכגעפירט זייערע דרייסטע אַקציעס ווי: איבערפאַלן אויף פּאָליצייאישע וואַך־הייזער, דאַרפישע היטלעריסטישע ראַטן און פאַר־ניכטעט די רשימות פון די פויערים, וואָס האָבן געדאַרפט צושטעלן קאָנטינ־גענטן, ווי אויך אַנדערע דאָקומענטן. די באַזע איז געווען דאָס דאָרף לושע־וויצע מאַלע. דאָ פלעגן זיך אַנשליסן צו זיי אַנדערע גרופּן און נאָך דער אויסגעפירטער אַקציע זענען זיך אַלע פאַנאַנדערגעגאַנגען אין זייערע היימען.

לאַנג איז דאָ דעם ד"ר מארגוליס נישט אויסגעקומען צו בלייבן. אין נאָוועמבער באַקומט ער אַ באַפעל צו קומען קיין וואַרשע און ער ווערט צוגעטיילט צום הילפס־קאָמיטעט, ווו ער ארבעט ביז פרילינג 1943. אינ־צווישן ווערט ער אויך אַרויסגעשיקט אין אָפּאָלער געגנט, כדי דאָרט צו שולן סאַניטאַר־גרופּן.

די צייט איז שנעל געלאָפן, אַז ס'איז אפילו נישט געווען ווען זיך צו באַטראַכטן וועגן די געפאַרן, וואָס האָבן געלויערט אויף דעם מענטשן אויף שריט און טריט. דעם 10 אַפּריל ווערט ד"ר מאַרגוליס געשיקט קיין בוקאָווניצע ביי בילגאָריי, לובלינער קרייז, צו דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אויף דעם נאָמען פון „טאַדעוש קאָשטשושקאָ", וועמענס אָנפירער ס'איז געווען גזשעגאָזש קאָרטשינסקי, פּסעוודאָנים „גזשעגאָזש".

ער פירט איצט אויס די ראָל פון אַ קוריער צווישן דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג און דער הויפּט־אָנפירונג אין וואַרשע. איינמאָל ביי אַזאַ רייזע פון וואַרשע קומט ער צוריק מיט צוויי סאָוויעטישע בירגער, וועלכע ער האָט אויפן באַפעל פון דער אָנפירונג פון דער פאָלקס־אַרמיי באַדאַרפט ברענגען צו די פּאַרטיזאַנער. דאָס זענען געווען די רוסישע יאָטן: אַרקאַדיוש — אַ סטודענט פון פילאָזאָפיע פון כאַרקאָוו און פּיאָטר — אַ קוילנגרעבער. אין לובלין האָט זיך אָנגעשלאָסן נאָך אַ גרופּע און צווישן זיי אַ דעזערטיר פון דער באַן־שוץ.

עס איז איבעריק צו דערציילן וועגן דער גרויסער מסירת־נפש פון יעדן מענטשן, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אויספירן אַזעלכע פונקציעס, און איבערהויפּט פאַר אַ מענטשן פון יידישער אָפּשטאַמונג. אָבער דאָס

נקמה־געפיל צו די מערדער איז געווען אַזוי גרויס, אַז יעדער האָט ממש פּאַראכטעט דעם טויט.

אַזוי פלעגט ד״ר מאַרגוליס ברענגען מעלדונגען צו דער קרייז־אָנפירונג קיין לובלין און צו דער הויפּט־אָנפירונג פון דער פאָלקס־גוואַרדיע קיין וואַרשע — און ווידער צוריקקומען מיט פאַרשידענע מעדיקאַמענטן, באַנדאַזשן, מאָרפינע און אַנדערע נייטיקע זאַכן.

אויגוסט 1943 ווערט ד״ר מאַרגוליס ווידער צוגעטיילט צו דער אַרבעט אין וואַרשע, כדי צו אָרגאַניזירן סאַניטאַר־גרופּן פאַר פּאַרטיזאַנער. עס קומט צו אַ זיצונג, מיט וועלכער עס פירט אָן דער פּוילישער קאָמוניסטישער טוער — איגנאַצי לאָגאַ־סאָווינסקי. עס נעמען אין איר אָנטייל: די דאָקטאָרין אירענא הערבסט, פּסעוודאָנים „עוואַ״, יאַנעק וואָלאַנסקי־בעקער, קאַזשיק רומעלט. יעדער באַקומט זיין פונקציע. דער ד״ר סטאַניסלאַוו שיערפּינסקי־מאַרגוליס ווערט צוגעטיילט צו דעם אָפּשניט „פּראַוואַ פּאָדמיעיסקאַ״.

די דאָקטוירים־גרופּע האָט אין איר באַזיץ עטלעכע געהיימע לאָקאַלן, צווישן אַנדערע די וווינונג אויף ווספּולנע־גאַס, די אַזוי גערופענע „יאַסנאַ־גורא״. צו דער גרופּע געהערן דעמלט: יעזשי סוכאָנעק־פּערל, פּסעוודאָנים „מילאַן״, יאַנעק וואָלאַנסקי־בעקער, אירענע הערבסט, פּסעוודאָנים „עוואַ״, קרישע גאָראָדעצקאַ, אַדעק דראָזדאָוויטש־גוטגיסער, מאַריאַן באָיקאָ, דער שוואַרצהנעוודיקער יאַט מיכאל טעמטשין, פּסעוודאָנים „זנאַכאַר״, העניק מלאָדזשאַנאָווסקי — ישראל בער, פּסעוודאָנים „עמיל״, די פאַרבינדלערין, די בלאָנדע יידישע טאָכטער — ד״ר לוצינע סטאַשיאַקאָווא, פּסעוודאָנים „אַלינאַ״ און אַנדערע.

דער סקלאַד פון מעדיקאַמענטן איז איינגעאָרדנט געוואָרן ביים ד״ר מאַריאַן באָיקאָ אויף דער וויעלקאַ־גאַס.

פאַר די דאָקטוירים שטייט די אויפגאַבע צו באַקעמפן די שווערע פּלאָג פון אינזעקטן ביי די פּאַרטיזאַנער. מיט דער פראַגע פאַרנעמט זיך דער דאָקטאָר אַנטעק לאַנדע.

אויסער מעדיצינישע ענינים, פאַרנעמט זיך די דאָקטוירים־גרופּע מיט קאָלפּאָרטירן אונטערערדישע פּרעסע. אַ סך פון דעם מאַטעריאַל ווערט אויסבאַהאַלטן אויף ביעלאַני אין דער וווינונג פון דער יוריסטין וויעראַ וואָיטינסקאַ־באַקשטאַנסקא — אַ יידיש מיידל פון רוסלאַנד.

אין דער צייט געלינגט דעם ד״ר שיערפּינסקי־מאַרגוליס אריינצוציען אין דער באַוועגונג דעם אַרכיטעקט יאַנעק טשאַפּלין־ראָזענפעלד, ביי וועמען

אין הויז אויף אָגראָדאָווע נומער 29, עס ווערט אָרגאַניזירט אַ געהיימער ראַדיאָ־אונטערהערער, און די ידיעות ווערן אויסגענוצט פאַר דער אונטערער־דישער פּרעסע.

די געשעענישן אויף די פראָנטן אַנטוויקלען זיך שנעל פאָרויס. עס אַנטשטייט די פאָלקס־אַרמיי. עס קומט צו אַ רעאָרגאַניזאַציע פון דער מעדי־צינישער מיליטערישער דינסט.

עס איז יאַנואַר 1944. די דאָקטוירים באַקומען ספּעציעלע פונקציעס. צו זייער דיספּאָזיציע שטייען שוין אַ סך שפּיטעלער, זיי אַרבעטן אין אַ ברייטן פאַרנעם... און דאַן קומט די טראַגעדיע פון וואַרשעווער אויפשטאַנד.

דעם 14־טן סעפּטעמבער ווערט דעראָבערט פּראַגע און ד״ר סטאַניסלאַוו שיערפּינסקי־מאַרגוליס באַקומט אַ נייע אויפגאַבע — אָרגאַניזירן די מעדי־צינישע הילף אויף דעם באַפרייטן געביט.

# די פּאַרטיזאַנערין דאָרקע גאָלדקאָרן פסעוודאָנים וואַנדאַ בזשאָזאָווסקאַ

דאָרקע גאָלדקאָרן האָט געשטאַמט פון נישט קיין רייכע עלטערן. זייענדיק קוים פופצן יאָר אַלט, איז זי שוין געווען געצוווּנגען צו געבן לעקציעס, כדי זיך אַליין אויסצוהאַלטן אין דער שול. זייער יונג שליסט זי זיך אָן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אַלס שילערין פון זעקסטן קלאַס גימנאַזיע טרעט זי אַריין אין פאַרבאַנד פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט. דאָרקע דערציילט אין אירע זכרונות, אַז דער פאַרבאַנד איז געוואָרן איר צווייטע היים.

עס איז דאָס יאָר 1941. דאָס גאַנצע לאַנד געפינט זיך אונטער דעם שווערן יאָך פון היטלעריסטישן אָקופּאַנט. צוממיינסטן ליידט די יידישע אָרעמקייט. טייל יוגנט הייבט זיך אָן גרייטן צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. איינע פון זיי איז די ניינצניעריקע דאָרקע, וועלכע טרעט אַריין אין דער יוגנטלעכער אָרגאַניזאַציע „ספּאַרטאַקוס" און ווערט איינע פון אירע אַקטיווסטע מיטגלידער.

דורך אַלע ווייטערדיקע יאָרן פון דער היטלעריסטישער ממשלה געפינט זיך דאָרקע אין פייער פון קאַמף. אין יאָר 1942 איז זי איינע פון די ערשטע אין די רייען פון דער פוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי — פּ.פּ.ר. אַלס מיטגליד פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשעווער געטאָ אָרגאַניזירט זי פּאַרשידענע סאַבאָטאַזש־אַקציעס, נעמט אָנטייל אין רעדאַגירן די אומלעגאַלע צייטשריפטן „סטשאלי" און „שוויט", קאָלפּאָרטירט ליטעראַטור. דאָרקע גאָלדקאָרן אַרבעט אין די געהיימע וואַרשטאַטן פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, ווו עס ווערן אויסגעאַרבעט „צינד־פלעשער", מיט וועלכע די געטאָ־אויפשטענדלער האָבן שפּעטער אָנגעגריפן די היטלעריסטישע פּאַנצער־אויטאָס. דאָרקע קעמפט מיט וואָפן אין האַנט בעת דעם ווידערשטאַנד אין געטאָ אין יאַנואַר 1943. זי נעמט אָנטייל אין אַלע קאַמפן פון וואַרשעווער געטאָ.

אין מערץ 1943 איז אין הויז אויף נאָוואָליפּיע 63 פאָרגעקומען אַ פּאַרטיי־באַראַטונג פון אַקטיוו. פּלוצעם איז אויף דער באַראַטונג אַריינגעפאַלן דאָרקע און אויסגערופן:



דאָרקע גאָלדקאָרן — וואַנדאַ בזשאָזאָווסקאַ

— חברים, מיר מוזן איבעררייסן די זיצונג. עס זענען אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע חברים פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. זיי געפינען זיך אין דעם אַרעסט פון דער „ווערקשוץ" ביי שולצן אויף באַוואַליפּיע. מען מוז זיי גלייך באַפרייען. שנעלער, עס זאָל נישט זיין צו שפּעט!

אין צוויי שעה שפּעטער זענען אַלע שוין געווען אויף דער פריי. צווישן די, וואָס האָבן די אַקציע דורכגעפירט איז אויך געווען דאָרקע.

נאָך דעם ווידערשטאַנד פון יאַנואַר 1943 באַשליסט די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איינצופירן פאַר אירע מיטגלידער אַ מיליטערישן אויפן פון לעבן. די קעמפער פאַרלאָזן די וווינונגען פון זייערע משפחות און אין גרופן צו צען פערזאָן ווערן זיי איינקוואַרטירט אין באַשטימטע הייזער. די קליינע דערנערונגס־פּאָרציעס ווערן נאָך מער פאַרקלענערט, כדי פאַר די איינגע־שפּאָרטע געלטער איינצוקויפן געווער.

די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע גרייט זיך אויפצונעמען דעם איבערפאַל פון שונא.

דעם 19 אַפּריל 1943 — אין טאָג פון העלדישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ — געפינט זיך דאָרקע צווישן דער קאַמפּס־גרופּע אויף לעשנאָ גאַס. עס קומען דאָרט פאַר פאַרביסענע שלאַכטן. די שיסעריי האַלט אָן דעם גאַנצן טאָג. דאָרקע ווערט באַשטימט אַלס פאַרבינדלערין. זי מאַכט דורך לאַנגע מאַרשן מיט די קאַנאַלן, כדי צו ברענגען פון דער „אַרישער" זייט הילף פאַר די חברים.

צום לעצטן מאָל טרעפט זי זיך מיט אירע קאַמפּס־חברים אין צענטראַלן בונקער פון שטאַב אויף דער מילע־גאַס 18. דאָס איז געווען דעם 7 מאַי 1943 — אַ טאָג פאַר דער גרויסער טראַגעדיע פון העלדישן אומקום פונעם שטאַב פון אויפשטאַנד צוזאַמען מיט איר אָנפירער מרדכי אַניעלעוויטש.

איינע פון די לעצטע פאַרלאָזט זי דאָס קעמפנדיקע געטאָ. מיט די קאַנאַלן געלינגט איר צו קומען ביז צו דער „אַרישער" זייט און פון דאַנען אין די וועלדער — צו די פּאַרטיזאַנער...

*

דאָרקע גאָלדקאָרן הייבט איצט אָן אַ נייעם קאַמפּס־אָפּשניט אין איר לעבן. עס ווערט איר אָנפאַרטרויט זייער אַ געפערלעכע אַרבעט — זי ווערט

באַשטימט צו זיין די פאַרבינדלעריין פון דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אונטערן נאָמען וואַנדאַ בזשאָזאָווסקאַ. דאָרקען דראָט איצט אַ טאָפּלטע געפאַר — אַלס פּאַרטיזאַנעריין און אַלס יידישקע.

ס׳איז שוין דאָס יאָר 1944. די היטלעריסטן ליידן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. זיי ציִען זיך צוריק אויף אַלע פראָנטן. גרויסע שטחים פון דער פּוילישער ערד ווערן באַפרייט פונעם שונא. נישט קיין קליינעם אָנטייל אין דעם נצחון האָבן די אַקציעס פון די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, וועלכע ווערן געפירט אויף דעם גאַנצן געביט, וואָס איז באַזעצט דורך די דייטשע פאַשיסטן. אין איינער אַזאַ אַקציע פאַלט אַריין אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ דאָרקע גאָלדקאָרן — וואַנדאַ בזשאָזאָווסקאַ.

עס הייבט זיך איצט אָן פאַר דאָרקען דאָס גיהנום פון די דייטשע לאַגערן, ווי: ראַווענסבריק, אָשוויענטשים און בערגען־בעלזען. אָבער אויך דאָ אין די שווערע באַדינגונגען בלייבט דאָרקע אַן אומדערמידלעכע קעמפערין פאַר מענטשלעכער ווירדע און שליסט זיך אָן אין די רייען פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

ווען ס׳איז געקומען די באַפרייונג ווילן אַ סך פון אירע אויסלענדישע מיטקעמפער זי נעמען מיט זיך אין זייער לאַנד. אָבער דאָרקען ציט אַהיים קיין פוילן, דאָרט, ווו זי האָט איבערגעלאָזט אירע חברים און נאָענטסטע.

די יונגע קעמפערין איז איינע פון די ווייניקע, וואָס האָבן איבער־געלעבט דעם העראָישן קאַמף פון די געטאָ־אויפשטענדלער אין די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און מיט אייגענע אויגן געזען די מפּלה פון די פאַשיסטן.

מיט יוגנטלעכן ברען וואַרפט זי זיך איצט אַריין אין ווירבל פון נייער אַרבעט. דאָרקע איז אַ קאָמוניסטקע און גלייבט, אַז נאָר דער וועג איז דער איינציקער, וואָס קאָן דערפירן צו אַ יושרדיקער וועלט. אין הסכם מיט אירע איבערצייגונגען גיט זי זיך אָפּ אינגאַנצן דער פּאַרטיי־אַרבעט.

עס דערנענטערן זיך די טעג פון דער וואַל־קאַמפּאַניע. דאָרקע נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַקציע. אויפן וועג צו אַ דאָרף אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצקער געגנט ווערט זייער מאַשין אויפגעפּאַדערט דורך אַ מיליטערישן פּאַטרול זיך צו פאַרהאַלטן... עס זענען דעמאָלט נאָך געווען נישט קיין רואיקע צייטן. זייענדיק איבערצייגט, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט אַן איבערגעטוענער פאַשיסטישער באַנדע, האָט דער שאָפער די מאַשין נישט

פאַרהאַלטן... עס זענען געפאַלן שאָסן און אַ סעריע פון קוילן האָט איבער־געשניטן דאָס יונגע לעבן פון דאָרקען...

דאָס איז געשען דעם 17 יוני 1947.

# די אַקציע ביים דאָרף גאָנטשיצע

דאָס אַרישע אויסזען פון הערש קאַרצאַזש, פּסעוודאָנים „ווילק" האָט אים אַ סך מאָל געהאָלפן זיך אַרויסדרייען פון פאַרשידענע שווערע סיטו־אַציעס אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע. זיין ברודער בנציון האָט נישט איינמאָל דאָס אויסגענוצט און אים געשיקט מיט פאַרשידענע פּאַרטייאישע מעלדונגען, באַפעלן, אָדער מיט ליטעראַטור פון זשעלעכאָוו קיין דעמבלין, קאָצק, פולאַוו און אַנדערע ערטער.

קאַרצאַזש איז דעמאָלט אַנגעגאַנגען אַלס קריסט „יאַן זאַלעווסקי". ווען ס'איז אָבער געקומען דער דייטשער באַפעל, אַז אַלע יידן פון דער געגנט זאָלן זיך זאַמלען אין קאָנסקע־וואָליע, האָט אויך הערש באַשלאָסן צו גיין צוזאַמען מיט אַלע...

ער האָט זיין שריט גלייך באַדויערט, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. דאָך האָט אויך דאָס מאָל אים אַרויסגעהאָלפן זיין פאַרריסענע נאָז, און מיט נאָך צוויי חברים — איינער פון זיי איז געווען גאָלדשטיין פון לעמבערג — אַן אַנטלאָפענער פון דער דייטשער קריגס־געפאַנגענשאַפט — גייט ער אַרויס פון לאַגער. נאָך לאַנגער וואַנדערונג דערשלאָגן זיי זיך צום דאָמבראָווער וואַלד, ווו ס'איז שוין געווען אַן אָרגאַניזירטע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג פון אומגעפער זעכציק מאַן, אונטער דער אָנפירונג פון דעם טונקל־בלאָנדן רוסישן בחור — סעראַפים אַלעקסעיעוו.

די אָפּטיילונג האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דעם פּוילישן אויפ־שטענדלער „קילינסקי". מייסטנס זענען דאָ געווען יידן אַנטלאָפענע פון לאַגערן, מיליטערישער געפאַנגענשאַפט, און צווישן זיי צוועלף רוסישע, וועלכע זענען דאָ אַהערגעקומען צוזאַמען מיט דעם קאַפּיטאַן סעראַפים אַלעקסעיעוו פון אַ דייטשן קריגס־געפאַנגענעם לאַגער.

די מענטשן פון דער אָפּטיילונג זענען געווען כמעט אַלע באַוואָפנט. מען האָט געוווינט אין גוט אויסגעבויטע זעמליאַנקעס, צו וועלכע קיין פיינטלעך אויג האָט נאָך דעמאָלט נישט געהאַט דערגרייכט. קיין גרויסע אַקציעס האָבן זיי צו יענער צייט נאָך נישט געהאַט דורכגעמאַכט, אָבער

זיי האָבן שוין צו אַזעלכע זיך אָנגעהויבן גרייטן. הערש קאַרצאַזש האָט טאַקע געהאַט דאָס גליק אין אַזאַ אַקציע באַלד אַנטיילצונעמען.

דאָס איז געווען דעצעמבער 1942. דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, ווי געוויינלעך אין דער צייט. די גאַנצע אָפּטיילונג איז מאָביליזירט אויף דעם טראַקט פון לובלין — וואַרשע ביים דאָרף גאַנטשיצע, אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן סעראַפים. ביי יעדן קלאַפּט דאָס האַרץ פון אומגעדולד, צי וועט זיך די אַקציע איינגעבן.

זיי האָבן דערוואַרט אַ דייטשן טראַנספּאָרט מיט פּראָוויאַנט פאַר וואַרשע, און יעדער האָט זיכער געטראַכט וועגן דעם זעלבן — וויפל וועלן זיין מאַשינען? דער כוח פון דעם שונא? ווען וועלן זיי זיך שוין באַווייזן... און איבערהויפּט האָט יעדן געלאָקט דער געדאַנק, אַז עס וועט זיין אַ מעגלעכקייט צו דעראָבערן געווער און אַמוניציע.

די גרעסטע אַקטיווקייט האָבן דערביי אַרויסגעוויזן די יידישע פּאַרטיזאַנער. פאַר זיי איז דאָס געווען אַ מאָמענט פון גרעסטער איבערלעבונג אָפּצורעכענען זיך פאַר דער פיזישער און מאָראַלישער דערנידעריקונג, וועלכע זיי האָבן דורכגעמאַכט אין די דייטשע לאַגערן.

און אָט דערהערט זיך דער דערוואַרטער גערויש פון מאַשינען. אַלע האַלטן אין דעם אָטעם. אויפן האָריזאָנט באַווייזן זיך צוועלף דייטשע לאַסט־וואָגנס.

זיי האָבן זיך שנעל צעטיילט אין גרופּן און יעדע האָט גענומען אויפן ציל אַ טייל מאַשינען. איין פּאַרטיזאַנער איז שטיין געבליבן אין מיטן וועג איבערגעטאָן אין אַ דייטשן מונדיר מיטן אַזוי גערופענעם „לעקער" אין דער האַנט, מיט וועלכן ער האָט זיי אויפגעפאָדערט זיך צו פאַרהאַלטן.

דער אָנהייב איז געווען אַ געלונגענער. דערזעענדיק פונדערווייטנס אַ דייטשן פּאָסטן, האָבן די מאַשינען פאַרקלענערט זייער לויף. דער מאָמענט איז געוואָרן אויסגענוצט, כדי זיי צו באַדעקן מיט אַ רעגן פון בליי...

צוויי היטלעריסטן זענען געבליבן אויפן אָרט. אַ סך האָבן גענומען שפּרינגען פון די מאַשינען, פאַרשטעלנדיק זיך מיט זיי. דער פייער־אויסטויש האָט קורץ געדויערט און זיי זענען געווען געצווונגען זיך אונטערצוגעבן.

פיר וואָגנס האָבן די פּאַרטיזאַנער פאַרלאָדן מיט פּראָדוקטן, געווער און אַמוניציע, גלייכצייטיק זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן עטלעכע פּאַרטיזאַנער אין דאָרף צו די פּויערים, זיי זאָלן קומען נאָך דעם איבערגע־



הערש קאָרצאַזש, פסעוו. „ווילק"

בליבענעם לעבנסמיטל און פאַרטיילן צווישן זיך. אַלע איבעריקע מאַשינען זענען געוואָרן אונטערגעצונדן.

אויך די פאַרטיזאַנער האָבן געהאַט פאַרלוסטן — דריי פאַרוווּנדעטע, צווישן זיי דער פּופּיקיעריקער אַבע ווייסלעדער פון ריקי.

# דריי אונטערנעמונגען אין איין טאָג

דער געלונגענער איבערפאַל ביי גאַנטשיצע האָט אַלעמען צוגעגעבן חשק צו אַ נייער אַקציע. אויך דער קאַפּיטאַן סעראַפּים איז געווען דערצו שטאַרק געניגט. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און זיי האָבן אַרומגעריגגלט דעם הויף אין זשעלעכאָוו, ווו די דייטשן האָבן אַראָפּגעבראַכט נייע מאַשינען פאַר דער ווירטשאַפט.

צעטיילט אין קליינע גרופּן, האָבן זיי דאָס גוט געגומען פון אַלע זייטן, און דעם בנין, ווו עס האָבן זיך געפונען די מאַשינען, באַגאָסן מיט נאַפט און אונטערגעצונדן... דאָס פייער האָט יעדן געוואַרעמט. אַ קאַלטע שרעק האָט עס אָנגעוואָרפן בלויז אויף דער דייטשער באַוואַכונג, וועלכע האָט זיך פאַרשטעקט ממש ווי מייז אין די לעכער און קיין קאָפּ נישט אַרויסגעוויזן.

ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטל: „דער אַפּעטיט קומט מיט דעם עסן".
— איז וויבאַלד אַלץ איז אַריבער גוט, האָבן די פּאַרטיזאַנער צוריקוועגס נישט פאַרגעסן אויך אין דער טעלעפאָן־ליניע יאַרטשעוו — לוקאָוו...

דאָס איז געווען אין חודש יאַנואַר 1943. פון דער באַזע האָט געהאַט אַרויסמאַרשירט אַן אָפּטיילונג פון אַ פינף און פערציק מאַן. צעטיילט אין דריי גרופּן, האָבן זיי אין דעם קאַלטן ווינטערדיקן טאָג דורכגעפירט דריי אַקציעס, ווייל אויך די בריק ביי לוקאָוו האָבן זיי נישט געשוינט, ווייל זי איז געווען פון זייער אַ וויכטיקן באַדייט פאַר די דייטשן. זי איז געלעגן אויף דעם פאַרבינדונגס־טראַקט פון דער געגנט.

# די קאָנטינגענט־אַקציע אין דאָרף אַדאַמאָוו

אָפט זענען די פּאַרטיזאַנער געווען די באַשיצער פון די פּויערים קעגן די דייטשע און אוקראַאינישע פאַשיסטן. די פּויערים פלעגן זיך פיל מאָל ווענדן צו די פּאַרטיזאַנער נאָך הילף און די פּאַרטיזאַנער זענען זיי שטענדיק אַנטקעגנגעקומען, אויב זיי זענען נאָר געווען אימשטאַנד דאָס אויסצופירן.

דאָס איז געווען ווינטער 1943. די פּאַרטיזאַנער זענען געזעסן אַרום דעם פייער יעדער איינער פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען, ווי דער פאַר־פאָסטן האָט צוגעפירט צוויי פאַרהאַלטענע פּויערים, וועלכע האָבן זיך געפרעגט אויף דעם פּאַרטיזאַנישן קאָמאַנדיר — סעראַפים.

נאָך אַ קורצן פאַרהער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען געקומען פון דעם דאָרף אַדאַמאָוו זיך באַקלאָגן אויף דער דייטשער רויבערישער „קאָנטינגענט־אַקציע".

סעראַפים האָט גלייך אַרויסגעשיקט צוויי אויסשפּירער, כדי פעסט־צושטעלן די כוחות פון די דייטשן, וואָס זענען געקומען אין דאָרף. ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און די אויסשפּירער זענען געקומען צוריק מיט ידיעות.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך גלייך אַנידערגעזעצט מיט זיין פּאַרטרעטער, אויך אַ געוועזענער קריגס־געפאַנגענער מיטן פּסעוודאָנים „וואַסיל", און גענומען אויסאַרבעטן אַ פּלאַן, ווי נישט צו דערלאָזן באַרויבן די פּויערים, און גלייכצייטיק זיך אָפּצורעכענען מיט די היטלעריסטן.

לויט דער מעלדונג זענען קיין אַדאַמאָוו געקומען פערצן דייטשן און זעקס גראַנאַטאָווע פּאָליציאַנטן. דער קאַפּיטאַן האָט באַשטימט זעכציק פּאַרטיזאַנער אונטער זיין אָנפירונג, מיטנעמענדיק אויך זיין פּאַרטרעטער „וואַסיל".

אין קליינע גרופּן האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך אַריינגעשלייכט אין דאָרף און זיך אויסגעמישט מיט דער פּויערים־מאַסע, וואָס האָט געבראַכט די בהמות פאַר די דייטשן. די פּיסטאָלעטן פאַרשטעקט אונטער די מאַנטלען,

האָבן יעדע דריי מאַן זיך אויסגעקליבן איינעם פון די פֿאַשיסטן און אים גענומען „אויפֿן צינגל״...

דער קאַפּיטאַן סעראַפּים אַלעקסעיעוו און „וואַסיל״, פּעסטשטעלנדיק, אַז אַלע זענען אויפֿן אָרט, האָבן געגעבן דעם אָפּגערעדטן צייכן פון אַ ראַקעטע. ווי איין מאַן האָבן זיך אַלע דרייערלעך מיט אויסגעשרייען „הוראַ!״ געוואָרפן אויף די דייטשן, ס׳איז נישט געפֿאַלן קיין איין שאָס, ווי אַלע זענען געשטאַנען מיט די הענט אין דער הייך...

אין קעגנוואַרט פון סאָלטיס האָבן די פּאַרטיזאַנער פאַרטיילט אַלע בהמות און פאַרניכטעט די קאָנטינגענט־ליסטעס. אַ טייל פון די אַנט־וואָפנטע פּאָליציאַנטן האָבן באַקומען צו עטלעכע שטעקנס און געוואָרן פריי געלאָזט. די היטלעריסטן האָבן די פּאַרטיזאַנער מיטגענומען מיט זיך אין וואַלד...

## די געשיכטע מיט דעם ייד ביאַלאָבראָדאַ

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט קאָרצאַזשן גערופן דער קאַפּיטאַן אַלעקסעיעוו און אים געזאָגט:

— קאָרצאַזש, האָסט אַ באַפעל צו נעמען מיט זיך נאָך פינף מאַן און גיין באַפרייען אַ מענטשן, וועלכן מען וויל אומברענגען...

— לויט אייער באַפעל! — איז געקומען אַ קורצער ענטפער.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן איז אין דעם דאָרף קאָמבלווו, פיר קילאָמעטער פון זשעלעכאָוו, געווען אויסבאַהאַלטן דער אייגנטימער פון בלאַוואַט־געשעפט ביאַלאָבראָדאַ.

דאָס געשעפט האָט איבערגענומען דער אָרגאַניסט דאָמאַנסקי, אַ ברו־דער פון דעם סאָלטיס אין זשעלעכאָוו. ווילנדיק פון אים פטור ווערן, האָט זיין אײדעם, וועלכער האָט אים אויסבאַהאַלטן, אים גענומען פייניקן, כדי אים „אַרויסצוזענדיקן"...

דאָס איז געווען אין יולי 1943. אין אַ וואַרעמען אָוונט האָבן זיי זיך אויסגעקליבן קיין קאָמבלווו. אין שטוב האָבן זיי גראָד געטראָפן דעם פויער אַליין. ער איז געווען שטאַרק צופרידן, ווען זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַלס מענטשן פון ען. עס. זעט., וועלכע זענען געקומען נעמען דעם ייד, ווי מען פלעגט דעמאָלט זאָגן, „נאַ ראָזוואַלקע"...

— איך האָב דאָך שוין לאַנג געמאָלדן וועגן אים — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל, שטויסנדיק דעם ייד אין זייער ריכטונג.

דאָס איז שוין נישט געווען קיין נאָרמאַלער מענטש. אין זיינע יידישע אויגן איז געווען אַזאַ געוואַלדיקער טרויער, וועלכן מען קאָן מיט ווערטער נישט אויסדריקן. ער איז זיי געפאַלן צו די פיס און געבעטן מען זאָל אים שענקען דאָ לעבן...

קאָרצאַזש האָט שוין לענגער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, און דאָס האָט ער אויך דערקענט אין די אויגן פון זיינע פאַרטיזאַנער...

— שטיי אויף — האָט ער זיך אָנגערופן — מיר זענען נישט פון ען. עס. זעט. מיר זענען געקומען דיך באַפרייען.

ביאַלאָבראָדאַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, ער האָט אָבער נישט

געגלויבט אין די ווערטער, וועלכע ער האָט געהערט, און ווייטער גענומען בעטן מען זאָל אים לאָזן לעבן.

— שטיי אויף — האָט קאָרצאַזש דאָס מאָל שוין געזאָגט אויף יידיש — מיר זענען נישט קיין באַנדיטן, מיר זענען פּאַרטיזאַנער פון דער אָפּטיילונג „קילינסקי”.

אָבער ביאַלאָבראָדאַ האָט אַלץ מיט אומצוטרוי געקוקט אויף קאָרצאַזשס שייגעצעוואַטע פּנים און נישט אויפגעשטאַנען פון דער ערד.

כדי אים איבערצוצייגן אין דעם אמת פון זיינע ווערטער, ווי אויך אַז ער איז אַ ייד, האָט קאָרצאַזש אָנגעהויבן צו זאָגן פּסוקים פונעם דאַווענען, פון קדיש... ביאַלאָבראָדאַ האָט זיך דעמאָלט ביטער צעוויינט...

דער פויער איז געוואָרן דערשראָקן פון אַזאַ קער פון דער גאַנצער געשיכטע און זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט.

— געדענק! — האָט אים קאָרצאַזש געזאָגט ביים פאַרלאָזן דאָס הויז — מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל באַגעגענען...

# דער מאָרד איבער די געפאַנגענע

נישט שטענדיק זענען די אונטערנעמונגען דורכגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג. סוף 1943 האָט מען פון דער פאַרטיי צווויסן געגעבן, אַז צוועלף סאָוויעטישע זעלנער, אַנטלאָפענע פון אַ דייטשן געפאַנגענען־לאַגער, בלאָנקען זיך אַרום אין דער געגנט פון גוראַ־קאַלוואַריאַ (גער).

אַזאַ מעלדונג איז געווען גענוג פאַר דעם קאַפּיטאַן סעראַפּים, ער זאָל געבן אַ באַפעל, אַז 23 מאַן אונטער דער אָנפירונג פון זיין פאַרטרעטער „וואַסיל" זאָלן זיך לאָזן אין וועג אַריין.

צו דער אַקציע האָבן זיך געמאָלדן מיינסטנס רוסישע יאַטן. די האָפענונג, אַז אפשר וועט ער טרעפן עמעצן פון זיין פולק, אַ באַקאַנטן פון זיין קאָמפּאַניע אָדער פון זיין שטאָט, האָט יעדן פון זיי געצויגן צו באַטייליקן זיך אין דער אַקציע. די יידן האָבן דאָס גוט פאַרשטאַנען און אין אַזאַ פאַל די רוסן געגעבן די בכורה.

צעטיילט אין צוויי גרופּן, האָבן די 23 פאַרטיזאַנער אַרויסמאַרשירט אין וועג. אַלע זענען געווען פול מיט מוט, האָפערדיק און איבערצייגט, אַז די פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג וועט זיך פאַרגרעסערן מיט נאָך צוועלף מאַן — זעלנער, דערפאַרענע קעמפער... אָבער לײדער האָבן זיי זיך פאַרשפּעטיקט...

הינטער דעם דאָרף קלאַטשעוו האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ פאַשיסטישער אָפּטיילונג פון ענ. עס. זעט., וועלכע האָט די אומגליקלעכע מענטשן אויסגעליפערט אין די הענט פון די היטלעריסטישע מערדער. די פאַרטיזאַנער האָבן אויפגענומען מיט די ענעסזעטאָווצעס אַ פאַרביטערטן קאַמף. די באַנדע איז אָבער געווען אַ סך שטאַרקער אין מענטשן, און אויסגעשטאַט אין די נייעסטע מיליטערישע וואָפן, מיינסטנס פון דייטשער אויסאַרבעטונג.

די אַקציע צו ראַטעווען די צוועלף סאָוויעטישע מענטשן איז נישט געלונגען. זיי זענען ברוטאַל דערמאָרדעט געוואָרן און באַגראָבן אויף דער קעמעלאָווער קאָלאָניע.

דאָס איז געווען נישט דער ערשטער און אויך נישט דער לעצטער

בלוטיקער אַקט פון די פוילישע פאַשיסטן, וועמענס אָנפירער עס איז געווען דער טרויעריק־באַרימטער פולקאָווניק „באָהון״. זייערע הענט האָבן זיי אויך פאַרשמירט אין בלוט בעת דער שחיטה פון דער צענפערזאָניקער גרופּע, דערונטער איין פרוי, וועלכע איז אַנטלאָפן פון דעמבלינער לאַגער...

די גרופּע האָט געאַרבעט אויף דעם דאַרטיקן פלי־פּלאַץ. אין איינעם אַן אָוונט איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן. אָבער זיי זענען געוואָרן אַרומגערינגלט דורך די זעלבע מערדער פון ען. עס. זעט. און געטיילט דעם גורל פון די סאָוויעטישע זעלנער.

די פּאַרטיזאַנער פון דער „קילינסקי״־אָפּטיילונג האָבן זיך באַמיט זיי אָפּצושלאָגן, אָבער גלייך זענען זיי פון דער צווייטער זייט אָנגעגריפן געוואָרן פון דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונגען און זיי זענען געצוווּנגען געווען זיך צוריקצוציִען מיט ניט קיין קליינע פאַרלוסטן.

אין יאָר 1949 איז בלויז אַ קליינע גרופּע פון זיי געוואָרן דעמאַסקירט און געשטעלט פאַר דעם געריכט פון דער פוילישער פאָלקס־רעפּובליק.

איינער פון די ען. עס. זעט.־לייט, מאַרצין מיקוסעק, איז פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט. אַ טייל אויף לעבנסלענגלעכער תפיסה און אַנדערער שטראָפן.

די טרויעריק־באַרימטע באַנדע מיט די איניציאַלן־צייכן ען. עס. זעט., וועלכע באַדייטן „נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כוחות״ איז צוזאַמען מיט זייער פירער פולקאָווניק אַנטאָני דאָמבראָווסקי־שאַצקי, פּסעוודאָנים „באָהון״, אַנטלאָפן צוזאַמען מיט די היטלעריסטישע האָרדעס, מורא האָבנדיק פאַר דער גערעכטער שטראָף פון דער פוילישער פאָלקס־רעפּובליק.

*

זיין פּאַרטיזאַנישע קאַריערע האָט הערש קאָרצאַזש פאַרענדיקט פרילינג 1944. די גאַנצע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער רעגולערער סאָוויעטישער אַרמיי און מאַרשירט אין אירע רייען אויף בערלין.

שפּעטער איז קאָרצאַזש אָנגעקומען אין שול־באַטאַליאָן פון דער 5־טער דיוויזיע אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל אַלעקסאַנדער וואַשקעוויטש, זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע זיגרייכע קאַמפן קעגן דעם אָפּטרעטנדיקן פיינט און אים געיאָגט ביז בערלין.

ניט ווייט פון בערלין האָט קאָרצאַזש דורכגעמאַכט זיין לעצטע שלאַכט.

עס איז געווען דער 16 אַפּריל 1945. היטנער ראַוש איז געקומען צו אַ בלוטיקער שלאַכט, אין וועלכער די דייטשן האָבן געוואָרפן זייערע לעצטע רעזערוון. די מערדער האָבן שוין געוווּסט, אַז עס שלאָגט זייער לעצטע שעה און זיי האָבן זיך פאַרביסן פאַרטיידיקט. קאָרצאַזש ווערט דאָ שווער פאַרוווּנדעט. זיי ווערן אַרומגערינגלט פון אַ דיוויזיע עס־עס און נאַציאָנאַליסטישע אוקראַיִנישע אָפּטיילונגען.

דאָ פאַלט אויך קאָרצאַזשס פריינד מעכל גלייך, אויף וועלכן עס האָבן געוואַרט אין דער היים זיין יונגיטשקע פרוי קאַראָלע מיט אַ קינד... עס קומט אויך אום זייער העלדישער אָנפירער, דער גענעראַל אַלעקסאַנדער וואַשקעוויטש.

דעם גרויסן יום־טוב פון 9 מאַי 1945 באַגעגנט הערש קאָרצאַזש אין שפּיטאָל ביי פּלאָשאָוו.

# אין די וועלדער פון טשאַרנאַ־האָראַ

די הערשאַפט פון די ברוינע קאַניבאַלן האָט פון קינדער געמאַכט דערוואַקסענע, פון יוגנטלעכע דערפאַרענע און רייפע מענטשן. דער דראַנג צו עקזיסטירן, צו לעבן, האָט געצוווּנגען צו געוואַגטע שריט.

דאָס איז געווען אין פרילינג 1943. מענדל יאַרמאַן, פסעוו. „באָריס", איז דעמאָלט אַלט געווען קוים פופצן יאָר. נאָך אַ ריי פאַרשידענע איבער־זידלונגען פון געטאָס און לאַגערן האָט ער זיך געפונען אין דעם אַרבעטס־לאַגער „באַרקי־וויעלקע" אין טאַרנאָפּאָלער קרייז. מיט נאָך צוויי אין זיין עלטער — מעכל בירנבוים און יחיאל אימבערמאַן, ביידע פון זאַלעש־טשיקער געגנט — האָבן זיי באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון לאַגער אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנער.

עס איז געווען אַ צייט, ווען אין די וועלדער האָבן זיך שוין געפונען פאַרשידענע פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, צווישן אַנדערע אויך רעשטן פון דער צעשלאָגענער אין די קאַרפּאַטן פאַרטיזאַנישער אַרמיי פון גענעראַל קאָוופּאַק.

דער פּלאַן איז געלונגען, זיי זענען אַרויס פונעם לאַגער, און זיי האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס שרעקלעכסטע איז שוין פאַרביי. צום באַדויערן האָבן זיי זיך אַפילו נישט פאָרגעשטעלט, וואָס זיי דערוואַרט נאָך.

נאָך אַ באָמבאַרדירונג פון דער סאָוויעטישער אַוויאַציע האָבן זיי ביים ראַנד פון וואַלד געטראָפן אַ פאַרוווּנדעטן אונגאַרישן זעלנער, ביי וועלכן זיי האָבן אַוועקגענומען זיין מאַשין־ביקס. דער פאַקט האָט זיי צוגעגעבן מוט און זיי האָבן אויף אייגענער האַנט גענומען גראַסירן אין די וועלדער, ביז זיי האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אוקראַיִנישער פאַשיסטישער באַנדע, וועלכע האָט ביי זיי צוגענומען די ביקס, און מעכל בירנבוימען, וועלכער האָט צופעליק די ביקס געטראָגן, אַזוי אַכזריותדיק געשלאָגן, אַז ער האָט אויפן אָרט אויסגעהויכט די נשמה. מענדל יאַרמאַנען און יחיאל אימבער־מאַנען איז געלונגען צו אַנטלויפן.

אויסנוצנדיק זיין נישט־יידישן אויסזען און אויך דאָס, וואָס ער האָט גוט באַהערשט די אוקראַיִנישע שפּראַך, האָט יאַרמאַן זיך פאַרדונגען אַלס

משרת ביי אַ פּויער אין דאָרף האָלאָווטשיניצע. פֿאַר דעם בלויזן עסן און אַ דאַך איבערן קאָפּ האָט ער געמוזט אַרבעטן פֿון זון־אויפֿגאַנג ביז אין דער פֿינצטערער נאַכט אַריין. אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט זיין ערשטער פּאַרטיזאַנישער עטאַפּ.

דער טרויםַ צו האָבן אַ ביקס אין האַנט און נקמה נעמען איז געוואָרן ביי יאַרמאַנען שטאַרקער פֿון אַלץ. קנאה האָט אָנגעפֿילט זיין האַרץ, ווען ער האָט געהערט פֿון אַן איבערפֿאַל אויף אַ דייטשן מיליטערישן פּאַטרול, אָדער אויף אַ פּאָליציאַישן וואַך־הויז און דערצו נאָך, אַז דאָס האָבן אויס־געפֿירט יאָטן נישט עטלערע פֿון אים, אויך אַנטלאָפֿענע פֿון געטאָס אָדער לאַגערן. שטענדיק איז אים אָבער געקומען פֿאַר די אויגן דאָס בילד פֿון דערמאָרדעטן חבר און עס האָט זיך געשטעלט פֿאַר אים די פֿראַגע — וווּהין זאָל ער גיין?...

דער גורל אָבער האָט געוואָלט ער זאָל נישט האָבן קיין אַנדערן אויסוועג און ער זאָל מוזן אויספּרוּוון זיין גליק. די פּאָליציי האָט גענומען פֿאַרלאַנגען פֿון יעטוועדן אין זיין עלטער צו באַזיצן אַן אַמטלעכן דאָקומענט. זיין באַלעבאָס האָט אים דעריבער באַפֿוילן צו גיין צום גלח פֿון זיין דאָרף און ברענגען אַ געבורט־שיין...

אָנגעטאָן אין אַ גראָב פּויעריש העמד, אויסגענייט מיט פֿאַרשידענע האַפֿטן אויף דער ברוסט און אַרבל, און אין ווייסע לייוונטענע הויזן, אויף די אַקסל פֿאַרוואָרפֿן אַ הוצולסקע סערדאַק מיט אַן אוקראַיִניש היטל — אַזוי גערופֿענעם „מאַזאַפּענקע”, מיט צוויי פֿיידעס ברויט און אַ שטיק חזיר־פֿעטס פֿאַרוויקלט אין אַ פֿאַטשיילע, פֿאַרהאָנגען אויף אַ גראָבן סענ־קעוואַטע שטעקן און באָרוועס — האָט ער פֿאַרלאָזט זיין צייטווייליקע היים, כלומרשט צו גיין צום גלח נאָך דעם געוווּנטשענעם דאָקומענט...

ווידער איז אים אויסגעקומען צו גיין אין וואַלד זוכן פּאַרטיזאַנער. דער וועג האָט געפֿירט צו דעם טייל וועלדער אין דער געגנט פֿון קאָסוווּ, סטאַניסלאַווער וואָיעוואָדשאַפֿט, וואָס מען האָט גערופֿן טשאַרנאַ־האָראַ־וועלדער. טאָג איין, טאָג אויס האָט ער אַזוי געוואַנדערט מיט שרעק אין האַרצן — ווען וועט ער טרעפֿן?... עס האָבן זיך אַזוי געצויגן ענדלאָזע טעג אויף אַן ענדלאָזן וועג, ביז אין איין שיינעם אָוונט האָט ער זיך דערנענטערט צו אַ פֿייערל, אַרום וועלכן עס זענען געזעסן עטלעכע מענטשן און זיך געוואַרעמט, קאָכנדיק דערביי עפּעס אַן עסן. זיי האָבן אים פֿאַר־האַלטן און צוגעפֿירט צו אַ בחור פֿון אַ יאָר אַכט און צוואַנציק. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן איז דאָס געווען דער אָנפֿירער פֿון דער גרופּע —

אַ געוועזענער גרענעץ־אָפיציר, אַ לייטענאַנט, וואָס האָט זיך גערופן אַלעק־סאַנדער קאָוואַלאָוו, פסעוודאָנים „סאַשאַ“. דאָס איז געווען די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „טשאַפּאַיעוו“. זי האָט דעמאָלט געציילט נישט מער ווי פערצן מאַן, דערצו שלעכט באַוואָפנטע. דאָס זענען געווען מענטשן פון פאַרשידענע צעשפּליטערטע אָפּטיילונגען, נאָר מיינסטנס אַנטלאָפענע פון דייטשע טראַנספּאָרטן פון געפאַנגענע.

גרויס איז געווען זיין פרייד פון דער באַגעגעניש, אָבער נאָך גרעסער דער ווייטיק, ווען ער האָט אים דערקלערט, אַז ער קאָן דאָ נישט בלייבן.

— דו ביסט צו יונג, האָסט נישט קיין געווער און דערצו ווייסן מיר נישט ווער דו ביסט — האָט געזאָגט קאָוואַלאָוו.

— איך בין אַ ייד — האָט יאָרמאַן געזאָגט — איך האָב נישט ווו און צו וועמען צו גיין. דער וואַלד איז מיין איינציקע היים און די פּאַרטי־זאַנער מיין משפחה.

די ווערטער זענען געווען אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ זיכערקייט און גלייכצייטיק מיט אַזאַ ווייטיק, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט לאָזן גלייכגילטיק די ענלעכע צו אים געפּלאָגטע מענטשן.

— זאָל ער בלייבן — האָט זיך אָנגערופן, אין אַ שלעכטן רוסיש, אַ קליינער שוואַרצער פּאַרטיזאַנער, וועלכן מען האָט גערופן מאַנאַכיאַן אַראַם. דאָס איז געווען אַן אַרמענישער בחור, דער פאַרטרעטער פונעם לייטענאַנט קאָוואַלאָוו. — ער קען די געגנט, די אוקראַיִנישע שפּראַך, וועט ער קאָנען זיין אַ גוטער אויסשפּירער — און ער איז געבליבן.

זיינע ידעות, מיט וועלכע ער פלעגט שטענדיק צוריקקומען צו דער פּאַרטיזאַנישער באַזע, האָבן זייער אַ סך נוצן געבראַכט דער שנעל צע־וואַקסנדיקער זיך קעמפערישער אָפּטיילונג. אין אַ קורצער צייט שפּעטער האָט אים דער לייטענאַנט אַלעקסאַנדער קאָוואַלאָוו שוין פאַררעכנט אַלס גלייכבאַרעכטיקטן פּאַרטיזאַנער פון דער אָפּטיילונג „טשאַפּאַיעוו“.

# דער טויט פון דער דאָקטאָרין חנה קראַקאָווסקאַיאַ

מיט גרויס רעספּעקט און ליבשאַפט האָבן זיך אַלע פאַרהאַלטן צו דער פּערזאָן, וועלכע מען האָט גערופן אַננאַ איסאַקאָוונאַ קראַקאָווסקאַיאַ. דאָס איז געווען אַ שוואַרץ־חנעוודיקע פרוי פון אַ יאָר צוויי און דרייסיק, אַ צאָן־דאָקטאָרין פון פּראָסקוראָוו. חנה קראַקאָווסקאַיאַ איז אַלס סאָוויעטישער אָפיציר אַנטלאָפן פון אַ דייטשן געפאַנגענען־לאַגער און זיך גליקלעך דערשלאָגן צו דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון „טשאַפּאַיעוו".

איר אָנקומען אין דער אָפּטיילונג האָט ביי יעדן אַרויסגערופן פרייד. דער געדאַנק, אַז זי וועט פאַרלייכטערן די ווייטיקן פון די וווּנדן האָט צוגעגעבן דרייסטקייט און מוט אין קאַמף קעגן דער היטלעריסטישער בעסטיע.

„אַננאַ איסאַקאָוונאַ נעמט ממש אַוועק דעם ווייטיק מיט דער האַנט" — אַזוי האָבן גערעדט די קראַנקע פּאַרטיזאַנער וועגן איר מעטאָד פון היילן. יעדער פּאַרטיזאַנער איז פאַר איר געווען ווי אַן אייגן קינד, וועלכן זי פלעגט ווי אַ מאַמע באַהאַנדלען.

אַננאַ איסאַקאָוונאַ האָט געהאַט צוויי קליינע קינדער, וועלכע זענען צוזאַמען מיט איר אַלטער מאַמען עוואַקויִרט געוואָרן אויף אוראַל. שטענדיק פלעגט זי פון זיי דערציילן און איר האָפענונג איז געווען זיי נאָך אַמאָל אין לעבן צו זען.

דעם 14 פעברואַר 1944 איז אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר אַלעקסאַנדער קאָוואַלאָוו און זיין פּאַרטרעטער מאַנאַכיאַן אַראָם איינגעאָרדנט געוואָרן אַ לאַקערונג אויף די היטלעריסטן אויף דעם וואַלד־וועג צווישן וואָראָכטע און טאַטאַרוּוו.

אין דער אָפּטיילונג האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן דאַרפן אַריבערפירן אַמוניציע און פּראָוויאַנט פון זשאַביע קיין דעלאַטין. אין מיטן דער נאַכט האָבן דרייסיק פּאַרטיזאַנער אַרויסמאַרשירט פון דער באַזע און אומבאַמערקט פאַרנומען אַ פּאָזיציע צווישן די צוויי דערמאָנטע שטעט. מען האָט אויף שנעל אויסגעדרייט דעם וואָרענונגס־טאָוול: „אַכטונג,

פאַרטיזאַנער!" אין דער פאַרקערטער ריכטונג, אַזוי אַז די היטלעריסטן זאָלן פאָרן מיט דעם וועג ווו די פאַרטיזאַנער האָבן זיך געוווּנטשן. דער וועג איז געווען אויסגעשאָטן מיט זשוויר און איז אויף דעם אָפּשניט געלעגן ווי אין אַ טאָל. פון ביידע זייטן האָבן די פאַרטיזאַנער פאַרנומען זייערע פייער־פּונקטן.

עס האָט נישט געדויערט און עס זענען אָנגעפאָרן איין לייכטע מאַשין און צוויי לאַסט־וואָגנס. די פאַרטיזאַנער זענען געווען אין אַ פּילפּאַכיק בעסערער סיטואַציע — אַ פּלוצעמדיקער אָנגריף און מיט אַן איבער־וועגנדיקן כוח. שוין פון ערשטן אָנגריף איז די העלפט פון דער צוועלף־פּערזאָניקער דייטשער באַזעצונג געבליבן אויפן אָרט...

דער זיג און די פרייד פון אַזאַ דעראָבערונג פון אַמוניציע וואָלט געווען גרויס, ווען נישט דער טרויעריקער פאַקט, וואָס איין יונגער פאַרטיזאַנער איז פּלוצעם פאַרווונדעט געוואָרן. אויף זיינע הילפס־רופן האָט זיך שנעל דערנענטערט צו אים די טייערע דאָקטאָרין חנה קראַקאָווסקאַיאַ און די זעלבע האַנט פון דעם קאַניבאַל, וואָס האָט געשאָסן צום יונגן פאַרטיזאַנער, האָט אָפּגעגעבן אַ סעריע קוילן צו איר...

אַלס נקמה האָבן די פאַרטיזאַנער אַלע לעבנגעבליבענע היטלעריסטן אויפן אָרט דערשאָסן. אָבער דאָס האָט נישט געקאָנט שטילן דעם ווייטיק נאָך דעם גרויסן פאַרלוסט.

צוויי טעג האָט נאָך חנה געלעבט און אַלע האָבן זיך הילפלאָז צו־געקוקט, ווי עס גייט אַוועק דער טייערסטער פאַרטיזאַנער.

חנה קראַקאָווסקאַיאַס טרוים צו זען אירע צוויי קינדער מיט דער אַלטער מאַמען איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן...

מיט זעלנערישן כבוד האָבן די פאַרטיזאַנער זי געבראַכט צו איר אייביקער רו אויף דער פרעמדער ערד אין די וועלדער פון טשאַרנאַ־האָראַ.

# די לעמבערגער קאַמפּס־גרופּע

דער לעמבערגער פּראָלעטאַריאַט האָט זיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט פאַרגעזעצט אויך אין די פינצטערע טעג פון דער הערשאַפט פון די ברוינע רוצחים. שוין אין די ערשטע חדשים פון געטאָ האָבן זיך באַוויזן פלוג־בלעטלעך, וואָס האָבן גערופן צום ווידערשטאַנד און קאַמף.

אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער אַרבעט האָט דער אַלטער רעוואָלוציאָנערער טוער, דער לאַנגיאָריקער תושב פון סאַנאַצישן איזאָלירונגס־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע — דאָקטאָר יוריסט מונדעק האַראַוויטץ.

מונדעק מאָביליזירט אַרום זיך מענטשן מיט פּראַקטיק פון אונטערערדישער אַרבעט, ווי אָסקאַר קאָנטעס, פּסעוודאָנים „אַלעק", די באַקאַנטע רעוואָלוציאָנערע טוערין — סימע דרייסיגער, דעם דיכטער יעקב שודריך, די טאָכטער פון באַקאַנטן ד״ר לעאָן גאַנגעל־יאַנקע, דעמאָלט נאָך אַ יונגע סטודענטין פון מעדיצין, וואָס האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל אין געטאָ אויף דער קושעוויטשאַ־גאַס, און נאָך אַנדערע.

זיי קניפּן אָן אַ קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „איוואַן פראַנקאָ". עס ווערן איבערגענומען אין געהיים ראַדיאָ־מעלדונגען און פאַרשפּרייט צווישן דער באַפעלקערונג. שפּעטער ווערן אויך אַרויסגעשיקט גרופּן פון אַרבעטעס־לאַגער אויף דעם יאַנאָווער צו די פּאַרטיזאַנער אין די בראָדער וועלדער.

אין דעם דערמאָנטן לאַגער האָבן זיך געפונען אַן ערך פינף טויזנט פּעאיקע, יונגע מענטשן מיט פאַרשידענע קוואַליפיקאַציעס, איינגעטיילט אין גרופּן. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געטראָגן אויף אַ ווייס שטיקל לייוונט דעם אויסגעניייטן בוכשטאַב „ר" (ריסטונג), אַנדערע ווידער „וו" (וועהרמאַכט), אויףביידע איז געווען אַ דייטשער זיגל. דאָס איז געווען דער אויסוווייז אַרויסצוגיין פון לאַגער.

אונטער דער שוץ פון אוקראַיִנישע פּאָליציאַנטן פלעגן זיי יעדן טאָג מאַרשירן אין קאָלאָנעס צו זייער באַשטימטער אַרבעט. טאַקע מיט דער הילף פון די אַרבעטס־גרופּן פלעגן די קאָנספּיראַטאָרן זיך אַרויסבאַקומען פון לאַגער און אַריבערגעפירט ווערן צו די פּאַרטיזאַנער.

איינע אַזאַ אַרבעטס־קאָלאָנע פון זעכציק מאַן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען דער חבר אשר־הערש זיידענוואַר, האָט פעברואַר 1943 אַרויס־מאַרשירט אונטער דער אָנפירונג פון אַ כלומרשטן אוקראַיִנישן פּאָליציאַנט מיטן ציל אָנצוקומען צו די פּאַרטיזאַנער. די קאָלאָנע איז דערגאַנגען ביז וויניק. דאָרט האָבן זיי געדאַרפט טרעפן די פּאַרבינדלער, וועלכע האָבן זיי געדאַרפט פירן צו די בראָדער וועלדער. צוליב נישט אויפגעקלערטע סיבות זענען די פּאַרבינדלער נישט געקומען. דערצו האָבן זיי אויפן וועג געטראָפן אַן אמתן פּאָליציאַנט, וועלכן מען איז געווען געצווונגען אויף אייביק „שווייגנדיק־מאַכן" און זיי האָבן זיך געמוזט צוריק אומקערן אין לאַגער. ערשט אין אַ חודש שפּעטער, דעם 24 מערץ 1943, איז זיידענוואַרן מיט נאָך פיר מאַן געלונגען צו קומען אין די אויסגעטרוימטע וועלדער.

איינער פון די גליקלעכע, וועמען ס'איז אויך געלונגען צו פאַרלאָזן דעם יאַנאָווער לאַגער, איז געווען דער דערמאָנטער אָסקאַר קאָנטעס, פּסעוודאָנים „אַלעק". ער דערשלאָגט זיך צו דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך געפונען אין די קיִעווער וועלדער, און געטראָגן דעם נאָמען „דימירסקי־פּאַרטיזאַנסקי־אָטריאַד" אונטער דער אָנפירונג פון דעם קאַפּיטאַן טשערנישאָוו.

פון צייט צו צייט זענען אין יאַנאָווער לאַגער פאָרגעקומען סעלעקציעס. פּאַרטיעס צו עטלעכע הונדערט מענטשן זענען פאַרלאָדן געוואָרן אין וואַגאָנען, כלומרשט אַרויסצופאָרן אויף אַ ווייטער אַרבעט, אָבער אָפּגעפאָרן זענען זיי קיין בעלזשעץ אָדער אין אַנדערע טויט־לאַגערן.

צו דעם צוועק האָט מען צום לאַגער צוגעפירט אַ זייטיקע באַן־ליניע. אין די אונטערגעשטעלטע שפּעטער וואַגאָנען האָט מען די מענטשן אַריינ־געוואָרפן שוין האַלב־לעבעדיקע. מיינסטנטייל זענען שוין געלעגן און געוואַרט אויף די וואַגאָנען צונויפגעפּרעסטע אין אַ הויפן, און אַ גרויסער טייל שוין דערשאָסענע.

מיט אַ ספּעציעלן סאַדיזם האָט זיך דאָ אויסגעצייכנט דער עס־עס־מאַן מילהאַוזען, וועלכער פלעגט קומען מיט אַ דייטש קינד און לערנען עס שיסן צו לעבעדיקע מענטשן.

די אויסגעמאָרדעטע מענטשן זענען שפּעטער פאַרבּיטן געוואָרן דורך נייע אַרבעטס־כוחות, געבראַכטע פון געטאָ.

דאָס אַרויספירן גרעסערע באַוואָפנטע גרופּן אין די וועלדער האָט זיך אָנגעהויבן פרילינג 1943. די דייטשן זענען דעמאָלט שוין געהאַט צוגע־טראָטן צו דער טאָטאַלער פאַרניכטונג פון די לעמבערגער יידן, וואָס האָט

געצוווּנגען אַ סך ביז איצט נאָך צווייפלענדיקע ענדגילטיק זיך צו דעצידירן. פון דער צווייטער זייט האָט מען שוין געהערט פון דער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט אין די בראָדער וועלדער, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער דאָקטאָר מונדעק האַראָוויטץ.

אין דער צייט האָט סימע דרייסיגער געאַרבעט אַלס קראַנקן־שוועסטער אין געטאָ־שפּיטאָל. זי איז געווען די טאָכטער פון אַן אָרטאָדאָקסישער פאַמיליע פון ניי־סאָנץ, וועלכע איז געקומען צו דער באַוועגונג פון השומר הצעיר און איז דאָ שטאַרק באַליבט געווען פון יעדן, וואָס האָט זיך נאָר מיט איר באַגעגנט. עס איז דעריבער קיין ווּנדער נישט, וואָס דער עלטסטער דאָקטאָר אין שפּיטאָל איידער מען האָט אים אַרויסגעפירט צום טויט האָט סימען איבערגעגעבן אַ גרויס פאַרמעגן געלט און ביזשוטעריע. סימע האָט דאָס אַלץ איבערגעגעבן דער באַוועגונג, כדי איינצוקויפן געווער און באַוואָפענען חברים, וואָס האָבן זיך געקליבן צו די פּאַרטיזאַנער.

מיט דער הילף פון פאַרשידענע פאַרמיטלער איז ביי די דייטשן איינגעקויפט געוואָרן ביקסן, פּיסטאָלעטן, גראַנאַטן און אַנדערע וואָפן, און אַ גרופּע פון דרייסיק פּערזאָן, צווישן וועלכע עס זענען געווען יעקב שודריך און די סטודענטין יאַנקע גאַנגעל, האָט מיט צוויי לאַסט־וואַגנס זיך געלאָזט אין וועג צו די פּאַרטיזאַנער פון מונדעק האַראָוויטץ אין די בראָדער וועלדער. דאָס איז געווען זייער לעצטער קאַמפּס־וועג.

עס איז נישט באַוווּסט די סיבה פון פאַראַט פון די שאָפערן, וועלכע אָנשטאָט אין די וועלדער, זענען פאַרפאָרן צו דער געסטאַפּאָ...

וועגן דעם דאָזיקן פאַקט האָט מען זיך דערוווּסט אויך פון דעם באַגלייט־בריוו פון עס־עס־גענעראַל קאַצמאַן אין זיין אָפיציעלן באַריכט וועגן ווידערשטאַנד און פאַרניכטונג פון די יידן אין גאַליציע.

אין ראַפּאָרט פון 30 יוני 1943 „לעזונג פון דער יידן־פראַגע אין דיסטריקט גאַליציע״ פון עס־עס־גענעראַל און פּאָליציי־שעף פון דיסטריקט גאַליציע קאַצמאַן צו זיין אָבערגעאָרדנטן עס־עס־פּאָליציי־פירער אין קראָקע, קריגער, ווערט אויספירלעך דערציילט וועגן אַ גרופּע פון 20—30 באַוואָפנטע לעמבערגער יידן, וואָס האָבן זיך דעררעדט מיט צוויי דייטשע שאָפערן פון דער לופט־גאַו־קאָמאַנדע אין לעמבערג וועגן אַריבערפירן זיי קיין בראָד פאַרן פּרייז פון צוואַנציק טויזנט זלאָטעס *).

*) דאָקומענט פון נירנבערגער פּראָצעס, 18, ז׳ 55.

אין אויבן־דערמאָנטן ראַפּאָרט ווערט דערציילט, ווי אַזוי די שאָפערן האָבן פאַרנאַרט די יידן און איין פּאָליאַק און זיי אַוועקגעפירט צו דער דינסטשטעלע פון דער קאָמאַנדאָ אין לעמבערג און ווי מען האָט די יידן אַנטוואָפנט און קאָנפיסקירט דאָס געווער.

אין דעם דאָקומענט ווערט געזאָגט: „בעת דער אויספאָרשונג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַ געוויסער ייד האָראָוויטץ, וואָס האָלט זיך אויף מיט אַ גרעסערער גרופּע יידן אין די בראָדער וועלדער, האָט אָרגאַניזירט דעם טראַנספּאָרט.

דער פּאָליאַק האָט געהערט צו דער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע פּפּר. ער האָט באַצייכנט דעם ייד האָראָוויטץ אַלס הויפּט־פונקציאָנאַר פון פּפּר. אין לעמבערג.

נאָכן פעסטשטעלן בעתן עדות־פאַרהער דאָס זיך־אָרט אין די וועלדער ביי בראָד איז נאָך דעם זעלבן טאָג (15 מאַי 1943) דער וואַלד־שטח אַרום־גערינגלט געוואָרן און „דורכגעקעמט" מיט דער הילף פון זשאַנדאַרמעריע, אוקראַינישער פּאָליציי און צוויי קאָמפּאַניעס מיליטער פון דער ווערמאַכט. דערביי האָט מען זיך אין פאַרשידענע ערטער אָנגעשטויסן אויף קלענערע באַוואָפנטע „באַנדע־טרופּנס", וועלכע האָבן געלעבט אין בונקערס, נאָך פון די רוסישע צייטן אָפּשטאַמיקע. די „באַנדיטן" האָבן אין אַלע פאַלן געמאַכט אַ געברויך פון זייער געווער, אָבער זיי זענען געמאַכט געוואָרן אומשעדלעך. דריי און דרייסיק (33) יידישע באַנדיטן זענען דערשאָסן געוואָרן. עס זענען געפונען געוואָרן עטלעכע אָפּגעשניטענע ביקסן, אויך רוסיש שנעלפייער־געווער און רעוואָלווערן.

אַ פּוילישער יעגער, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער דורכקעמונג, איז שטערבלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן... *)

דער אויבערהענקער קאַצמאַן האָט אָבער אין זיין באַריכט נישט דערמאָנט, אַז די גרופּע, וועלכע מען האָט פאַראַטן, האָט זיך העלדיש פאַרטיידיקט. אַ סך פון זיי זענען געפאַלן אויפן אָרט, צווישן זיי דער איידעלער יעקב שודריך.

סימע דרייסיגער און יאַנקע גאַנגעל איז די באַנדיטן געלונגען צו נעמען לעבעדיקערהייט. נאָך גרויסע פּייניקונגען ביים פאַרהער מיט די באַקאַנטע געסטאַפּאָ־מעטאָדן, נאָר אָן שום רעזולטאַט — איז סימע דריי־

*) דאָקומענט פון נירענבערגער פּראָצעס, 18 — ז, 57, 58.

Geheime Reichssache!

... u. POLIZEIFÜHRER
DISTRIKT GALIZIEN
...Nr. 41 /43 ...

30. Juni 1943

2 Ausfertigungen
1. Ausfertigung

Betr.: Lösung der Judenfrage in Galizien.
Bezug: Anliegender Bericht.
Anlg.: 1 Bericht (3 Ausfertigungen)
1. Ausfertigung.

An den
Höheren ... und Polizeiführer Ost
...-Obergruppenführer und General der Polizei
Krüger – o.V.i.A. –
Krakau.

In der Anlage überreiche ich den Abschlußbericht als 1. Ausfertigung über die Lösung der Judenfrage im Distrikt Galizien mit der Bitte um Kenntnisnahme.

... 83870

...gruppenführer
und Generalleutnant der Polizei.

באַגלייט־בריוו פון עס־עס־גענעראַל קאַצמאַן פון 30 יוני 1943

סיגער אַלס געפּערלעכער פּאַרטיזאַן — ווי די באַנדיטן האָבן זי אָנגערופן — אין לעמבערג אויפגעהאָנגען געוואָרן.

די האַרציקע יאַנקע גאַנגעל האָט איר נשמה אויסגעהויכט אין די קעלערן פון דער געסטאַפּאָ.

כבוד זייער ליכטיקן אָנדענק!

# פון „יאַנאָווער לאַגער" צו דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון קאַפּיטאַן טשערנישאָוו

אַ שווערער קלאַפּ איז געווען דער פאַקט, וואָס די היטלעריסטן איז געלונגען אויפצודעקן די צוגרייטונגען צום אַרויסמאַרש פון אַ גרופּע יידן פון „יאַנאָווער לאַגער" אין לעמבערג אין דער ריכטונג פון דער נישט ווייט ליגנדיקער אָרטשאַפט — בזשוכאָוויצע.

דער מאַיאָר אָסקאַר קאַנטעס, פּסעוודאָנים אַלעק" איז שוין דעמאָלט געווען איינער פון די לעצטע, וועלכע האָבן נאָך געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט דעם אָרגאַניזאַטאָר פון דער ווידערשטאַנד־גרופּע אין לאַגער און שפּעטער־דיקן אָנפירער פון די פּאַרטיזאַנער אין די בראָדער וועלדער — דאָקטאָר מונדעק האָראָוויטץ. אָבער אים איז געבליבן איין וועג — וואָס שנעלער צו אַנטרינען פון לאַגער אויף דער אַרישער זייט.

דאָס איז געווען סוף 1942. מיט אַ גרופּע פּוילישע אַרבעטער געלינגט אים אַרויסצופאָרן אויף מזרח מיט אַ דאָקומענט אויפן נאָמען „סטעפאַן קאָמערסקי" אויף אַרבעט אין אַ דייטשער פירמע, וועלכע האָט זיך אָרגאַ־ניזירט אויף די באַעזצטע געביטן. צוזאַמען מיט אים אויך אַלס „אַריער" איז געפאָרן זיין פריינד דונעק מאַנדעל פון דער זשאָלקווער־גאַס.

גליקלעכע פון דער מעגלעכקייט זיך צו דערשלאָגן צו די געביטן, וווּ עס זענען שוין געווען גרעסערע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען, האָבן זיי זיך דערנענטערט צו דער שטאָט פאַסטאָוו, נישט ווייט פון קיִעוו. נאָר פּלוצעם האָט איינער פון די פּאָליאַקן אין גרויס געהיימניש איבערגעגעבן, אַז דער פירער פון טראַנספּאָרט איז געגאַנגען מעלדן דער געסטאַפּאָ, אַז עס געפינען זיך דאָ צוויי יידן.

אין לעצטן מאָמענט איז זיי געלונגען אַרויסצושפּרינגען פון וואַגאָן דורכן פענצטער, ווייל צו דער טיר האָט זיך דערנענטערט דער אָנפירער מיט אַ גענטן פון דער געסטאַפּאָ...

איצט האָט זיך אָנגעהויבן פאַר זיי אַ מאַרש אויף פרעמדער ערד, אָן



אָסקאַר קאָנטעס — סטעפאַן קאַמערסקי, פסעוודאָנים „אַלעק"

געלט, אָן זאַכן, וועלכע זיי האָבן געלאָזט אין וואַגאָן, און דאָס ערגסטע — שטאַרק אויפפאַלנדיק מיט זייער פוילישער קליידונג, וועלכע האָט זיך יעדן געוואָרפן אין די אויגן. נאָך גרויס מאַטערנישט, הונגער און קעלט איז זיי דאָך געלונגען צו קומען קיין קיִעוו.

אָבער אויך דאָ האָבן זיך געפונען אויסוואורפן, דאָס מאָל אָן אוקראַיִנער, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן מיט זיי שטאַרק צו אינטערעסירן.

זיי האָבן דעמאָלט געאַרבעט אַלס געוויינלעכע אַרבעטער אין אַ דייטשער פירמע אויף דער קאַראָסינגאַיאַ־גאַס, באַמיט זיך בלויז די נשמה צו דער־האַלטן, ביז זיי וועלן זיך נישט דערוויסן עפּעס גענויערס וועגן דער געגנט, ווו עס געפינען זיך פּאַרטיזאַנער. אמת, די איבעריקע מיטאַרבעטער האָבן אים דערפאַר גוט צעממיתט — זיי אָבער האָט דאָס שוין גאָרנישט געהאָלפן. זיי האָבן געמוזט וואָס שנעלער אַנטלויפן.

ווידער האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענדלאָזער וועג, ווו געטאָגט, נישט גענעכטיקט, אויסמיידנדיק מענטשן און פאַרברענגענדיק מיינסטנס אין די וועלדער. ענדלעך האָט אין דעם אָפּגרונט פון פינצטערניש זיך באַוויזן צו זיי אַ שטראַל פון האָפענונג. — אין די קיִעווער וועלדער האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף אַ גרופע פון דרייצן פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון אַ געוועזענעם קאַפּיטאַן פון אַ סאָוויעטישער קריגס־שיף, וועלכן מען האָט גערופן — טשערנישאָוו.

דאָס איז געווען אַן אָפּטיילונג, וואָס איז אונטערגעליגן דעם שפּעטער־דיקן גענעראַל קאָוופּאַק און געטראָגן דעם נאָמען „דימירסקי־פּאַרטיזאַנצקי־אָטריאַד".

עס איז אַזוי געשען, אַז זיי זענען גלייך געוואָרן אַריינגעצויגן אין אַן אַקציע.

דאָס איז געווען אין אַ סאָסנאָווע וואַלד, נישט ווייט פון דעם דאָרף וואַכאָווקע. עס האָבן געדויערט די פאָרמאַליטעטן ביים אָנגענומען ווערן אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער. פּלוצעם דערהערט זיך אַ גערויש פון אַ דערנענטערנדיקער זיך מאַשין. עס האָט נישט געקאָנט זיין קיין שום ספק, אַז ס'איז אַ פיינטלעכע מאַשין פון דעם נישט ווייט אויפהאַלטנדיקן זיך דייטשן גאַרניזאָן.

— פּאַרנעמט קאַמפס־פּאָזיציעס פוןביידע זייטן וועג! — האָט באַ־פוילן דער קאַפּיטאַן טשערנישאָוו.

אין עטלעכע מינוטן שפּעטער איז די גאַנצע גרופע געלעגן אויסגעצויגן אין צוויי טיראַליערעס אויף דער ערד און קאָנטעס מיט מאַנדעלן צווישן זיי.



WOJSKO POLSKIE

**Tymczasowe zaświadczenie Nr**

Okaziciel niniejszego Kapitan Kamerski Stefan s. Jana
(stopień, nazwisko, imię, imię ojca)

odznaczony Rozkazem Naczelnego Dowództwa
(dekretem lub rozkazem)

Nr 2365 z 31 grudnia 1945 r.

**ZA BOHATERSKIE CZYNY I DZIELNE ZACHOWANIE SIĘ**
**W WALCE Z NIEMIECKIM NAJEŹDŹCĄ**

Orderem, medalem Krzyżem Virtuti Militari 5 kl.

Podpis wręczającego:
Zajmowane stanowisko i stopień

M. p. „8" ...tego 1946 r.

די באַשטעטיקונג וועגן קאַפּיטאַן אָסקאַר קאַנטאָר־קאַמערסקיס אויסצייכענונג מיטן אָרדן פון „ווירטוטי מיליטאַרי"

זיי ליגן אין די לייכטע זומער־אָנצוגן אויף דעם נאַסן שניי, אָבער זיי פילן נישט קיין קעלט. עס איז אַן אויסגעטרוימטער מאָמענט פון טויזנטער און טויזנטער יידן אין די געטאָס און לאַגערן. די מאַשין קומט אַלץ נענטער... מען זעט שוין אירע קאָנטורן...

— פייער! — דערהערט זיך די באַסיקע שטימע פון טשערנישאָוון.

עטלעכע זאַלפן שלאָגן זיך אָפּ מיט אַ ווידערקול אין וואַלד... דער שונא איז אַפילו נישט געווען אימשטאַנד צו מאַכן אַ געברויך פון זיין געווער.

אויפן אָרט זענען געבליבן זעקס טויטע און צוויי שווער פאַרווונדעטע. צוויי נאָך לעבעדיקע היטלעריסטן — נעכטיקע „העלדן" צו מאָרדן אומ־באַוואָפנטע מענטשן — זענען געשטאַנען אויף די קני און זיך געבעטן מען זאָל זיי שענקען דאָס לעבן... אין דעם מאָמענט האָבן זיך צונויפּ־געטראָפן די בליקן פון קאָנטעסן און פון מאַנדלען און בייביידן אין די אויגן האָט אַ שפּיגל געטאָן אַ טרער פון דער אויסגעבענקטער שעה פון נקמה.

אויסער געווער, אַמוניציע און מונדירן האָבן זיי דעמאָלט דעראָבערט זייער וויכטיקע מאַטעריאַלן, וועלכע די דייטשן האָבן געפירט צו דער פּאָסט. אויפן באַפעל פונעם קאָמאַנדיר זענען די בריוו גלייך איבערגעשיקט געוואָרן צו דער העכערער פּאַרטיזאַנישער אָנפירונג.

קאָנטעס האָט באַקומען אַ דייטשן מונדיר און אַ ביקס, וועלכע ער האָט צוגעדריקט צו זיין ברוסט ווי אַמאָל אין קלויז אַ ספר־תורה.

# דער איבערפאַל
# אויף דעם דייטשן גאַרניזאָן אין וואַכאָווקע

פון זיין גאַנצער פאַרטיזאַנישער טעטיקייט און דיווערסיע־אַרבעט האָט זיך אין קאָנטעסעס זכרון טיף איינגעקריצט די אַקציע אויף דעם גאַרניזאָן אין וואַכאָווקע.

דאָס איז געווען זומער 1943. די אָפּטיילונג האָט זיך שוין געהאַט צעוואַקסן און געציילט עטלעכע הונדערט פאַרטיזאַנער. זי האָט שוין געהאַט צוגעשיקטע אינסטרוקטאָרן פון מאָסקווע, אַן אייגענע ראַדיאָ־סטאַציע און איז אויך געווען נישט שלעכט באַוואָפנט.

געג. קאָוופּאַק מיט זיין גאַנצער אַרמיי איז אַוועק וויטער אויף מערב און דער „דימירסקער פאַרטיזאַנישער אָטריאַד" מיט דעם קאַפּיטאַן טשער־נישאָוו אין דער שפּיץ איז געוואָרן דער איינציקער רעכטלעכער באַלעבאָס אין דער געגנט. צוליב אים טאַקע האָבן די דייטשן פאַרגרעסערט דעם גאַר־ניזאָן אין וואַכאָווקע, וועלכער האָט געהאַט די אויפגאַבע צו שיצן די זיכער־קייט אויף די וועגן פאַר דער דראָענדיקער געפאַר מצד די „רויטע באַנדיטן".

אין דער צייט איז אַ גרופּע פון צוויי הונדערט מאַן קאַוואַלעריע פון דער רויטער אַרמיי אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף אַן אַזוי גערופענעם אין דער אַרמיי — טיפן זוויאַד — און איז געוואָרן אָפּגעשניטן פון איר איינהייט. די דייטשן האָבן זיי גענומען אַרומרינגלען, כדי זיי צו פאַרניכטן.

ווען די פאַרטיזאַנישע אויסשפּירער האָבן וועגן דעם געמאָלדן, האָט די אָנפירונג גלייך אָנגענומען אַ באַשלוס אַרויסצופירן די גרופּע פון דעם דייטשן קעסל. עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן און נאָך דעם זעלבן אָוונט איז טשערנישאָוו אַליין מיט אַ גרופּע פאַרטיזאַנער אָפּשטאַמיקע פון דער געגנט אַרויסגעריטן אויף דער אונטערנעמונג.

ווי איבערראַשט זענען אַלע געוואָרן, ווען פאַרטאָג האָט אין לאַגער געשווירבלט פון נייע מענטשן, רייטער, געראַטעוועטע פון אַ זיכערער ליק־ווידאַציע. די פאַרטיזאַנער זענען אָבער געווען געצוווּנגען צוזאַמען מיט זיי צו פאַרלאָזן דעם לאַגער איידער די דייטשן וועלן אָנהייבן נאָך זיי אַ געיעג און זיי האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון דער געגנט אויף אַ מהלך



אַ דאָקומענט פון אַ דורכגעפירטן מאַסן־מאָרד

פון איבער אַכציק קילאָמעטער — מיט דעם ציל צוריקצוקומען מיט אַ קאָנקרעטן פּלאַן...

די אָפּטיילונג איז דעמאָלט אונטערגעליגן דער „קיִעווער פּאַרטיזאַני־שער פאַראייניקונג", וועמענס אָנפירער ס׳איז אין דער ערשטער צייט געווען דער קאָמאַנדיר כיטריטשענקאָ. פון דאָרט איז געקומען אַ באַפעל צוזאַמען מיט דער קאַוואַלעריע־אָפּטיילונג אָנגרייפן דעם פיינטלעכן גאַר־ניזאָן אין וואַכאָוועקע.

די דייטשן האָבן דאָ קיין באַזונדערע מיליטערישע געביידעס נישט געהאַט, נאָר געווען איינקוואַרטירט אין פּריוואַטע הייזער פון די פּויערים, וועלכע זיי האָבן פאַריאָגט פון זייערע היימען, אדער צונויפגעפּרעסט מיט אַנדערע. אַ סך האָבן זיי אויך אַרויסגעפירט אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייטשלאַנד. זיי האָבן בלויז דאָס דאָרף פאַרבאַריקאַדירט קעגן אַן עווענ־טועלן אָנגריף. זיי האָבן זיך אָבער נישט פאַרגעשטעלט, אַז די פּאַרטיזאַנער קאָנען קומען מיט אַזאַ קראַפט.

די אָנפירונג מיט דער אַקציע האָט איבערגענומען טשערנישאָוו, צעטיילנדיק די פּאַרטיזאַנער אין צוויי גרופּן. מיט אַן אַוואַנגאַרד פון זעקס רייטער פאַרויס האָט די אָפּטיילונג פאַרלאָזט די צייטווייליקע באַזע. געצויגן האָט מען נאָר ביינאַכט. ביטאָג האָט מען גערוט אין די וועלדער.

די נאַכט פון געפּלאַנטן אָנגריף איז געווען אַ וואַרעמע. דאָס האָט צוגעגעבן דעם מאַרש אַ ראָמאַנטישע שטימונג. די סאָסנאָוועביימער האָבן אַ ביסל דערמאָנט די היימישע געגנט, נאָך וועלכער עס האָט זיך שטאַרק געבענקט. דער הימל איז געווען פאַרצויגן מיט וואָלקנס, וואָס איז געווען זייער גינסטיק פאַר דער געפּלאַנטער אונטערנעמונג.

איבערלאָזנדיק די פערד אין דערנעבן־ליגנדיקן וואַלד אונטער אַ קליינער שמירה האָבן די פּאַרטיזאַנער שטיל זיך דערנענטערט צום דאָרף.

עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. אַרום איז געווען שטיל. אויף אַ צייכן פון אַ ראַקעטע האָבן די פּאַרטיזאַנער גענומען אָנגרייפן פון צוויי זייטן. מיט אַ געוואַלדיקן „הוראַ" האָבן זיי זיך אַריינגעריסן צווישן די הייזער, אָפּשניידנדיק איין גרופּע פון דער צווייטער.

די דייטשן זענען אַפילו נישט פעאיק געווען צו שטעלן דעם קלענסטן ווידערשטאַנד. אין די אונטערוועש האָבן זיי גענומען אַנטלויפן אויף זייערע פערד, איבערלאָזנדיק עטלעכע און צוואַנציק טויטע.

# דוד טרעגער פון ביטשוטש

עס איז געווען דער סוף פון יאָר 1942. די יידן אין די געטאָס האָבן איבערגעלעבט די שווידערלעכע טעג פון פולשטענדיקער ליקווידאַציע. ס'איז כמעט פאַר יעדן שוין געווען קלאָר, אַז די היטלעריסטן זענען דעצידירט פיזיש אויסצוראָטן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. אויף פאַרשידענע וועגן האָבן מער דרייסטערע יידן אָנגעהויבן צו לויפן אין די וועלדער, כדי מיט געווער אין האַנט זיך אַנטקעגנשטעלן דעם בלוטיקן שונא.

אין די וועלדער האָט אָנגעהויבן צו שווימלען פון קלענערע און גרעסערע גרופּן מענטשן, וועלכע האָבן דאָ געזוכט שוץ. צווישן אַנדערע איז אַנטשטאַנען אין די קאָראָפּיעצקער וועלדער אַ פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון דעם ביטשוטשער טרעגער דוד, וועלכער איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „דאָלעק".

דעם דרייסיקיאָריקן, מיטלוווקסיקן דוד — אַ ייד מיט אַ קיילעכדיק פּנים ווי אַ לבנה און שוואַרצן קאָפּ האָר — האָט מען געקאָנט טרעפן פאַר דער מלחמה אויף די ביטשוטשער גאַסן אין אַן אָפּגעריסענעם ראָק, מיט אַ שטריק פאַרהאַנגען אין אַ קרייץ איבער די ברייטע אַקסלען, גרייט אויס־צופירן די שווערסטע אַרבעט, אַבי נאָר צו פאַרדינען אַ פּאָר זלאָטעס אויף חיונה.

זיינע שטאַרקע הענט, פאַרמאָזאָליעטע און צעשניטענע פון איבער־טראָגן גרויסע משאות סחורה פון די מאַגאַזינען ביי די ביטשוטשער סוחרים אויף די וועגענער און פון די וועגענער אין די מאַגאַזינען, האָט ער באַקומען בירושה פון זיין טאַטן. קיינעם וואָלט אַפילו נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז אין אָט דעם באַשיידענעם, אונטערטעניקן, אָרעמען מענטשן געפינט זיך אַזויפיל שטאָלץ, אַזויפיל אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן, אַזאַ פּילבאַר האַרץ אויף דעם מינדעסטן אומרעכט, וואָס ווערט קעגן עמעצן באַגאַנגען — און גלייכצייטיק אַזויפיל האַס צו די דייטשע מערדער.

ווען נישט די טרויעריקע צייט פון דער אָקופּאַציע וואָלט דער אָרעמער ביטשוטשער טרעגער פאַרבייגעגאַנגען אין לעבן אומבאַמערקט. דער דאָזיקער פּשוטער טרעגער האָט אַרויסגעוויזן אַ געוואַלדיקע ענערגיע, אַ גרויסע



הענריק בערלאַס, פסעווד. „דענטיסט״

פיזישע און גייסטיקע קראַפט, און אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, וואָס האָט געציילט איבער אַכציק מענטשן.

אונטער זיין אויפזיכט ווערט אויסגעבויט אין דעם ליימיקן באָדן אַ טונעל, וואָס ציט זיך אויף הונדערטער מעטער מיט אויסגאַנגען אין אַלע זייטן. ער ראַטעוועט אויך די אָפּטיילונג פון אַ זיכערן טויט, בעת זי ווערט אַרומגערינגלט פון דייטשן און אוקראַאינישע פּאַשיסטן.

אין מערץ 1943 איז צו דער דאָזיקער אָפּטיילונג געקומען העניק בערלאַס, פּסעוודאָנים „דענטיסט". ער איז געקומען נישט מיט ליידיקע הענט. ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ קורץ אָפּגעשניטן געווער, וואָס ער האָט געקויפט ביי אַן אוקראַאינישן הויזוועכטער און אַלס צאָן־דאָקטאָר האָט ער אויך געהאַט מיט זיך אַ ביסל מעדיקאַמענטן.

ער האָט גראָד אָנגעטראָפן אויף דער צייט, ווען די אָפּטיילונג איז צוגעטראָטן בויען דעם גרויסן סטראַטעגישן טונעל. די אַרבעט איז געווען אַ געוואַלדיק שווערע. ממש מיט ליידיקע הענט האָט מען געריסן דעם ליימיקן באָדן. אויף אַ סך ערטער האָט מען אָנגעטראָפן אויף זשוויר און שטיינער, אָבער אַלץ האָט דער שטאַרקער ווילן גובר געווען.

די מענטשן האָבן דאָ געלעבט ווי אין די אוראַלטע צייטן אין היילן, וועלכע מען האָט מיט יעדן טאָג אויסגעבעסערט און אויסגעברייטערט. דאָס איז אָבער פּאַר „דאָלעקן" נישט געווען גענוג. „מיר זענען נישט געקומען אין די קאָראָפּיעצקער וועלדער אויף דאַטשע, אין דער צייט, ווען מען קוילעט אויס אונדזער גאַנץ פּאָלק" — פלעגט ער זאָגן. „דאָלעק" האָט נאָר געקלערט וועגן נקמה.

אין יולי 1943 האָבן אויף זיין באַפעל זיך געשטעלט עלף מאַן. כמעט אַלע זענען געווען באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן. דוד האָט יעדן פון זיי אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז צו די פיס און זיינע גוטמוטיקע אויגן האָבן ווי געזאָגט: „געדענקט, איר גייט אין אַ וועג, פון וועלכן עס קאָן אַמאָל זיין, אַז איר וועט נישט קומען צוריק"... האַרציק געזעגנט פון אַלע האָבן די עלף מאַן אונטער זיין אָנפירונג זיך געלאָזט אין וועג, אין דער ריכטונג פון זלאָטי־פּאָטאָק.

עס איז געווען אַ העלער זומערדיקער טאָג. ביי אַלע איז געווען אַ מונטער געפיל, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אויף אַן איינגעלאַדענער שמחה. דער ציל איז געווען דאָס דאָרטיקע אוקראַאינישע פּאָליציי־וואַך־הויז.

„דאָלעק" האָט ספּעציעל אויסגעקליבן אַ מאַרק־טאָג, כדי עס זאָל נישט זיין אַזוי אויפפאַלנדיק דאָס באַווייזן זיך פון פרעמדע מענטשן. אין

מיטן העלן טאָג זענען זיי געקומען קיין זלאָטי־פּאָטאָק. צעטיילט אין פיר גרופּן האָבן זיי זיך גענומען דערנענטערן צום פּאָליציי־הויז, זיך קאָנטאַק־טירנדיק צווישן זיך בלויז מיט די אויגן.

די באַשטימטע גרופּע האָט גלייך איבערגעשניטן די טעלעפאָן־פאַר־בינדונג און אַלע זענען אין דער זעלבער צייט אַריין אין בנין.

— הענדע האָך! — האָט „דאָלעק" אויסגעשריגן אויף דייטש — און מיט אַ ריזן־קלאַפּ דעם ערשטן פּאָליציאַנט אַנידערגעשליידערט אויף דער ערד.

זיין דונערדיק קול, זיינע אויגן האָבן געשפּריצט מיט האַס און פאַר־ביטערונג צו די פאַשיסטישע פּאָליציאַנטן. ווי די לעמעלעך זענען זיי געַ־פאַלן צו די פיס און געבעטן מען זאָל זיי נישט דערשיסן. אָבער „דאָלעקס" האַנט האָט אַפילו נישט געגעבן אַ ציטער, און אַלע פיר אוקראַיִנישע פּאָלי־ציאַנטן זענען געבליבן אויפן אָרט.

אַלץ איז צוגעגאַנגען שטיל און אין ערשטן מאָמענט אַפילו פון קיינעם נישט באַמערקט. אין דעם גרויסן טומל פון מאַרק־טאָג האָבן זיי פאַרלאָזט זלאָטי־פּאָטאָק מיט אַ קעסטל גראַנאַטן, פינף ביקסן און פיר רעוואָלווערן פון גרויסן קאַליבער מיט אַמוניציע.

זייער צוריקקער איז פאַר דער גאַנצער אָפּטיילונג געווען אַן אמתדיקער שמחת־תורה. אַ סך האָבן פאַר פרייד געוויינט, נאָר „דאָלעקס" קיילעכדיק גוטמוטיק געזיכט האָט אויסגעדריקט אַ מאָדנעם אומעט.

— זאָלן זיי וויינען — האָט ער געזאָגט צום „דענטיסט" מיט אַ פאָטער־לעכער שטימע, ווי ער וואָלט זיך וועלן פאַר עפּעס פאַרענטפערן — פון צייט צו צייט מוז דער מענטש אַ ביסל זיך אויסוויינען, דאָס האַרץ זאָל נישט דערטרונקען ווערן אין די טרערן.

*

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די דייטשן האָבן באַשלאָסן זיך אָפּצורעכענען פאַר ליקווידירן דאָס פּאָליצייאישע וואַך־הויז.

עס איז געווען אַ טריבער נאָכמיטאָג. די מענטשן פון דער אָפּטיילונג זענען געווען פאַרנומען ביי מיליטערישע איבונגען, ווען מיטאַמאָל זענען זיי געוואָרן אַליאַרמירט, אַז גרויסע אָפּטיילונגען פון זשאַנדאַרמעריע און אוקראַיִנישער פּאָליציי רינגלען אַרום דעם וואַלד.

אויף דעם באַפעל פון דודן האָבן אַלע פאַרנומען פאַרטיידיקונגס־

פּאָזיציעס. טראָץ דער קליינער צאָל פון וואָפן און אַמוניציע איז באַשלאָסן געוואָרן פאַר יעדן פּרייז אויפצונעמען דעם קאַמף.

די פאַשיסטן האָבן גלייך געגומען באַשיסן דעם וואַלד, דערנענטערנדיק זיך שנעל צום ראַנד. די ערשטע זאַלפּן פון די פּאַרטיזאַנער באַגלייט מיט גראַנאַטן האָבן זיי ביטער אַנטוישט. זיי האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט איבערהויפּט זיך אָנצוטרעפן אויף אַ ווידערשטאַנד... זייער פּאַראַד־מאַרש האָט זיך מיטאַמאָל פאַרענדיקט און די אויפרייסן פון גראַנאַטן האָבן זיי געצוווּנגען זיך צופּרעסן צו דער ערד. דאָס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט. די היטלעריסטן זענען שנעל אַריבער אין אָנגריף און די קליינע רעזערוון פון אַמוניציע ביי די פּאַרטיזאַנער האָבן גענומען זיך אויסשעפּן...

אויף דעם באַפעל פון אָנפירער האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך אָנגעהויבן צוריקציִען נענטער צום בונקער, מיטנעמענדיק מיט זיך פינף טויטע.

די אוקראַיִנישע פאַשיסטן האָבן ביסלעכווייז זיך גענומען אַריינרייסן אין וואַלד.

— אַלע נישט קאָמפּעטענטן? דעקן זיך אין טונעל! — איז געפאַלן אַ באַפעל.

טראָץ דער נישט־גינסטיקער לאַגע, אין פאַל פון דערנענטערן זיך פון די פאַשיסטן, זענען זיי אָבער דערווייל געווען געשיצט פון דעם שווערן פיינטלעכן פייער.

דער נישט־גלייכער קאַמף האָט געדויערט עטלעכע שעה. דער קאַמפּס־מוט טראָץ די גרויסע פאַרלוסטן איז נישט געוואָרן אויף קיין האָר גע־מינערט. פאַר די פּאַרטיזאַנער איז געשטאַנען איין ציל — די ברוינע קאַניבאַלן און זייערע מיטהעלפער מוזן טייער באַצאָלן פאַר זייער לעבן...

אַרום איז דער וואַלד געווען פאַרזייט מיט טויטע און פאַרוווּנדעטע. די פּאַרטיזאַנער זענען אָפּגעגאַנגען אין בלוט... ס'איז שוין נישט געווען קיין צווייפל אַז אין דעם קאָראַפּיעצקער וואַלד וועלן זיי אַלע געפינען זייער קבר... צוהילף אָבער איז געקומען די נאַכט. די היטלעריסטן האָבן איבערגעריסן דאָס פייער זיכער מיט דעם ציל גלייך אינדערפרי צו פאַר־ענדיקן זייער בלוטיקן שפּיל.

די פּאַרטיזאַנער האָבן אויסגענוצט די נאַכט און געמאַכט אָנשטרענ־גונגען זיך אַרויסצורייסן פון פיינטלעכן קלעם. אָבער בלויז אַ קליינער גרופּע איז געלונגען זיך דורכצושלאָגן אין דער ריכטונג פון די טישמיע־ניצער וועלדער.

# דער איבערפֿאַל אויף דעם דייטשן גוט „מייער האָף" אין האַריכלאַדע

עס איז שוין געווען האַרבסט 1943, ווען זיי האָבן אין די טישמיעניצער וועלדער אָנגעהויבן בויען זייער נייע „פּאַרטיזאַנישע היים". די וואַרעמע טעג זענען שוין געהאַט פֿאַרביי, די פֿאַרנאַכטן זענען שוין געווען קילערע. וואָס אַמאָל איז די נאַכט צוגעפֿאַלן געשווינדער און איידער מען האָט זיך אומגעקוקט האָט די זון זיך שוין אַראָפּגעלאָזט אין אַן אַנדער ווינקל וואַלד און פֿאַררויטלט אַ גאַנץ אַנדערן אָפּשניט, ווי מיט עטלעכע וואָכן צוריק. זיי האָבן געלעבט אויף דער שויס פֿון דער נאַטור און באַמערקט אַלע אירע ענדערונגען. אויף דער נשמה ביי יעדן איז געווען קאַלעמוטנע. עס איז נאָך פֿריש געווען די ווונד פֿון דער שווערער שלאַכט אין די קאַראָפּיעצקער וועלדער... נאָר דוד האָט שוין געגרייט אַ נייע אַקציע...

דאָס מאָל אויף דעם דייטשן גוט „מייער האָף", וואָס האָט זיך געפֿונען אין דעם דאָרף האַריכלאַדע, ניין קילאָמעטער פֿון דעם שטעטל קאַראָפּיעץ.

עס האָט אַרויסמאַרשירט אַ גרופּע פֿון אַכט פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דוד־„דאַלעק". עס איז געווען אַ טריבער נאָכמיטאָג, ווי ביי אַלע אויף דעם האַרצן. מען איז געגאַנגען מיט איין געדאַנק — נקמה... ווען זיי זענען אַרויס פֿון וואַלד האָט גענומען טריפֿן אַ דריבניטשקער רעגן, נאָר קיינער האָט דערויף נישט געלייגט קיין אַכט. די פֿאַרביטערונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיך נישט גערעכנט מיט דעם אייגענעם לעבן.

ביינאַכט האָבן זיי אַרומגערינגלט דעם הויף און געעפֿנט אַ פֿייער אויף דער געביידע, וווּ עס האָבן זיך געפֿונען די שומרים פֿון דעם גוט. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן זיך שנעל אָריענטירט אין דער געשאַפֿענער סיטואַציע און איבערגעלאָזט אַלץ אויף „גאָטס גנאַדע". די פּאַרטיזאַנער זענען דערווייל געוואָרן די האַרן אויף דעם הויף...

טראָץ דעם גרויסן „מלחמה־רויב", וואָס זיי האָבן פֿון דאָרטן אַרויסגעפֿירט, זענען זיי צוריק געפֿאָרן אַנטוישטע צוליב דעם, וואָס זיי האָבן קיינעם פֿון דער פּאָליציי נישט געכאַפּט.

מער פון אַלע איז געווען פאַרביטערט „דאַלעק" אַליין. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט מוחל זיין די שחיטה אין די קאָראָפּיעצקער־וועלדער, ווי דאָס וואָלט געווען זיין שולד. טאָג און נאַכט האָט ער געזוכט אַ געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט די מערדער פון זיינע פּאַרטיזאַנער. צום באַדויערן זענען זיי אָבער געווען צו שוואַך דורכצופירן אַ וועלכע ס'איז גרעסערע אונטערנעמונג.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט דוד אַלע צוזאַמענגענומען. יעדער האָט מיטגענומען זיין געווער, זייענדיק איבערצייגט, אַז עס גרייט זיך אַן אַקציע. אָבער ווי איבערראַשט און דערשלאָגן זענען אַלע געוואָרן, ווען „דאַלעק" האָט דערקלערט, אַז ער וויל זיך געזעגענען...

— חברים! — האָט ער אָנגעהויבן מיט זיין באַסיקער שטימע — איך גיי קיין ביטשוטש אויספירן אַן אַטענטאַט אויף אַן אויסוואורף, וועלכער האָט אויסבאַהאַלטן אַ יידישע משפחה, זי באַרויבט און דערנאָך אויסגעגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. עס וועט זיין בעסער, אַז איך וועל גיין אַליין, אָן באַגלייטער. עס וועט נישט זיין אויפפאַלנד... „דענטיסט"! — האָט ער זיך געווענדט צו בערלאַסן — אויב איך וועל נישט צוריקקומען, נעם איבער די פירונג פון דער גרופּע...

קיינער האָט נישט געפּרוווט זיך אַנטקעגנשטעלן זיין ווילן. מען האָט געוווסט, אַז אַזאַ פּרווו איז גאַנץ אומזיסט. אַלע זענען געשטאַנען ווי איינגעמויערט אין דער ערד און אים באַגלייט מיט טרויעריקע בליקן ביז ער איז פאַרשוווּנדן אין דער געדיכטעניש פון וואַלד.

דאָס איז געווען סוף יאַנואַר 1944. עטלעכע טעג שפּעטער האָט דערגרייכט די טרויעריקע ידיעה, אַז אין זיין היימשטאָט ביטשוטש איז ער געוואָרן דערקענט און אַרומגערינגלט פון פּאָליציי, וועלכע האָט פאַרלאַנגט ער זאָל זיך אונטערגעבן. ער האָט געענטפערט מיט אַ פייער פון זיין רעוואָלווער.

אַ סעריע פון פאַשיסטישע קוילן האָבן אַ סוף געמאַכט צו זיין העלדיש און פאַרביטערט לעבן...

עס איז שווער אויסצודריקן מיט ווערטער די דעמאָלטיקע שטימונג אין דער אָפּטיילונג, כאָטש יעדער האָט זיך אויף אַזאַ אומגליק געריכט...

דוד איז געפאַלן. עס האָט אים קיינער נישט געקאָנט פאַרטרעטן. זיין געשטאַלט איז פאַרבליבן אין זכרון ביי אַלע לעבן־געבליבענע פאַרטיזאַנער אויף אייביק.

פון דער גאַנצער פאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג זענען געבליבן בלויז

זעכצן מאַן, וועלכע האָבן זיך שפּעטער אָנגעשלאָסן אין דער פאַרויס־מאַרשירנדיקער רויטער אַרמיי, כדי פאָרצוזעצן דעם קאַמף, וועלכן עס האָט נישט פאַרענדיקט דער העלדישער פּאַרטיזאַנער פון ביטשוטש — דוד.

# די פּאַראַשוטיסטין יאַדוויגאַ לודווינסקאַ — סאַבינע גאָלדשלאַק, פּסעוודאָנים „העלענאַ"

שאַניעץ — איז אַ גרויס דאָרף נישט ווייט פון פּינטשעוו, וואָס ציילט אַן ערך פון צוויי טויזנט נפשות. צווישן די מלחמה־יאָרן האָבן דאָרט געוווינט איבער אַ צענדליק יידישע משפּחות ערד־אַרבעטער. ביי איינער פון די יידישע פּויערים־משפּחות מיט דעם נאָמען גאָלדשלאַק איז געבוירן געוואָרן אַ מיידל, וועלכער מען האָט אַנאָמען געגעבן סאַבינע. די דערציִונג אין דער דאָרפישער סביבה, די ספּעציפישע באַדינגונגען און איבערהויפּט דאָס אָרט לעבן פון מענטשן, וואָס ווידמען זיך דער ערד־אַרבעט, האָבן געלייגט דעם חותם אויף דער נאַטור פון סאַבינען און באַווירקט איר וויטערדיקן לעבנס־וועג. איר דרייסטקייט, עקשנות און אויסדויער האָבן זי נישט איין־מאָל אַרויסגעפירט פון שווערע פאַרלעגנהייטן, אין וועלכע זי האָט זיך שפּעטער געפונען בעת דער געפערלעכער אַרבעט, וואָס די פּאַרטיי האָט איר אָנפאַרטרויט אין דער צייט פון סאַנאַציע־פּוילן און איבערהויפּט אין דער צייט פון דער גרויזאַמער היטלער־ממשלה.

זייער יונג האָט זיך דאָס מיידל אָפּגעריסן פון איר היים און זיך געלאָזט אויפן וועג פון קאַמף פאַר אַ נייער וועלט פון יושר און גערעכטיקייט. אין עלטער פון קוים פופצן יאָר טרעפן מיר זי אין לאָדזש ביי דער מאַשין אַלס שפּינערין. איר אַרבעטס־וואָך איז דעמאָלט געווען צוויי און זיבעציק שעה. אויף אירע יונגע פּלייצעס דערפילט זי די עקספּלאָאַטאַציע, וואָס האָט איר געגעבן אַ פּראַקטישע לעקציע פון קלאַסן־קאַמף. דאָ ביי דער מאַשין געפינט זי שנעל דעם וועג צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען וואַרפט זיך סאַבינע אַריין אין די רייען פון קאַמף, גייענדיק שטענדיק אין די פאָדערשטע רייען. אין יאָר 1928 זעען מיר זי שוין אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק.

דאָס יונגע מיידל האַלט זיך ווירדיק פאַר די שופטים פון דער סאַנאַ־צישער גערעכטיקייט, וואָס הייבט איר אויטאָריטעט אין די אויגן פון אַלע אירע קאַמפּס־חברים.

אין אַ צייט אַרום טרעפן מיר זי אין דער אָנפירונג פון קרייז־קאָמיטעט



יאַדוויגאַ לודווינסקאַ — סאַבינע גאָלדשלאַק, פּסעוו. „העלענאַ"

פון ק.פּ.פּ. אין קראָקע, שפּעטער אין ביעלסק. די רעוואָלוציאָנערע טעטי־קייט פּילט אויס איר גייסטיק לעבן און באַשטימט איר אומאויפהערלעכע ווייטערדיקע אַנטוויקלונג.

דעם גרויסן צוטרוי, וואָס די פּאַרטיי וויזט אַרויס צו סאַבינע גאָלד־שלאַק, באַשטעטיקט דער פֿאַקט, וואָס אין יאָר 1932 ווערט זי אַרויסגעשיקט אַלס דעלעגאַט פון דאָמבראָווער זאַגלעמביע אויפן זעקסטן פּאַרטיי־צוזאַמענ־פאָר פון ק.פּ.פּ. קיין ראַטנפאַרבאַנד.

אין יאָר 1934 ווערט סאַבינע גאָלדשלאַק פאַראורטיילט אויף פיר יאָר געפענגעניש און מיט פיר יאָר שפּעטער, אין 1938, דערמאָנט מען זיך אין אירע „אַלטע זינד" און זי באַקומט פרישע אַכט יאָר שווערע תּפיסה.

דאָ אין די קאַמערן פון פאָרדאָן, אין וועלכע עס שמאַכטן איבער 250 פרויען, נישט זעלטן אַליין צווישן פיר נאַסע, שווייגנדיקע ווענט, פירט סאַבינע אונטער אין אירע געדאַנקען דעם סך־הכל פון איר יוגנט, פון איר לעבן ביים טאָטן דעם אָרעמען פויער, ווו נישט שטענדיק איז געווען אַלץ צו דער זעט, און זי בלייבט נאָך פעסטער אין אירע איבערצייגונגען וועגן איר גערעכטן קאַמף.

אין דער פאָרדאָנער תּפיסה קומען פאָר לעקציעס פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע, היסטאָרישן מאַטעריאַליזם, אינ־טערנאַציאָנאַלער סיטואַציע, מאַטעמאַטיק און פּוילישער שפּראַך. אין דעם אַלעם נעמט סאַבינע זייער אַן אַקטיוון אָנטייל. עס ווערן באַהאַנדלט פאַר־שידענע פראַגן, ווי אַזוי זיך צום בעסטן פאַרטיידיקן קעגן די ווייטערדיקע געפאַרן, ווי אַזוי אָרגאַניזירן דעם קאַמף קעגן פּאָליטישע אָנגריפן, אַנטי־סעמיטיזם, פּאָגראָמען, נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג, פאַר דער פולער גלייכ־באַרעכטיקונג פון אַלע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. די תּפיסה פאַרוואַנדלט זיך פאַר סאַבינע גאָלדשלאַק אין אַ שול פון לעבן.

אין דער פאָרדאָנער תּפיסה האָט סאַבינען געטראָפן דער היטלעריס־טישער אָנפאַל אויף פּוילן. די וועכטער זענען זיך צעלאָפן און עס איז געקומען דער באַפעל פון דער תּפיסה־קאָמונע: אַליין זיך באַפרייען!

מיט אַ סך אַנדערע פּליטים לאָזט זיך סאַבינע אין די מזרחדיקע געביטן פון לאַנד און נאָך דעם אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה קומט זי קיין ראַטנפאַרבאַנד אין דער וואָראָשילאָווגראַדער אָבלאַסט און הייבט אָן אַרבעטן אין קאָלכאָז פון דער לוגאַנסקער סטאַנציע אַלס געוויינלעכע פעלד־אַרבעטערין.

די דערפאַרענע רעוואָלוציאָנערין און קעמפערין גיט זיך אָפּ אַ דינ־

POLSKA RZECZPOSPOLITA
LUDOWA

LEGITYMACJA

Nr G-8634

WARSZAWA

dn. 14 lipca 1962 r.

UCHWAŁA RADY PAŃSTWA

z dnia 14 lipca 1962r.

odznaczony(a) został(a)

Ob. LUDWIŃSKA

Jadwiga

ORDEREM
SZTANDARU PRACY I KL.

PRZEWODNICZĄCY
RADY PAŃSTWA

די לעגיטימאַציע וועגן דער אויסצייכענונג פון יאַדוויגאַ לודווינסקאַ־גאָלדשלאַק
מיטן אָרדן פון אַרבעטס־פאָן 1־טע קלאַס

וחשבון, אַז אויף יעדן פּלאַץ, ווו זי אַרבעט, העלפט זי דעם פראָנט, אָבער דאָך טרוימט זי וועגן אַ דירעקטן קאַמף קעגן שונא און דער געדאַנק גיט איר נישט קיין רו.

אַזוי זענען פאַריבער טעג, וואָכן און חדשים. צווישן דער פוילישער עמיגראַציע אין ראַטנפאַרבאַנד הייבן זיך אָן פאַרשפּרייטן קלאַנגען וועגן צוריקשטעלן די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פּוילן אויף דער סאָוויעטישער ערד, כדי אַריבערצופירן שפּעטער אירע קאַדרען אויף די געביטן, וועלכע זענען באַזעצט פונעם שונא, מיטן צוועק פאַרצוזעצן דעם קאַמף.

פונעם קאָלכאָז „לוגאַנסקאַ סטאַנציאַ" הייבט אָן סאַבינע פאַרשיטן מיט בריוו דעם קאָמינטערן, מען זאָל זי נישט לאָזן אויסער די רייען פון די אַלטע פאַרטייאישע קעמפער.

אין דער פוילישער איניציאַטיוו־גרופּע, וועלכע איז געווען באַרופן צו דעם ציל, זענען געווען די חברים פאַוועל פינדער און מאַרצעלי נאָ־וואָטקאָ, וועלכע האָבן סאַבינען געקענט פערזענלעך נאָך פון איר פּאָליטי־שער טעטיקייט אין לאַנד. אַ דאַנק זייער אינטערווענץ איז סאַבינע אַראָפּ־געבראַכט געוואָרן קיין מאָסקווע.

דרייסיק קילאָמעטער פון דער סאָוויעטישער הויפּטשטאָט, אין דעם קליינעם ישוב פּושקינאָ, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ספּעציעלע שול פאַר קאַדרען פון אַלע נאַציאָנאַליטעטן, וועמענס לענדער זענען געווען אָקופּירט דורך די דייטשע פאַשיסטן, כדי צוצוגרייטן פאַכלייט אויף צו אָרגאַניזירן פאַרטייאישע קעמערלעך, מיליטערישע און דיווערסיע־גרופּן, אַגיטאַטאָרן, סאַבאָטאַזשיסטן, אויסשפּירער און אַנדערע ספּעציאַליסטן, וועלכע זאָלן זיין פעאיק אַריינצוציִען וואָס מער פון זייערע לאַנדסלייט אין דער דאָזיקער אַרבעט און העלפן צעשמעטערן דעם שונא דורך אַ קאַמף אין זיין רוקן.

דאָס איז געווען אָקטאָבער 1941. סאַבינע באַקומט אַ באַפעל צו שטעלן זיך אין דער שול פון פּושקינאָ.

איבער אַ האַלב יאָר האָט געדויערט די לערע און די צוגרייטונגען צו דער גרויסער און לאַנג־אויסגעבענקטער אַרבעט.

אין רעזולטאַט פון אַ שמועס צווישן סאַבינען מיטן גענעראַל סעקרעטאַר פון קאָמינטערן — געאָרגי דימיטראָוו איז באַשימט געוואָרן, אַז זי זאָל אַראָפּגעוואָרפן ווערן אויפן פוילישן געביט שוין מיט דער צווייטער גרופּע.

אין דער נאַכט פון 19 אויפן 20 מאַי 1942 זענען מיט אַן עראָפּלאַן אַרויסגעשיקט געוואָרן אַכט פערזאָן. דאָס זענען געווען: סאַבינע גאָלדשלאַק, מאַלגאָזשאַטאַ פאָרנאַלסקאַ, יאַנעק קראַשיצקי, אַלעקסאַנדער קאָוואַלסקי,

מיעטעק היימאַן, יאַן גרושטשינסקי, פיאָטר דראָנזשקעוויטש און וואַצלאַוו סטעץ.

פיר פון זיי זענען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אויפן וואַרשעווער געביט. סאַבינע און נאָך דריי חברים זענען געשפרונגען אין די לוקאָווער וועלדער אין דער געגנט פון לובלין.

דער באַשטימטער טרעף־פונקט פאַר סאַבינען האָט געדאַרפט זײַן די וווינונג פון דער משפחה פון איר מיטקעמפער — יאַן גרושטשינסקי, וועלכער האָט געוווינט אין שטעטל קאָזשעניץ, קעלצער קרייז.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז גראָד דעמאָלט, ווען סאַבינע איז געקומען אין שטעטל, איז דאָרט פאָרגעקומען די גרויסע טראַגעדיע פון די דאָרטיקע יידישע איינוווינער. די היטלעריסטישע פעלקער־מערדער זענען אין דעם טאָג צוגעטראָטן צו דער ליקווידאַציע פונעם קאָזשעניצער געטאָ... די דער־פאַרענע קאָנספּיראַטאָרקע סאַבינע גאָלדשלאַק האָט זיך אָבער נישט פאַר־לוירן. נישט קלערנדיק לאַנג, לאָזט זי זיך אין דער ריכטונג פון קלויסטער. נאָכן אָפּגעריכטן געבעט גייט זי צוזאַמען מיט אַלע גלויביקע אין אַ פּראָ־צעסיע איבער די גאַסן פון דער שטאָט, ביז זי דערגרייכט צום הויז פון דער משפחה גרושטשינסקי.

# אין דרומדיקן געביט פון פוילן

סאַבינע גאָלדשלאַק הייבט איצט אָן אַ נייעם פעריאָד אין דער געשיכטע פון איר לעבן אונטער דעם נאָמען יאַדוויגאַ לודווינסקאַ, פסעוו. „העלענאַ".

ווי ס'איז שוין פון פריִער באַשטימט געוואָרן, האָט זי באַדאַרפט זיין טעטיק אין דרומדיקן טייל פון לאַנד. זי קומט קיין קראָקע. דאָ קניפּט זי אָן אַ קאָנטאַקט מיט דעם באַקאַנטן אונטערערדישן קעמפער ראָמאַן שליוואַ און הייבט אָן אַרבעטן אין קרייז־קאָמיטעט פאַר דער שטאָט קראָקע, שפּעטער קומען לויט דער ריי ריישע און קעלץ.

וועגן יאַדוויגאַ לודווינסקאַ דערציילט דער פירער פון דער פוילישער פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג אויפן נאָמען פון „לודוויק וואַרינסקי" — יוזעף זאַיאָנץ אין זיין בוך „טאָטשילי שיען באָיע":*)

„איך ווער באַשטימט אַלס אָנפירער פונעם אָקרענג פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע" — פּאָדהאַלע. איך קום קיין באָכניע. דאָ קניפּ איך אָן אַ קאָנטאַקט מיט יאַדוויגאַ לודווינסקאַ, כדי איבערצונעמען ביי איר די מענטשן, מיט וועלכע זי איז געווען אין פאַרבינדונג אויף דעם געביט, ווייל זי האָט אויך געדאַרפט טוישן דעם קרייז פון איר טעטיקייט.

יאַדוויגאַ לודווינסקאַ, פּסעוודאָנים „העלענאַ" — אַ טוערין פון ק.פּ.פּ. — אין די יאָרן פון אָקופּאַציע — אַן אָרגאַניזאַטאָר פון פּ.פּ.ר., ג.ל. און א.ל. אַ מיטגליד פון VI קרייז־קאָמיטעט פון פּ.פּ.ר. סעקרעטאַר פונעם 10־טן קרייז פּ.פּ.ר., שפּעטער דער פאַרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי אין פּלאָצקער קרייז".

(זייט 72)

„יאַדוויגאַ לודווינסקאַ איז געווען אַ מוסטער פון איבערגעגעבנקייט, שוווּנג און ענערגיע. אין שמועס האָט זי געקאָנט אַריינברענגען אַ סך הומאָר און לוסטיקייט. זי האָט געקאָנט האַרציק

*) פאַרלאַג „טשיטעלניק", וואַרשע 1965.

זיך ענטוזיאַזמירן מיט יעדער געלונגענער אַקציע. יאַדוויגאַ האָט זיך אונטערגענומען יעדן מאַרש, ווען אַפילו זי איז נאָר־וואָס געהאַט צוריקגעקומען פון אַ גאָר וויטן וועג".

(זייט 237)

„פאַר יאַדוויגען האָט נישט עקזיסטירט קיין אָרט, ווו זי זאָל נישט קאָנען צוקומען. איבערגעטאָן אין קליידער פון אַ פויערטע מיט אַ קיישל אָדער טאָרבע מיט נאָדלען, זייף, קאָפּ־טיכלעך, וועלכע זי האָט, פאַרשטייט זיך, קיינמאָל נישט פאַרקויפט, פלעגט זי אויס־פירן יעדע אָנפאַרטרויטע אַרבעט אין געביט.

איינמאָל האָט זי פאַרהאַלטן אַ „גראַנאַטאָוועր" פּאָליציאַנט נעבן דאָרף ריבני, יאַדוויגאַ האָט זיך אים אויסגעוויזן עפּעס פאַרדעכטיק — און ער האָט זי געפרעגט:

— זענט איר נישט אַמאָל אַ יידישקע?

יאַדוויגע האָט נישט לאַנג קלערנדיק אַ זאָג געטאָן:

— וואָס? אין נאָמען פון פאָטער און זון — האָט זי זיך איבער־געצלמט. — איר זענט אפשר משוגע געוואָרן? — נישט לאָזנדיק אים נאָכטראַכטן, האָט זי זיך אויסגעדרייט און אַוועקגעגאַנגען, נישט ווייזנדיק אים אַפילו איר קענקאַרטע".

(זייט 239)

„יאַדוויגאַ לודווינסקאַ איז געווען אַן אומדערמידלעכע טוערין מיט אַ גרויסער איבערצייגונגס־קראַפט. איך האָב אַ סך מאָל — דערציילט וויטער יוזעף זאַיאָנץ — אָנטיילגענומען אין אירע טרעפונגען מיט פויערים אין דאָרף מיענקיני. דאָ איז אַ סך פריִער ווי אין אַנדערע דערפער געקומען צו אַ צוזאַמענאַרבעט צווישן די מיטגלידער פון פּ.פּ.ר. און פּ.פּ.ס. — דערפירט האָט דערצו נישט קיין אַנדערע ווי יאַדוויגאַ לודווינסקאַ.

אַלע האָבן זי דאָ געקענט. פויערים — מיטגלידער פון פּ.פּ.ס. און אויך זעלנער פון א. ק., וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין אונדזערע דיסקוסיעס. אַ סך פון זיי זענען ביים סוף פון יאָר 1943 און אין יאָר 1944 אַריבער צו דער פוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי און צו דער פאָלקס־אַרמיי".

(זייט 240)

*

ריישע איז געווען די דירעקטע באַזע פאַרן מזרח־פראָנט. דורך דעם טייל לאַנד האָבן זיך געצויגן די וויכטיקסטע באַן־ליניעס. דורך איינער פון זיי, די ליניע קראָקע — לעמבערג, זענען געגאַנגען אָן אויפהער טראַנספּאָרטן מיט מיליטער און אַמוניציע אויף מזרח און מיט לעבנס־מיטל קיין דייטשלאַנד.

די דייטשן האָבן זיך דאָ אָנגעשטעלט אויף אַ ספּעציעלן טעראָר לגבי דער באַפעלקערונג. פאַר יעדן מינדסטן חטא אָדער פאַרנאַכלעסיקונג ווענדן זיי אָן די האַרבסטע שטראָף. מיט דער גאַנצער קאָנסעקווענטקייט פירן זיי דאָ זייער רויב־פּאָליטיק פון צווינגען די פּויערים צוצושטעלן פאַר־שידענע קאָנטינגענטן. אין צוזאַמענהאַנג מיט די דאָזיקע קאָנטינגענטן ווערט פאַרבאָטן דער פרייער האַנדל מיט פאַרשידענע ערד־פּראָדוקטן. די קאַרטן אויף לעבנסמיטל פאַר דער פּוילישער באַפעלקערונג מאַכן דאָ אויס נישט העכער פון 300 קאַלאָריעס פאַר אַ מענטש טעגלעך.

אין געביט פון ריישע אָרדענען די דייטשן איין פּאָליגאָנען פאַר דער עס־עס. אין יאָר 1943 ווערט אין דאָרף בליזנאָ אָרגאַניזירט אַ ראַקעטן־באַזע, מאַגאַזינען פאַר די געשיצע „פאַו־2". די באַפעלקערונג ווערט עוואַקוּאירט. אַ גרויסער טייל ווערט אַרויסגעשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייטשלאַנד. די שולן זענען אין גרעסטן טייל פאַרמאַכט. די היטלע־ריסטן אונטערדריקן דאָ די באַפעלקערונג נישט בלויז אויפן מאַטעריעלן געביט, נאָר אויך אויפן קולטורעלן. — אין דער סיטואַציע הייבט אָן יאַדוויגאַ לודווינסקאַ איר טעטיקייט אויפן געביט פון ריישע.

נישט אויף קיין קליינע שוועריקייטן ביי דער אַרבעט שטויסט זי זיך אָן צוליב דער צעשפּליטערונג פון דער באַפעלקערונג אויף פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען, ווי: ז.וו.ז. און א.ק., וועלכע האָבן אויסגעפירט די באַפעלן פון דער לאָנדאָנער עמיגראַנטן־רעגירונג; עס הייבן אָן זייער טעטיקייט שוין אין יאָר 1940 אַלטע טוער פון פּ.פּ.ס.; ס'פעלן אויך נישט קיין אָנהענגער פון נ.ס.ז., וועלכע האָבן דירעקט מיטגעאַרבעט מיטן אָקופּאַנט; אָפּטיילונגען פון ב.כ. און אַנדערע.

אין אַזעלכע באַדינגונגען אָרגאַניזירט העלענאַ צוזאַמען מיט אירע פּוילישע חברים סטאַניסלאַוו זשאַיאַ און אַוגוסטין מיצאַל דעם פּאָדקאַר־פּאַצקי־קאָמיטעט פון פּ.פּ.ר. „נאַפּטאַ".

זיי טרעטן צו מיט גרויס פלייס צו אַ שטאַרק־פאַרצווייגטער אַרבעט פון אָרגאַניזירן פּאַרטייאישע קעמערלעך און אָפּטיילונגען פון דער „פּאָלקס־גוואַרדיע". פרילינג 1943 ווערט אָרגאַניזירט די רעדאַקציע פון דער

צייטשריפט „יעדנאָשטש כלאָפּסקאָ־ראַבאָטניטשאַ״. דער קרייז פון פּ.פּ.ר. „נאַפּטאָ״ גיט אַרויס די „טריבונאַ פּאָדקאַרפּאַצקאַ״. אירע רעדאַקטאָרן זענען יאַדוויגאַ לודווינסקאַ און פּאַוועל קאַרפּ.

די אָפּטיילונגען פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע״ פירן אין משך פון דער צייט דורך צענדליקער קאַמפּס־אַקציעס קעגן שונא און נישט ווייניק סאַ־באָטאַזש־ און דיווערסיע־אַקטן אויפן נאָפט־געביט און טראַנספּאָרט.

עס איז כדאַי אונטערצושטרייכן, אַז איינע פון די ערשטע אָפּטיילונגען פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע״, וועלכע איז אַנטשטאַנען אויפן ריישער געביט און זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין קאַמף קעגן די דייטשע באַרבאַרן, איז געווען די יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון לייבקע בירמאַן.

דאָס זענען געווען יידן, וועלכע זענען מיט דער הילף פון שוין דער־מאָנטן חבר אַוגוסטין מיצאַל אַרויסגעפירט געוואָרן פון ריישער געטאָ. אין דער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג זענען אויך געווען יידן פון קראָקע און אַנדערע.

צום באַדויערן איז די העלדישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג פון לייבקע בירמאַן אין סוף פון יאָר 1942 אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן אין אַ קאַמף קעגן די ברוינע קאַניבאַלן.

וועגן דער גרויסער געוואַגטקייט און שרעקלאָזיקייט פון יאַדוויגאַ לודווינסקאַ־גאָלדשלאַק באַווייזט אויך דער פאַקט, וואָס זי לאָזט זיך אַליין אין דעם שכנותדיקן דאָרף מלאָדזאַווע, ווו עס געלינגט איר צו אָרגאַניזירן עטלעכע פּאַרטיי־קעמערלעך און אַן אָפּטיילונג פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע״.

צוזאַמען מיט דער גרויסער געפאַר, וואָס עס דראָט יאַדוויגען מצד די הילטעריסטן, ווערט נאָך אויף איר און אַנדערע קאַמפּס־חברים אין יאָר 1944 אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל דורך דער אָנפירונג פון די היימישע פאַשיסטן אונטער דעם לאָזונג „אַקציאַ — ווזשוד *).

יאַדוויגאַ לודווינסקאַ — „העלענאַ״ איז שטענדיק געווען אויף דער ערשטער פראָנט־ליניע פון די פּאַרטיזאַנישע רייען, שטענדיק דאָרט, ווו די פּאַרטיי און פאָלקס־אַרמיי האָבן זיך געניייטיקט אין פעיקע און שרעק־לאָזע מענטשן.

מאַי 1944 ווערט לודווינסקאַ דעלעגירט אין וואַרשעווער געביט, ווו זי איז שוין טעטיק ביז צו דער באַפרייאונג.

---

*) אַרכיוו מ. ס. וו., וואַרשע, סיגנ. 1140.

# די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג „זאַ וואָלנאָשטש אויטשיזני״ און איר אָנפירער יצחק גוטמאַן־סקוטעלי, פּסעוו. „זיגפריד״ *)

איינער פון דער גרויסער צאָל אָפיצירן, וואָס זענען אויסגעשולט געוואָרן אין „שטורעם־באַטאַליאָן״ מיט דעם ציל שפּעטער אַראָפּגעוואָרפן צו ווערן אַלס דיווערסאַנט אויף דעם פּוילישן באַזעצטן געביט, איז געווען דער לאָדזשער בחור יצחק גוטמאַן.

דעם 2־טן יוני 1944 זענען אויף פּאַלשירעמס געשפּרונגען אַ גרופּע אָפיצירן, אונטעראָפיצירן און אינסטרוקטאָרן אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנישער פּאַראייניקונג „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ״ — פּולקאָווניק ראָבערט סאַטאַנאָווסקי אין דער געגנט פון לאָווישווו.

סאַטאַנאָווסקי האָט שוין דאָ געהאַט אַ טייל פון זיינע פּאַרטיזאַנער און איצט איז ער צוגעטראָטן צו פאַרמירן נייע אָפּטיילונגען פון צווישן דער דאָרטיקער באַפעלקערונג. עס ווערן אָנגעקניפּט קאָנטאַקטן מיט די פריערישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען — „באַטאַליאָני כלאָפּסקע״ און מיט די אָפּטיילונגען פון דער „פּאָלקס־אַרמיי״. טראָץ דער נעגאַטיווער שטעלונג פון דער אָנפירערשאַפט פון א. ק. קומט אויך צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט זייערע אָפּטיילונגען, כדי אויסצומיידן קעגנזייטיקע קאָנפליקטן און איבערפאַלן.

די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ״ שטעלט זיך אין ענגער פאַרבינדונג מיט דער אָנפירערשאַפט פון ב. כ. אין וולאָדאַווער קרייז. עס אַנטשטייען נייע אָפּטיילונגען פון די פריערישע באַטאַליאָנען און צווישן זיי די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אויפן נאָמען „זיעמיאַ פּאָדלאַסקאַ״, וועמענס אָנפירער ס׳איז טעאָדאָר דודאַ און זיין פאַרטרעטער דער פּאָרוטשניק יצחק גוטמאַן, פּסעוודאָנים „זיגפריד״.

די וואָגשאָל פון זיג האָט שוין צו יענער צייט שטאַרק איבערגעצויגן אויף דער סאָוויעטישער זייט און אַ סך, וועלכע האָבן זיך ביז איצט גע־וואַקלט, האָבן אָנגעהויבן אַריבערגיין צו אַ מער אינטענסיווערן קאַמף קעגן

---

*) דאָקומענטן פון א.ז.ה.פ.

די דייטשן. עס טרעטן אויך צו אַ סך אָפּטיילונגען פון די פויערישע באַטאַליאָנען צו אַ געמיינזאַמען קאַמף מיט די פּאַרטיזאַנער פון א. ל. קעגן די היטלעריסטן און קעגן די היימישע פאַשיסטן, וואָס רופן זיך „נאַראָ־דאָווע שילי זבראָינע".

איינער פון די ערשטע, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די אָפּ־טיילונגען פון א. ל. איז געווען דער פירער פון אַ פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג פון די „פויערישע באַטאַליאָנען" — פּולקאָווניק יוזעף מאַשלאַנקאָ, פּסעוו־דאָנים „משטשיוואָ גורקאָ".

דאָס איז געווען אַ צייט פון גרויסע פּאַרטיזאַנישע אונטערנעמונגען און איינע פון זיי איז געווען די אַקציע אויף דער ליניע לוקאָוו — בזשעשטש. עס זענען דאָרט אַראָפּגעלאָזט געוואָרן פון די רעלסן דריי מיליטערישע צוגן — צוויי מיט מיליטערישע מכשירים, ביי דער סטאַציע סעקולע און איינער מיט היטלעריסטן, וואָס זענען געפאָרן אויף אורלויב פון דעם מזרח־פראָנט ביי דער סטאַציע סאַטילווו.

שוין אָפּגערעדט פון דעם גרויסן מיליטערישן שאָדן פאַר דעם דייטשן פראָנט, וואָס אַזעלכע אַקציעס האָבן גורם געווען, ווי אויך דעם לאַנגן איבעררייס פון באַן־פאַרקער אויף דער ליניע — האָבן זיי אויך געשאַפן אַ נערוועזע שטימונג און נישט־זיכער געפיל ביי די דייטשע זעלנער, אַפילו דעמאָלט, ווען ער האָט זיך שוין געפונען ווייט פון דער פראָנט־ליניע.

מיט דעם פאָרויסמאַרש פון דער רויטער אַרמיי ווערן באַפרייט אַלץ מער טיילן פון דעם אָקופּירטן געביט, אויף וועלכן עס זענען טעטיק די פּאַרטיזאַנער. פאַר פיל איז דער קאַמף פאַרעדניקט און זיי טרעטן צו צו זייערע נאָרמאַלע ציווילע באַרופן, קערן זיך אום צו זייערע היימען. אָבער דער גרעסטער טייל שליסט זיך אָן אין די רייען פון דער סאָוויעט־טישער, אָדער פּוילישער אַרמיי, כדי ווייטער צו יאָגן דעם שונא.

אויסגעשולטע דיווערסאַנטן קערן צוריק צו זייער אַלטער איינהייט, צום „שטורעם־באַטאַליאָן" נאָך נייע קאַמפּס־אויפגאַבן.

*

אויף דעם פאַרלאַנג פון דער מיליטערישער אָנפירונג פון ערשטן ווייסרוסישן פראָנט ווערן פון „שטורעם־באַטאַליאָן אַרויסגעשיקט נייע גרופּן דיווערסאַנטן און אויסשפּירער אין מערבדיקן טייל פון דעם נאָך באַזעצטן פּוילישן געביט.

POLSKA RZECZPOSPOLITA
LUDOWA

LEGITYMACJA

Nr 17860

WARSZAWA

dn. 11 września 1954 r.

Rozkazem Naczelnego
Dowódcy W.P. Nr 772
z dnia 4 września 1945 r.
odznaczony(a) został(a)
por. GUTMAN
Zygmunt
KRZYŻEM GRUNWALDU III Kl.

Kancelaria
Rady Państwa

Stanisław Sołdek

די לעגיטימאַציע וועגן דער אויסצייכענונג פון פּאָר. יצחק
גוטמאַן־סקוטעלי מיטן גרונוואַלד־קרייץ 3־טע קלאַס

פאַר דעם דערפאַרענעם פאַרטיזאַנישן פירער יצחק גוטמאַן — סקוטעלי הייבט זיך איצט אָן אַ צייט פון נייע פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבן, שווערע בלוטיקע קאַמפן און געפאַרן.

אין דער נאַכט פון 6 אויפן 7 סעפטעמבער 1944 ווערט ער נאָכאַמאָל אַראָגעוואָרפן מיט נאָך עלף אָפיצירן אין ראַיאָן פון ראַדאָמסק, ווו עס איז טעטיק די דריטע פאַרטיזאַנישע בריגאַדע פון דער פאָלקס־אַרמיי אויף דעם נאָמען פון „גענעראַל בעם".

שוין דעם 9־טן סעפטעמבער האָט די אָנפירונג פון קרייז פאַראָרדנט אַ קאָנצענטראַציע פון דער פאַרטיזאַנישער איינהייט און פון אירע אָפּ־טיילונגען אין די קאַטאַפינסקער וועלדער נישט ווייט פון דאָרף עווינאַ, כדי דורכצופירן אַ רעאָרגאַניזאַציע.

אויף דעם באַפעל האָבן זיך געשטעלט ביי אַ זעקס הונדערט פאַרטי־זאַנער, צווישן וועלכע עס זענען געווען זיבן און צוואַנציק פוילישע און סאָוויעטישע אָפיצירן.

די בריגאַדע איז איינגעטיילט געוואָרן אין דריי באַטאַליאָנען. אַלס פירער פון דער גאַנצער בריגאַדע א. ל. אויף דעם נאָמען פון „גענעראַל בעם", ווערט באַשטימט דער פוילישער קאַפיטאַן באָלעסלאַוו באָרוטאַ, פסעוודאָנים „האַניטש" און אַלס זיין פאַרטרעטער דער פאָרוטשניק יצחק גוטמאַן — סקוטעלי, פסעוודאָנים „זיגפריד".

די בריגאַדע איז גלייך צוגעטראָטן צו שולן מינערן און אויסשפיר־קאַדרען, ווי אויך אַרויסגעשיקט אַ גרופּע אויסגעשטאַט אין אויפרייס־מאַטעריאַל מיט דער אויפגאַבע צו פאַרניכטן די אַרומיקע באַן־ליניעס.

די קאָנצענטראַציע פון אַזויפיל פאַרטיזאַנער אויף אַזאַ קליינעם אָפּ־שניט איז נישט אַריבער אומבאַמערקט פון קעגנערישן צד. דעם צוועלפטן סעפטעמבער האָט די אָנפירונג באַקומען אַ מעלדונג, אַז גרויסע מיליטערישע כוחות און אָפּטיילונגען פון זשאַנדאַרמען ציִען אין דער ריכטונג פון אווינער וואַלד־אָפּשניט.

דער פּלאַן פון דער אויבערקאָמאַנדאָ פון דער ווערמאַכט (אָ.ק.וו.) איז געווען אַריינצוטרייבן די פאַרטיזאַנער אין אַ „קעסל" און פאַרניכטן. צו דעם ציל האָבן זיי אַהערגעבראַכט די זשאַנדאַרמעריע פון לאָדזש, ראַדאָמסק, טשענסטאָכאָוו און אַנדערע שטעט, וועלכע זענען געוואָרן אונטערשטיצט פון דייטשע מיליטערישע איינהייטן און אָפּטיילונגען פון וולאַסאָוויצעס... די כוחות פון שונא זענען געווען אומגעפער אַ צוועלף טויזנט מאַן, אויסגעשטאַט אין דער נייסטער באַוואָפענונג.



אַ גרופּע אָפיצירן, וועלכע זענען צוזאַמען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אַלס דיווערסאַנטן אויף דעם פּוילישן באַזעצטן געביט. דער ערשטער פון רעכטס יצחק גוטמאַן, העניריק סטעפּאַניאַק און ראָבערט סאַטאַנאָווסקי

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען די דייטשן געווען וועגן אַלעם גוט אינפאָרמירט. זיי האָבן גענומען אַרומרינגלען די געגנט און אפילו געמאַכט פּרוּוון אַריינצודרינגען טיפער אין פּאַרטיזאַנישן געביט מיט דעם ציל די איינהייט צו צעשפּליטערן אויף קליינע גרופּן, כדי זיי צו קאָנען לייכטער פאַרניכטן.

די אָנפירונג פון דער בריגאַדע האָט געהאַט אַן אויסגעאַרבעטן פּלאַן, אין הסכם מיט וועלכן די פּאַרטיזאַנער האָבן באַקומען אַ באַפעל צו „פאַרנעמען קאַמפס־פּאָזיציעס אין די וועלדער אין קרייז פון די ישובים: וואָינאָוויצע, הובע־קאַטפּינסקע, קאַטפּין, רעדזינע, זשיטנאָ, ציעזשקאָוויצע, מאַלאַ־וויעש, פּיאַסקי — און עפּענען אַ פייער נישט פריער, ווי דער שונא וועט זיין אויף אַ מהלך פון פופציק מעטער. ביים איבעררייסן דעם רינג פאַרנעמען נייע קאַמפּס־פּאָזיציעס אין רוקן פון שונא, און ביינאַכט אויסנוצן די טונקלקייט און זיך דורכשלאָגן אין די וועלדער אויף דרום פון ראַדאָמסק".

דעם דרייצנטן סעפּטעמבער איז די דייטשן געלונגען אַריינצוררייסן זיך טיפער אין וואַלד. עס קומט צו אַ קעגנזייטיקן פייער־אויסטויש. אויף אַ טייל אָפּשניטן איז אויך מעגלעך געווען אַריינצופירן אין קאַמף קלענערע און אויך גרעסערע פּאַנצער־וואַגנס.

דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביטערטער. דאָך האָט זיך די פּאַרטיזאַנער איינגעגעבן אַרויסצורייסן זיך פון קלעם און פאַרשאַפן דעם קעגנער נישט קיין קליינע פאַרלוסטן אין טויטע און פאַרוווּנדעטע. עטלעכע טאַנקען זענען אויך אויפגעריסן געוואָרן פון די אונטערגעלייגטע מינעס.

לויט דער מעלדונג פון דער אָנפירערשאַפט פון דער III בריגאַדע, זענען די אייגענע פאַרלוסטן געווען — אַכצן טויטע און עלף פאַרוווּנדעטע.

*

די שלאַכט ביי עווינע האָט באַוויזן די נויטווענדיקייט אויסצומיידן קאָנצענטראַציעס פון גרעסערע אָפּטיילונגען אויף אַ קליינעם שטח און די געפאַר, צו וועלכער דאָס קאָן דערפירן. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו צעטיילן די בריגאַדע פון „גענעראַל בעם" אויף דריי זעלבשטענדיקע באַטאַליאָנען, וועלכע זאָלן אָפּערירן אויף גאַנץ באַזונדערע געביטן.

אַלס פירער פון דריטן באַטאַליאָן, וועלכער האָט שפּעטער געטראָגן דעם נאָמען „זאַ וואָלנאָשטש אויטשיזני", איז באַשטימט געוואָרן דער ביז־איצ־

**Rozkaz nr 27**

Zbliża się czas zupełnego wyzwolenia ziem Polski spod niemieckiego jarzma.

Czerwona Armia, wraz z Polskim Wojskiem, bijąc bez przerwy barbarzyńskiego okupanta, goni go daleko za granice Polski.

W bohaterskiej walce o wyzwolenie Ojczyzny nie małą rolę odegrali partyzanci, działający pod kierownictwem Sztabu Polskich Partyzantów.

Do partyzanckich oddziałów wstępowały ogromne masy polskich patriotów, którzy jedynie w zbrojnej walce z wrogiem widzieli drogę do wyzwolenia Polski i stworzenia silnego, niepodległego i demokratycznego państwa.

Wiosną 1944 r. w związku z uaktywnieniem działalności partyzantów na terenach okupowanej Polski, wynikła konieczność stworzenia Sztabu, który by pomagał oddziałom partyzanckim i według możliwości kierował ich walką.

Sztab wykonał ogromną pracę w dziedzinie zaopatrzenia bronią, amunicją, techniką bojową i aparaturą radiową 3-go i 4-go okręgu Armii Ludowej (płk. „Michała", płk. Moczara, płk. „Grzegorza") brygad i oddziałów Klima, Gutmana i Dąbrowskiego i innych, którzy swoją heroiczną, pełną samozaparcia się i poświęcenia walką za okres swej bojowej działalności zadali przeciwnikowi następujące straty:

Wysadzono w powietrze — 210 eszelonów, — 207 lokomotyw
rozbito — 1674 wagonów, — 59 czołgów
zniszczono — 258 samochodów — 59 mostów
zabito żołnierzy i oficerów niemieckich — 18285.

Pracownicy Sztabu doskonale wywiązali się ze swoich obowiązków. Biorąc pod uwagę zasługi Sztabu, położone w dziedzinie rozszerzenia ruchu partyzanckiego w Polsce, zorganizowanie oddziałów partyzanckich, systematyczne zaopatrywanie ich w broń, amunicję i inny sprzęt wojenny, wyrażam podziękowanie Szefowi Sztabu płk. Prytyckiemu i wszystkim pracownikom Sztabu.

Oficerów i partyzantów, którzy szczególnie wyróżnili się w walkach z niemieckim najeźdźcą, przedstawić do odznaczeń.

SZEF SZTABU GŁÓWNEGO WP
*(—) Korczyc, gen. dyw.*

NACZELNY DOWÓDCA WP
*(—) Rola-Żymierski, gen. broni*

Za zgodność:
SZEF TAJNEGO WYDZIAŁU BAZY
*(—) Barbariusz, kpt. gw.*

דער באַפעל נר' 27 פון גענעראַל ראַלאַ זשימיערסקי

טיקער פאַרטרעטער פון דער בריגאַדע פּאַרטיזאַנער אויפֿגעבליבענער פּאַרטיזאַן יצחק גוטמאַן־סקוטעלי און זיין פאַרטרעטער איז געוואָרן דער פּאַרטיזאַן הענריק סטעפּאַניאַק. אַלס זייער אָפּעראַציע־געביט איז באַשטימט געוואָרן טשענסטאָכאָוו — קעלץ.

אין דער צווייטער העלפט פון חודש סעפּטעמבער האָט דער דריטער באַטאַליאָן געצויגן צו די וועלדער אין ראַיאָן פון זלאָטי־פּאָטאָק און צוגעטראָטן צו נייע אַקציעס.

פון דעם 19 סעפּטעמבער ביזן 5 אָקטאָבער 1944 האָט די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון פּאַר. יצחק גוטמאַן אונטערמינירט אויף דעם אָפּשניט טשענסטאָכאָוו — קאָניעצפּאָל זיבן מיליטערישע צוגן און איין דרעזינע. עס זענען פאַרניכטעט געוואָרן זיבן לאָקאָמאָטיוון און צוויי און פערציק וואַגאָנען. עס זענען אויך געווען אַ סך טויטע און פאַרוווּנדעטע היטלעריסטן.

אין דער זעלבער צייט האָבן די קאָמפּס־גרופּן דורכגעפירט איבערפאַלן אויף דייטשן אויף דעם וועג זשאַרקי — יאַנוּוו, ווו עס זענען געפאַלן צוואַנציק היטלעריסטן און עס איז געוואָרן פאַרניכטעט איין לאַסט־וואָגן. אין יאַנוּוו גופא ווערט צעשטערט דער שטאָט־ראָט און פאַרברענט אַלע דאָקומענטן.

עס הייבן זיך אויך אָן קאָנטער־אַקציעס מצד די דייטשן ביי דער מיטהילף פון היימישע פאַשיסטן פון ענ. עס. זעט., וועלכע אָרדענען איין לאָקערונגען אויף פאַרטיזאַנישע גרופּע, וואָס ווערן אַרויסגעשיקט מיט ספּעציעלע אויפגאַבן.

פון פּוילישן פאַרטיזאַנישן שטאַב קומט אַ באַפעל, אַז די אָפּטיילונג פון פּאַרטיזאַן גוטמאַן זאָל ציען ווייטער אויף מערב אין דער ריכטונג פון נאָווי־טאַרג, אין קרייז פון די בערג טורבאַטש.

נאָך אַ צווייוואָכנדיקן מאַרש, אויסמיידנדיק פאַרשידענע דייטשע גאַר־ניזאָנען, איז די אָפּטיילונג געקומען אויפן באַשטימטן געביט און אָנגעהויבן דאָרט איר פאַרטיזאַנישע טעטיקייט.

אין דער ערשטער ריי זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויסשפּירער אין דער געגנט, כדי אויסצוגעפינען אַ געהעריק לאַגער־אָרט אויף דער ווינטער־דיקער צייט און אויך שאַפן אַ באַזע פאַר אויפנעמען אַ „וואָרף" פון דער „גרויסער ערד".

אין דער ערשטער צייט האָט מען זיך דאָ אויף פּאָדהאַלער געביט געמוזט באַגנוגענען מיט קלענערע אַקציעס, ווי איבערשניידן די טעלעפאָן־פאַרבינדונגען, איבערפאַלן אויף קלענערע מיליטערישע אָפּטיילונגען, פאַר־שידענע סאַבאָטאַזש־אַקטן קעגן דער ציווילער פאַרוואַלטונג.

עס איז אויך נישט גרינגגעשעצט געוואָרן די אַגיטאַציע צווישן די מילי־

טערישע אָפּטיילונגען פון די וואָלאָסאָוצעס, וועלכע פיל פון זיי זענען שפּעטער אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער, כדי אויסצוקויפן זיך פון די זינד פאַר דער ביזאיצטיקער דינסט אין לאַגער פון שונא. אָבער נאָך דעם יום־טובדיקן טאָג פון 23 דעצעמבער, ווען זיי האָבן באַקומען אַ מתנה פון דער „גרויסער ערד", האָט די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג פון גוטמאַנען „זאַ וואָלנאָשטש אוי־טשיזני" זיך גענומען צו דער אמתדיקער אַרבעט.

די אָפּטיילונג האָט דעמלט געציילט הונדערט און צוואַנציק פּאַרטיזאַנער. בלויז אין די עטלעכע טעג פון 28 דעצעמבער 1944 ביז דעם 1 יאַנואַר 1945 האָבן זיי אויף דער ליניע כאַבאָווקאַ — יאָרדאַנווו, כאַבאָווקאַ — נאָווי־טאַרג, כאַבאָווקאַ — משאַנאַ — לימאַנאָוו און אויף דעם געביט פון נאָווי־סאָנטש אויפגעריסן ניין מיליטערישע טראַנספּאָרטן, דערונטער צוויי מיט מיליטער, וועלכע זענען געפאָרן צום מזרח־פראָנט — און אַלס צוגאָב צעשטערט אַ בריק.

דאָ האָט די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג געקעמפט ביז דעם 28 יאַנואַר 1945, דאָס הייסט ביז דער באַפרייאונג פון פּאָדהאַלע דורך דער פאָרויס־מאַרשירנדיקער רויטער אַרמיי.

*

לויט דער מעלדונג פון קאָמאַנדיר פּאַרטשניק יצחק גוטמאַן־סקוטעלי, האָט די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג „זאַ וואָלנאָשטש אויטשיזני" צווישן אַנדערע דורכגעפירט די פאָלגנדיקע סאַבאָטאַזש־אַקטן: *)

| | |
|---|---|
| אויפגעריסענע מיליטערישע טראַנספּאָרטן | 27 |
| פאַרניכטעטע וואַגאָנען | 186 |
| פאַרניכטעטע טאַנקען | 2 |
| פאַרניכטעטע אויטאָ־מאַשינען | 52 |
| צעשטערטע בריקן | 2 |
| צעשטערטע ראַט־הייזער | 2 |
| געטויטעטע און פאַרוווּנדעטע דייטשן | 841 |

*) דאָקומענט פון א.ז.ה.פּ. (אַרכיוו פונעם אַנשטאַלט פאַר פּאַרטיי־געשיכטע ביים צ.ק. פּ.ז.פּ.ר).

# פּראָפעסאָר
# פון דער מיליטערישער מעדיצינישער אַקאַדעמיע אין לאָדזש —
# ד״ר פּאַוועל סעגאַל, פּסעוודאָנים „סוסקי״

ד״ר פּאַוועל סעגאַל איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אַלס אויסשפּירער אין די טוכאָלער אורוועלדער, וועלכע האָבן זיך געצויגן אויף אַ גרויסן שטח אין דער גדאַנסקער וואָיעוואָדשאַפט, גראָד אין דעם טאָג, ווען די דיווערסיע־גרופּע אונטער דער אָנפירונג פון יאַן מיענטקי, פּסעוודאָנים „ווירסקי״, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „וואָלגאַ״, איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַן אָפּטיילונג עס־עס־לייט.

ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון „שטורעם־באַטאַליאָן״ אין דעם רוקן פון שונא צוזאַמען מיט דער ניינצניאָריקער יוזעפאַ קאַטינסקאַ, פּסעוודאָנים „זאָיאַ״, אַלס ראַדיסטין, כדי מיט דער הילף פון דער גרופּע „וואָלגאַ״ זיך איינצואָרדענען אין דער שטאָט בידגאָשטש, פון וואַנען זיי וועלן קאָנען איבערגעבן דער „גרויסער ערד״ די נייטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן די דייטשן אויף דעם געביט.

דער בידגאָשטשער אָפּשניט איז דאַן געווען זייער וויכטיק און פון דאָרט האָט די מיליטערישע אָנפירונג נישט געהאַט קיין שום ידיעות. דער אויסשפּירער פון דעם געביט, וועלכער איז געווען פאַרקאָנספּירירט אַלס אָפיציר פון דער דייטשער ווערמאַכט, איז אַריינגעפאַלן.

פּאַוועל סעגאַל האָט באַדאַרפט אָנגיין אַלס דאָקטאָר „פּאַוועל סוסקי״ און יוזעפאַ אַלס זיין כלה און אַסיסטענטין, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון וואַרשע אין צוזאַמענהאַנג מיטן אויסברוך פון אויפשטאַנד און זיי גייען אויף מערב, כדי צו געפינען אַ היים און אַרבעט.

אַריבערפליענדיק די פראָנט־ליניע זענען זיי אַריין אין אַ פייער פון דייטשער זעניט־אַרטילעריע. כדי אויסצומיידן אַן אומגליק, האָט דער פּילאָט אויפגעהויבן די מאַשין העכער און געענדערט דעם קורס און זיי זענען אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אויף אַ צענדליק קילאָמעטער ווייטער פון דעם באַשטימטן אָרט, ווו זיי האָבן געדאַרפט לאַנדן.

„זאָיאַ״ איז געשפּרונגען דאָס ערשטע מאָל, דעריבער איז נישט געווען דערלויבט איר צו געבן קיין צייט אויף צו קלערן, און סעגאַל איז געשפּרונגען גלייך נאָך איר, כדי זיך נישט צו פאַרלירן.

זיי האָבן געלאַנדעט אין אַ קליין וועלדל. עס איז געווען אַ שיינע נאַכט. נאָכן פאַרשטעקן זייערע פאַלשירעמס האָבן זיי זיך גלייך געלאָזט זוכן דאָס געפּעק. צום באַדויערן האָבן זיי געפונען בלויז איין זאַק. נאָך צוויי זעק, אין וועלכע ס׳איז געווען געווער און אַמוניציע פאַר די פּאַרטיזאַנער פון „ווירס־קין״, זענען, ווייזט אויס, ערגעץ הענגען געבליבן אויף אַ בוים און טראָץ זייער זוכן ביז אינדערפרי, האָבן זיי נישט געפונען.

עס איז געווען נייטיק ווי צומשנעלסטן זיך צו טרעפן מיט די אויס־שפּירער פון דער גרופּע „וואָלגאַ״.

דאָס איז געווען דעם צוויי און צוואַנציקסטן דעצעמבער 1944. ווי זיי האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט דער פירער פון דער אויסשפּיר־גרופּע „וואָלגאַ״ — יאַן מיענטקי־„ווירסקי״ — דעם זעלבן טאָג באַקומען אַ מעלדונג, אַז גרויסע כוחות פון עס־עס רינגלען אַרום זייער וואַלד־אָפּשניט.

די באַזע איז געווען גוט פאַרמאַסקירט צווישן קוסטעס אין וואַלד ביי אַ זיבן קילאָמעטער פון דער שטאָט טשערסק. טראָץ דעם איז גלייך אַלץ געשטעלט געוואָרן אין אַליאַרם־גרייטקייט. „ווירסקי״ האָט אויך באַפוילן זיין ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט צוצוגרייטן אַ קורצע מעלדונג צום שטאַב, וועלכע ער זאָל איבערגעבן ערשט דאַן, ווען עס וועט קומען צו אַ קאַמף. אין דער מעלדונג איז געווען: „מיר זענען אַרומגערינגלט. פירן אַ קאַמף. דעם דער־וואַרטן „וואָרף״ וועלן מיר היינט נישט קאָנען אויפנעמען״...

די דייטשן זענען געווען גוט אינפאָרמירט, ווו די גרופּע „וואָלגאַ״ געפינט זיך. זיי האָבן זיך דערנענטערט אין טיראַליערן פון אַלע זייטן, אָפּשניידנדיק די פּאַרטיזאַנער אַלע וועגן און מעגלעכקייטן זיך אַרויסצוציען פון זייער נעץ.

די דייטשן האָבן מאַרשירט פּאַוואָליע פאָרויס, בלויז פון צייט צו צייט געגעבן עטלעכע שאָסן אָן אַ ציל, כדי זיך צוצוגעבן מוט. זיי זענען געקומען אַלץ נענטער... „ווירסקי״ און זיינע זעלנער האָבן שוין געהערט זייערע באַפעלן:

— „האַלט! אַכטונג! היר זינד זי!״...

„ווירסקי״ לאָזט אָבער די היטלעריסטן קומען נאָך נענטער און דאַן פאַלט דער באַפעל: „פייער!״...

די דייטשע טיראַליערע האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן און נאָך אַ שווערן

און פאַרביסענעם קאַמף איז דער „וואָלגאַ"־גרופּע געלונגען זיך אַרויסצוציען, מיטנעמענדיק מיט זיך צוויי שווער־פאַרוווּנדעטע פּאַרטיזאַנער.

די גרופּע האָט דעמלט געציילט ביי אַ דרייסיק פּערזאָן. צו קליין איז זי געווען אויפצונעמען מיט דער עס־עס אַן אָפענעם קאַמף. איבעריקנס, איז דאָס נישט געווען זייער ציל און כדי אויסצומיידן דאָס געיעג פון די „יאַגד־קאָמאַנדאָס", זענען זיי געווען געצוווּנגען זיך איבערצוטראָגן אין אַ צווייטן וואַלד־מאַסיוו...

די שיפּרירטע מעלדונג פון „ווירסקיס" ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט צום שטאַב איז צום באַדויערן אָנגעקומען אַ ביסל צו שפּעט — און סעגאַל מיט יוזעפּאַ קאַטינסקאַ זענען געבליבן ווי אויפן וואַסער... דערצו זענען נאָך די צוויי דערמאָנטע פּאַלשירעמס מיטן געפּעק אַריינגעפאַלן אין דייטשע הענט און זיי האָבן גלייך אָנגעהויבן נאָך זיי אַ געיעג...

זיי האָבן פון דעם אַלעם נאָך דעמלט נישט געוווּסט, דאָך האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון פון דער דאָזיקער געפאַר און שנעל גענומען אַפּציען פון דעם אָרט.

לויט דעם פּלאַן האָבן זיי געזאָלט טרעפן „ווירסקין" נעבן דער ווייסער אָזיערע און זיי האָבן אָנגעהויבן וואַנדערן אין דער ריכטונג. אויפן וועג האָבן זיי זיך דערלויבט אַריינצוגיין אין אַ קליין כאַטקעלע, וואָס איז געשטאַנען ביים ראַנד פון אַ דאָרף, זייענדיק איבערצייגט, אַז זיי וועלן דאָ באַשטימט טרעפן אַן אָרעמע פּוילישע פאַמיליע, ווו זיי וועלן קאָנען זיך אַ ביסל דערוואָרעמען. ווי איבערראַשט זענען זיי אָבער געוואָרן גלייך ביים איבערטרעטן די שוועל, דערזעענדיק אויף דער וואַנט דאָס בילד פון „פּירער" און אויפן טיש אונטער זיין פּאָרטרעט „מיין קאַמף"...

זיי האָבן זיך אָבער נישט פאַרלוירן און זיך געפרעגט אויף מילך, נאָר דער ענטפער פון דער פרוי און איר מאַן האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זיי דאַרפן זיך גלייך אַרויסטראָגן. זיי פּרוּוון נאָך אַ צווייט מאָל אין דעם אַנדערן עק וואַלד. דאָ טרעפן זיי טאַקע אויף פּאָליאַקן, זיי האָבן אָבער מורא מיט עפּעס זיי צו העלפן, נישט קוקנדיק צי זיי זענען נישט אַמאָל קיין אונ־טערגעשיקטע פון די דייטשן, כדי אויסצופּרוּוון, צי זיי ברעכן נישט דעם פאַרבאָט וועגן „העלפן פרעמדע מענטשן"...

נאָך אַ שווער וואַנדערן האָבן זיי זיך דערשלאָגן צום דאָרף ביאַלאַ, לויט דעם נאָמען פון דער אָזיערע. אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט ביי דער אָזיערע און קיינעם נישט געטראָפן. זיי זענען

שוין געוועזן מיד און געפרוירן און געהאַלטן אין איין איבערחזרן זייער אָפּגע־רעדטן סיגנאַל — אָבער אַלץ איז אומזיסט.

זיי באַשליסן דעריבער זיך אומצוקערן צום אָרט, ווו זיי האָבן געלאַנדעט. אין אַ קליינעם טאָל שפּרייטן זיי אויס איין פּאַלשירעם און פון די איבעריקע צוויי מאַכן זיי אַ בויד, כדי צו האָבן וווּ זיך אַנדערצוליייגן און אַ ביסל אָפּרוען. אינמיטן שטעלן זיי די ראַדיאָסטאַציע און די אויסגעטוענע שיך, כדי זיי זאָלן נישט פאַרפרוירן ווערן. זיי וואַרטן, אָבער אויף וואָס — ווייסן זיי נישט.

עטלעכע מאָל האָבן זיי דורכגעמאַכט דעם וועג פון זייערביידל ביז צו דער ווייסער אָזיערע, וועלכע האָט זיך געצויגן אויף אַ מהלך פון איבער צוואַנציק קילאָמעטער אין איין זייט, אָבער אַלץ אָן דערפאָלג. אַזוי זענען פאַרפלאָסן טעג און נעכט.

זיי ווענדן זיך צו דער צענטראַלע מיט אַ מעלדונג וועגן זייער לאַגע, אָבער די צענטראַלע קאָן זיי מיט גאָרנישט העלפן. זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז „ווירסקי" האָט געהאַט אויסצושטיין אַ קאַמף און געמוזט אָפּציען אויף אַן אַנדערן אָפּשניט, דערצו, פאַרלירנדיק די באַטעריעס, האָט ער נישט געקאָנט האָבן קיין פאַרבינדונג מיטן שטאַב.

זיי האָבן אַזוי געוואַנדערט אַ צען טעג אין טיפן שניי, מיד, געפרוירן און הונגעריק. עס האָבן זיך שוין אויסגעשעפּט זייערע לעבנס־מיטלען און עס איז זיי אויסגעקומען איבערצולעבן אַ טאָג מיט אַ ביסל שניי מיט צוקער. „זאָיאַ" האָט זיך אָפּגעפרוירן די פיס. זי האָט פאַרלוירן יעדע האָפענונג. איר שטימונג גיט זיך איבער אויף סעגאַלן. ער פּרוווט איר אויסטאָן די שיך, זי קרעכצט פאַר ווייטיק. עס איז אויף איר אַ ביטערער רחמנות, זי איז דאָך קוים ניינצן יאָר אַלט. אָבער מיט וואָס קאָן ער איר העלפן.

עס איז סילוועסטער. זיי זיצן אויפן פּאַלשירעם, צווישן זיי די באַטעריעס, כדי זיי אַ ביסל אָנוואַרעמען. „זאָיאַ" מיט אירע געפרוירענע פינגער קלאַפּט אויס דעם שליסל. זי גיט סעגאַלן איין הערער. מען הערט בלויז אַ פּישטשענ־דיק זשומען, סיגנאַלן — טי, טי, טאַ...

צי האָט מען אין זיי פאַרגעסן ?... פאַרשידענע געדאַנקען מישן זיך אין קאָפּ... איין אויטאָמאַט, צוויי פּיסטאָלעטן, צוואַנציק גראַנאַטן... אויפרייסן אַ צוג און דערנאָך זאָל זיין וואָס עס וויל... „זאָיאַ" וויל זיך דערשיסן...

זיי כאַפּן מאָסקווע. עס איז שוין נישט קיין שאָד די באַטעריעס. זיי זענען איבערצייגט, אַז זיי וועלן דויערן לענגער ווי דאָס עסן און וועלן נאָך זיי איבערלעבן... עס הערט זיך אַ שטימע פון אַ פּרוי, וועלכע דערציילט

פּאָר קינדער עפּעס אַ מעשהלע ביי דעם וויינאַכט־בוים... אין דעם מאָמענט ווערט די אוידיציע איבערגעריסן און מען גיט איבער אַ פראָנט־קאָמוניקאַט: „וונימאַניע; וונימאַניע! גאַוואַריט מאָסקוואַ!"... מען גיט איבער וועגן פאָרויס־מאַרש פון סאָוויעטיש מיליטער אויף אַלע פראָנטן!... דאָס גיט צו מוט, אויס־דויער, עס ווילט זיך לעבן און זען די מפּלה פון די ברוינע מערדער...

ענדלעך איז געקומען דער דערוואַרטער מאָמענט. ניי־יאָר האָבן זיי באַקומען אַ ידיעה פון שטאַב: „צווישן ערשטן און פערטן יאַנואַר וועלן זיי די אויסשפּירער פון „ווירסקין" זוכן ביי דער „ווייסער אָזיערע". דער פּאַראָל — דריי קורצע קלעפּ און דריי פייפן"...

עס איז נישט צו באַשרייבן זייער פרייד, אָבער זיי האָבן נישט געקאָנט גיין, ווייל „זאָיאַ" האָט זיך נישט געקאָנט שטעלן אויף די פיס. דעם דריטן איז געוואָרן אַ נעפּל. אַרויסמאַרשירט האָבן זיי דעם דריטן אויפן פערטן ביינאַכט. פאַלנדיק ממש פון די פיס, האָבן זיי זיך פאַרטאָג דערשלעפּט צו דער אָזיערע.

זיי גיבן דעם אָפּגערעדטן צייכן... איין מאָל און נאָך אַמאָל... עס דויערן שעהן ווי אייביקייטן און קיינער רופט זיך נישט אָן... זיי האָבן שוין ביידע דאָס אַלץ געגנוג, איבערהויפּט „זאָיאַ". זי וועט שוין נישט גיין צוריק, דאָ וועט זי שוין בלייבן אויף תמיד...

סעגאַל גיט ווידער אַ סיגנאַל — עס דערהערט זיך אָן ענטפער פון וואַלד. זיי שטרענגען אָן זייער געהער... דאָס האָט אַ פּיקהאָלץ געקלאַפּט מיט זיין שנאָבל אין אַ בוים...

עס בלאָזט אַ שטאַרקער ווינט, ער ברעכט די צווייגן, מען הערט שוואַך זייער קלאַפּן און פייפן, אָבער זיי ווערן נישט מיד. חזרן איבער ווידער און ווידער דעם צייכן... זיי הערן אָן ענטפער...

— אפשר איז דאָס ווידער אַ פויגל? — שעפּטשעט טרויעריק „זאָיאַ". נאָר באַלד באַווייזן זיך פינף סילועטן פון צווישן די קוסטעס...

— מען מוז זיין פאָרזיכטיק — עס קאָנען אַמאָל זיין דייטשן.

ווי איבערראַשט זענען זיי געוואָרן, ווען אין דער שפּיץ פון דער גרופּע האָט סעגאַל דערקענט אַליאָשע מאַלאַכאָווסקין — זיין חבר פון „שטורעם־באַטאַליאָן". די טרערן האָבן אים גענומען שטיקן אין האַלדז פאַר טאָפּלטער פרייד פון אַזאַ באַגעגעניש און „זאָיאַ" האָט זיך אויף אַ קול צעוויינט...

די יאַטן האָבן גלייך געמאַכט אַ פייער, געקאָכט קאַווע און דאָס ערשטע מאָל נאָך צוויי וואָכן האָבן זיי גענומען אַ ביסל וואַרעמס אין מויל.

מען לאָזט זיך נאָך די זאַכן. די יאַטן האָבן איצט שוין אַלץ געטאָן פאַר זיי. „זאַיאַן" האָט מען ממש געטראָגן אויף די הענט.

פון דאָרט האָבן זיי זיך געלאָזט צום דאָרף זוויעזשיניעץ — צו אַ פּויליש־ער פאַמיליע, וואָס האָט מיטגעאַרבעט מיט דער גרופּע „וואָלגאַ".

# עס שיסט אַ „טויטער" דייטש

די ניי־געשאַפענע באַזע פון דער דיווערסיע־גרופע „וואָלגאַ" האָט זיך געפונען ביי דער אָזיערע סמאָלניק, נאָכן שוואַרצן וואַסער. די טוכאָלער אורוועלדער, ווו עס האָט זיך געפונען די באַזע, זענען אַנדערש ווי אַנדערע וואַלד־שטחים. טראָץ זייער גרויסן מאַסיוו זענען זיי איבערגעשניטן מיט אַ סך שאָסייען און וואַלד־וועגן. עס זענען דאָ געווען אַ סך אָפּשניטן קול־טיווירטע. דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט די דייטשן איינצואָרדענען פּונקטן, ווו עס האָבן סטאַציאָנירט פּלוטאָנען פון „וואַלד־שוץ־קאָמאַנדאָס" און אויך מיליטערישע אָפּטיילונגען צו באַקעמפן פּאַרטיזאַנער — ווי די טרויעריק־באַרימטע „יאַגד־קאָמאַנדאָס".

דאָס ערשטע, וואָס פּאַוועל סעגאַל האָט געטאָן ביים אָנקום אין דער גרופּע איז געווען דאָס היילן די צוויי שווער־פאַרווונדעטע פּאַרטיזאַנער. זייער קראַנקהייט האָט שטאַרק באַשווערט דאָס איבערטראָגן זיך פון איין אָרט צום צווייטן. גלייכצייטיק האָט ער גענומען אַרומרעדן מיט „ווירסקין" דעם פּלאַן פון זיין אויסשפּיר־אַרבעט.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז זיין איינאָרדענען זיך אין בידגאָשטש שוין נישט געווען רעאַל. דאָס האָט געקאָנט רעאַליזירט ווערן ביז דעם 22 דעצעמבער 1944, דאָס הייסט, ביז צו דער שלאַכט ביי טשערסק. דערנאָך האָבן די דייטשן אַרויסגעגעבן פאַרשידענע פאַראָרדענונגען וועגן דער עווידענץ פון דער באַפעלקערונג — ספּעציעלע אויסווייז־שיינען. און מיט זיינע דאָקומענטן איז דאָס דערווייל נישט מעגלעך געווען דורכצופירן.

נאָך אַ פאַרשטענדיקונג מיטן שטאַב איז געקומען אַ באַפעל, אַז ער זאָל בלייבן ביי דער גרופּע פון „ווירסקין". וואָס אַנבאַלאַנגט „זאָיען", איז זי איינגעאָרדנט געוואָרן מיט איר ראַדיאָסטאַציע ביי אַ פּוילישער פאַמיליע אין דעם ישוב שלאַכטאַ, אַלס צווייטע ראַדיסטין פון דער גרופּע „וואָלגאַ".

די סאָוויעטישע אָפּענסיווע האָט געדויערט. די אָפּטיילונגען פון גע־נעראַל ראָקאָסאָווסקי האָבן מאַרשירט פאָרויס... און די מענטשן פון „וואָלגאַ" האָבן געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט...

סעגאַל האָט באַקומען צוגעטיילט עטלעכע אינפאָרמאַטאָרן צווישן דער

ציווילער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן נאָטירט די באַוועגונגען פון דייטשן מיליטער אין דער געגנט פון טשערסק, אויף די וואָקזאַלן און איבערהויפּט אויף דעם אַזוי גערופענעם „נאַפּאָלעאָנער טראַקט״ — דאָס איז דער שאָסיי בערלין — קרולעוויעץ.

אין איינעם אַ באַפעל, וואָס סעגאַל האָט באַקומען, איז געווען — פעסט־צושטעלן וואָס פאַראַ מיליטערישע אָפּטיילונגען געפינען זיך אין דער נאָענט. אין דעם פאַל איז דאָס בעסטע צו כאַפּן אַ „צונג״...

„ווירסקי״ האָט אים גלייך צוגעטיילט פיר אויסשפּירער און זיי האָבן זיך געלאָזט אויף אַ זייער באַוועגלעכן טראַקט, אויף דער ליניע פון די שטעט טוכאָלאַ־שוויעציאַ. דעם צווייטן טאָג נאָכן פאַרלאָזן די באַזע האָבן זיי זיך געפונען אויפן שאָסיי הינטער דער שטאָט וויעלקיע־גאַצנאָ. פאַר־נעמענדיק אַ ציטווייליקע לאָקערונג, האָבן זיי באַמערקט אַן אָפּטיילונג צוריקציִענדיקע זיך עס־עס־לייט. זיי זענען געלעגן אויף אַ הויכן אויפשיט, דירעקט ביים שאָסיי, אָבער אַזוי גוט מאַסקירט, אַז אין קיין פאַל האָט מען זיי נישט געקאָנט באַמערקן. זיי האָבן געהאַט די דייטשן ווי אויף דער האַנט... איינער פון די פּאַרטיזאַנער האָט נישט אויסגעהאַלטן און געעפנט אַ פייער און נאָך אים האָבן אַלע גענומען שיסן...

צווישן די דייטשן איז געוואָרן אַ פּאַניק. די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי נאָך באַשאָטן מיט גראַנאַטן. די עס־עס־לייט זענען ווי אויף אַ באַפעל אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד — אַ סך האָבן זיך טאַקע שוין מער נישט אויפגעהויבן...

אַ קליינער טייל האָט גענומען צוריקשיסן, אָבער מיינסטנס האָבן זיי גענומען אַנטלויפן, איבערלאָזנדיק אויפן וועג זייערע טויטע און פאַרוווּנ־דעטע קאַמעראַדן.

דעמאָלט זענען די אויסשפּירער אַרויס פון זייער דעקונג און זיך געלאָזט צו די טויטע דייטשן, כדי ביי זיי אַוועקצונעמען די דאָקומענטן און דאָס געווער. ווען סעגאַל האָט זיך איבער איינעם פון זיי איבערגעבויגן, האָט דער כלומרשטער טויטער אויסגעשאָסן פון זיין פּיסטאָלעט, דורכלעכערנדיק זיין רעכט האַנט. סעגאַל האָט שנעל אים אַ כאַפּ געטאָן ביי דער האַנט, אין וועלכער ער האָט געהאַלטן דעם רעוואָלווער .דער דייטש איז אָבער געווען פיזיש פיל שטאַרקער פון סעגאַלן און ווער ווייסט מיט וואָס דער געראַנגל וואָלט זיך געענדיקט, ווען נישט איינער פון די פּאַרטיזאַנער, וועלכער האָט דאָס באַמערקט און מיט אַ סעריע פון זיין ביקס אַוועק־געלייגט דעם היטלעריסט.




Tablice z takimi ostrzegawczymi napisami stawiali Niemcy w rejonach działalności partyzantów

אַ וואָרענונגס־צייכן פון די דייטשן אין די געביטן פון פּאַרטיזאַנער־טעטיקייט

דעם 24־טן פעברואַר 1945 זענען זיי אַריבערגעגאַנגען די פראָנט־ליניע און אין ליפּאָווא־מיכאַלסקאַ איבערגעגעבן אַ ראַפּאָרט פון זייער טעטיקייט דעם סאָוויעטישן גענעראַל, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער אַרמיי אויף דעם אָפּשניט.

פון דאַנען האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג, כדי אָנצושליסן זיך צוריק אין זייער איינהייט אין „שטורעם־באַטאַליאָן".

# קריסטינאַ סאַוויצקאַ — האַנקאַ שאַפּיראָ פּסעוו. „האַנקאַ״

ווען מיר באַטראַכטן אין דער פּערספּעקטיוו די געשיכטע פון דער ווידערשטאַנד באַוועגונג, אין דער צווייטער וועלט מלחמה, קעגן דעם דייטשן אָקופּאַנט — זעען מיר אַז די באַוועגונג איז געווען מיט שטאַרקע פעדים געבונדן מיט דעם אַלגעמיינעם אַנטי־פאַשיסטישן קאַמף, וועלכער ווערט געפירט אין די געטאָס און לאַגערן אין גאַנצן לאַנד און אין דער ערשטער ריי אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג, וועלכע קעמפט אין רוקן און אין די רייען פון שונא.

איינע פון די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון דער באַוועגונג, וועלכע האָט געטראָגן דעם נאָמען „זוויאַנזעק וואַלקי מלאָדיך״ זעט. וו. עס. (דער קאַמפס־פאַרבאַנד פון דער יוגנט) איז געווען, די העלדישע יידישע טאָכטער קריסטינאַ סאַוויצקאַ, פּסעוודאָנים „האַנקאַ״ — און ווי מיר דערוויסן זיך שפּעטער איז איר אמתער נאָמען געווען — שאַפּיראָ.

האַנקאַ שאַפּיראָ איז געבוירן געוואָרן אין קראָקע אין יאָר 1917. שוין פון דער היים האָט זי אַרויסגעטראָגן דעם סאָציאַליסטישן גייסט און קאַמפס־מוט.

דער טאַטע אירער — בערנאַרד שאַפּיראָ איז אַן אַלטער סאָציאַליס־טישער קעמפער, וועלכער ווערט פאַרשיקט אויף סיביר, פאַר זיין טעטיקייט, אין די רייען פון יידישע און פוילישע אַרבעטער. אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע פון 1905 — 1907 איז שאַפּיראָ אַ מיטגליד אין וואַרשעווער קאָמיטעט פון פּ. פּ. ס. (פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) און אין יאָר 1906, זעען מיר אים אין צענטראַל קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, מיטן פּסעוודאָנים „וויקטאָר״. אויך די מאַמע, מאַריאַ פון דער היים פּרענדזעל, איז באַקאַנט אַלס אַקטיווע סאָציאַליסטישע טוערין.

שוין אַלס סטודענטין פון יורידישן פאַקולטעט אויף דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט, אין יאָר 1935, נעמט האַנקאַ שאַפּיראָ אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַקאַדעמישער אָרגאַניזאַציע „זשיטשע״. האַננאַ, ווי מען האָט זי

גערופן, האָט נישט קיין סעמיטישן אויסזען, און דאָס גיבט איר אַ מעגלעכ־קייט צו שאַרפערע אַרויסטרעטונגען קעגן דעם ווילדן ענדעקישן טעראָר, וואָס הערשט דעמאָלט אין פוילן, אויף אַלע היכשולן.

צום ביטערן באַדויערן האָבן זיך זייער ווייניק פּראָפעסאָרן סאָלידאַ־ריזירט מיט דעם קאַמף, וועלכן ס'האָבן געפירט די פּראָגרעסיווע מענטשן, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם איינפירן די געטאָ־בענק פאַר יידישע סטודענטן.

האַנקעס טרוים איז געווען צו ווערן אַ ריכטער, אַ פּעדאַגאָג פאַר יוגנטלעכע, דערמיט צו העלפן זיי דערציִען און אַרויספירן אויף אַ ריכטיקן וועג. דאָס געוויסן האָט זי געטריבן אין די רייען פון די, וואָס טראַכטן גראָד וועגן מאָרגן, און נישט בלויז פאַר זיך, נאָר פאַרן כלל, פאַר דער גאָרער מענטשהייט.

עס איז דער טרויעריקער סעפּטעמבער פון יאָר 1939. די היטלעריס־טישע האָרדעס באַפאַלן פוילן. האַנקע שטעלט זיך אין די רייען פון די פאַרטיידיקער פון וואַרשע. צוזאַמען מיט אַלאַ גאָלדבערג, מאַרטאַ טאַר־לאָווסקאַ און אַנדערע יוגנטלעכע סאָציאַליסטישע טוער, הייבט זי אָן איר טעטיקייט אין „אַרבעטער קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלעכער הילף". עס איז ווערט צו אונטערשטרייכן, דאָס ביי דער טעטיקייט אויף דעם ווערביר־פונקט פאַר „אַרבעטער־באַטאַליאָנען" באַקומט זי אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דעם וואַרשעווער שטאָט־פּרעזידענט, סטעפאַן סטאַזשישינסקי — אויף אַ 15־מינוטיקער אוידיציע דורכן פוילישן ראַדיאָ, יעדן טאָג, פאַר די דערמאָנטע באַטאַליאָנען. די אוידיציעס זענען אייגנהענטיק געשריבן, ווי אויך דורך איר רעדאַגירט.

וואַרשע קעמפט פאַרביטערט. אויף די פאַרטיידיקונגס־ליניעס טרעפט מען אויך אַ גרויסע צאָל יידן, וועלכע גיבן זיך אָפּ אַ דין וחשבון פון דער גרויסער געפאַר מיט דעם אַריינמאַרש פון די ברוינע קאַניבאַלן. טראָץ אַלעם האָט די איבערוועגנדיקע קראַפט געזיגט, און דער וועג פאַר די דייטשע האָרדעס איז געוואָרן פריי.

האַנקאַ שאַפּיראָ רעזיגנירט נישט פון קאַמף. שוין אין אָקטאָבער 1939 באַווייזט זיך אין דעם אָקופּירטן וואַרשע, אַן אונטער־ערדישע צייטשריפט „וואָלנאָשטש" (פרייהייט), דער אָרגאַניזאַטאָר און רעדאַקטאָר איז נישט קיין אַנדערער ווי — האַנקאַ שאַפּיראָ.

„האַנקאַ" איז גוט באַקאַנט אין די ברייטע אַרבעטער קרייזן, ווי אויך צווישן דער פוילישער אינטעליגענץ. אין וואָרט און שריפט טוט „האַנקאַ"



האַנקאַ שאַפּיראָ — קריסטינאַ סאַוויצקאַ, פּסעוודאָנים „האַנקאַ"

אַלע דערמוטיקן און צוגעבן כוח און געוואַגטקייט אין קאַמף פאַר אַ פריי און גערעכט פוילן.

ווען עס קומט דער דייטשער באַפעל צו גיין אין געטאָ, באַשליסט האַנקאַ שאַפּיראָ צו בלייבן אויף דער אַרישער זייט, אונטער דעם נאָמען — קריסטינאַ סאָוויצקאַ. „האַנקאַ" זעצט פאָר איר אומלעגאַלע טעטיקייט אין דער „צענטראַל־טעכניק", וועלכע אַרבעט באַשטייט אין: דרוקן ליטעראַטור, קאָלפּאָרטירן און שמירן טאַפּעטן.

קריסטינאַ סאָוויצקאַ „האַנקאַ" איז טעטיק ביים רעאַקטיווירן די רעוואָלוציאָנערע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „ספּאַרטאַקוס" און איר צייט־שריפט „שטשאַלי". און שוין דאָס וויכטיקסטע האַלט „האַנקאַ" פאַר נויטיק צו אָרגאַניזירן אַ יוגנטלעכע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „זוויאָנזעק וואַלקי מלאָדיך" — זעט. וו. עם. (דער קאַמפּס־פאַרבאַנד פון דער יוגנט), וועלכע שטייט אין קאָנטאַקט מיט דער „גוואַרדיאַ לודאָוואַ" — ג. ל. און שפּעטער מיט דער „אַרמיאַ לודאָוואַ" א. ל. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע נעמט אַרום אינטעליגענטן און אַרבעטער פון וואַרשע און איר וואָיעוואָדשאַפט.

אין דער אָנפירונג פון „זוויאָנזעק וואַלקי מלאָדיך" זעט. וו. עם. גייען אַריין: קריסטינאַ סאָוויצקאַ, פּסעוודאָנים „האַנקאַ", יאַן קראַשיצקי, פּסעוודאָנים „קאַזיק" און זאָפיאַ יאַוואָרסקאַ, פּסעוודאָנים „דאַנקאַ".

די יוגנטלעכע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פירט אויס געוואַגטע אַקציעס אויף אַ ריי דייטשע פאַרוויילונגס־הייזער, צווישן אַנדערע: אויף דעם געביט פון וואַרשע און וואָיעוואָדשאַפט — דעם 11 יולי 1943, אַן אַקציע אויף דעם „קאַפע קלוב" — אַלס נקמה אַקט פאַר אויפהענגען פופציק (50) אַרעסטירטע פון פּאַוויאַק, און די אַקציע אויף דעם „באַר פּאָדלאַסקי". די קאַמפּס־גרופּן ציִען זיך צוריק אָן פאַרלוסטן.

הערבסט 1942 ווערט קריסטינאַ סאָוויצקאַ — שאַפּיראָ פּסעוו. „האַנקאַ" צוגעטיילט צום וואַרשעווער פאַרטיי קאָמיטעט פּ. פּ. ר. — דאָס איז אַ באַלוינונג און אָנערקענונג פאַר אירע גרויסע פאַרדינסטן און געוואַגטע אונטערנעמונגען, ווי אויך אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן אין קאַמף, מיט דעם דייטשן אָגרעסאָר, פאַר באַפרייען די פּוילישע ערד.

צום ביטערן באַדויערן האָט „האַנקאַ" די מפּלה פון די נאַציס נישט דערלעבט... אין אַ קאַמף אויף די וואַרשעווער גאַסן, ווו עס ווערן דערשאָסן צוויי היטלעריסטישע געהיים אַגענטן, ברענגט די יוגנט אָרגאַניזאַציע „זוויאָנזעק וואַלקי מלאָדיך" — זעט. וו. עם. — עטלעכע קרבנות און צווישן זיי דעם גרעסטן קרבן — איר אָנפירער — האַנקאַ סאָוויצקאַ־שאַפּיראָ...

**דאָס איז געווען דעם 18 מערץ 1943 — האַנקאַ ווערט שווער פאַר־ווונדעט, און אין אַזאַ צושטאַנד אַרעסטירט דורך דער געסטאַפּאָ, און הויכט אויס די נשמה אין דער תפיסה אויפן פּאַוויאַק.**

**כבוד איר ליכטיקן אָנדענק!**

# דער וועג אויף מזרח

דער קריג פון יאָר 1939 האָט לעאָן ביעלסקין (פסעוו. „ראָמאַן") געטראָפן אין דער ראַוויטשער תפיסה, וועלכע האָט זיך געפונען נישט מער ווי צוויי קילאָמעטער פון דער דעמאָלטיקער פויליש־דייטשער גרענעץ.

עס איז געווען פרייטיק, דער ערשטער סעפטעמבער. מען האָט גע־הערט דעם אָפּהילך פון די שאָסן. אָנשטאָט די וועכטער האָבן זיך באַוויזן ציווילע מענער מיט ווייסע אָרעם־בענדער.

אין דער תפיסה זענען געווען איבער ניין הונדערט פּאָליטישע אַרעס־טירטע און דער גרעסטער טייל מיט זייער לאַנגע אורטיילן. פּלוצעם איז ביי אַלעמען אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז מען וויל זיי איבערגעבן אין די הענט פון די היטלעריסטן... און עס איז געקומען דער באַפעל פון דער תפיסה־קאָמונע, וואָס איז איר פאַרוואַלטונג זענען דעמאָלט געווען די חברים מאַריאַן בוטשעק, מאַרצעלי נאָוואָטקאָ, פּאַוועל פינדער — אַליין זיך צו באַפרייען!

מיט וואָס נאָר מען האָט געקאָנט, האָט מען גענומען אויפברעכן די טירן און קראַטעס. די ערשטע, וואָס זענען אַרויס פון די צעלן האָבן אויפגעבראָכן די קאַנצעלאַריע־טיר און דאָרטן באַקומען די איבערגעלאָזטע דורך די וועכטער תפיסה־שליסלען. איצט האָט מען גענומען עפענען איין צעלע נאָך דער צווייטער...

אַלע זענען געווען ממש פאַרשיכורט פון דער פרייהייט, אָבער דאָך איז די פרייד נישט געווען אַזאַ, ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט... דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אונטער דעם היטלעריסטישן שטיוול. אַרום האָבן געהערשט טויט און פאַרניכטונג.

די ערשטע שריט זענען געווען צו דערשלאָגן זיך צו אַ מיליטערישער איינהייט. מען האָט אַרויסגעשיקט אַלס פאָרשטייער די חברים מאַריאַן בוטשעק און אַלפרעד לאַמפּע, מיטן ציל צו באַקומען געווער און קאָנען אָנטיילנעמען אין קאַמף קעגן די באַצווינגער פון לאַנד. צום באַדויערן איז די ווענדונג געבליבן אָן רעזולטאַט...

דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. אויף דעם וועג האָבן זיי

זיך פאַרהאַלטן ביי יעדן אָמט פון פּ.ק.או., נישט פאַרלירנדיק די האָפענונג, אַז זיי וועלן ענדלעך מאָביליזירט ווערן. ליידער האָט איבעראַל געהערשט אַ נישט־באַשרייבלעכער כאַאָס און אַלע באַמיאונגען זענען געווען אומזיסט.

אַזוי האָבן זיי מאַרשירט עטלעכע טעג אַלץ ווייטער פון דער דייטשער גרענעץ אונטער דער שטענדיקער באַגלייטונג פון די דייטשע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן באָמבאַרדירט די דערפער, שטעט און וועגן — שטענדיק אַלץ אין פלאַמען.

אַ סך זענען געפאַלן אין וועג אָדער געוואָרן פאַרוווּנדעט, צווישן זיי דער חבר מאַריאַן בוטשעק.

הינטער אָזשאַרווו האָט אַ דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונג באַשאָסן דעם שאָסיי, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך אויסגעמישט אין גרויס פּאַניק זעלנער און ציווילע, פרויען, קינדער און אַלטע לייט. מאַריאַן בוטשעק האָט אויפגעהויבן אַן אַוועקגעוואָרפענע ביקס און מיט אַ גרופּע מוטיקע יאַטן זיך געוואָרפן אויף די דייטשן...

אַזוי איז געפאַלן דער עלטסטער געפאַנגענער פון דער סאַנאַציע־תפיסה, וועלכער איז אין משך פון די צוואַנציק יאָר פון צווישנמלחמהדיקן פּוילן איבער זעכצן יאָר פאַרשפּאַרט געווען אין תפיסה.

עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע, וואָס ווייטער? טייל זענען געווען ביי דער מיינונג צו בלייבן אין לאַנד און אָנהייבן אַן אונטערערדישע טעטיקייט. האָט אָבער, ערשטנס, נישט עקזיסטירט די פּאַרטיי, וועלכע וואָלט געקאָנט מאָביליזירן צום קאַמף, און צווייטנס, זענען אַלע געווען גוט באַקאַנט דער פּאָליציי און ס׳איז קלאָר געווען, אַז יעדן דראָט גלייך אַן אומפאַרמיידלעכער אַרעסט. עס איז דעריבער געבליבן נאָר איין אויסוועג — זיך דורכצושלאָגן אויף דער סאָוויעטישער ערד און דאָרט אַלס זעלנער קעמפן קעגן אָקופּאַנט.

נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע האָבן זיי געריירט אין וועג.

עס איז שוין געווען סוף אָקטאָבער, ווען אַ גרופּע פון איבער אַ צענדליק מענטשן האָבן איבערגעשריטן די סאָוויעטישע גרענעץ.

לעאָן ביעלסקי האָט באַשלאָסן זיך צו לערנען און נאָך געוויסע באַמיאונגען איז ער אָנגענומען געוואָרן אַלס סטודענט פון געשיכטע אויפן כאַרקאָווער אוניווערסיטעט.

עס איז געווען זונטיק, דעם 22 יוני 1941. די היטלעריסטישע האָרדעס זענען איבערפאַלן דעם ראַטנפאַרבאַנד און טראָץ דעם העלדישן ווידער־

שטאַנד, האָבן די סאָוויעטישע אַרמייען זיך געמוזט צוריקציִען און איבער־לאָזן דעם אַגרעסאָר אַלע נייע שטעט און דערפער.

דאָס לאַנד איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט. די לאַגע איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג שווערער, די פאַרלוסטן אויף די פראָנטן אַלץ גרעסער. אויף שנעל ווערן דעמאָלט אָרגאַניזירט „סטודענטן־באַטאַליאָנען", וועלכע ווערן נאָך אַ צווייוואָכנדיקער צוגרייטונג געוואָרפן אויף די שווערסטע אָפּשניטן. איינער אַזאַ באַטאַליאָן איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון די סטודענטן אויך אויפן כאַרקאָווער אוניווערסיטעט. אויך לעאָן ביעלסקי האָט זיך געמאָלדן, מען האָט אים אָבער נישט געוואָלט אָננעמען, ווייל ער איז געווען געבוירן אויף דעם געביט, וואָס איז געווען באַזעצט דורך די דייטשן...

אַלע וועגן זענען אין יענער צייט געווען איבערפולט מיט מענטשן, אַנטלאָפענע פון די דייטשן. אויך אין כאַרקאָוו זענען געקומען אַ סך אַלטע חברים, צווישן זיי ביעלסקיס געוועזענער חבר פון דער טאַרנאָווער תפיסה — לעאָן קאָסמאַן.

זיי הייבן אָן צוזאַמען זיך ווידער וואַנדערן אין פאַרשידענע אָמטן וועגן מאָביליזירן זיי אין די רייען פון דער רויטער אַרמיי. אָבער איבעראַל קומען אויף פאַרשידענע שוועריקייטן און שטערונגען...

ערשט די ידיעה וועגן דער מעגלעכער אַנטשטייונג פון דער פוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי גיט אַ שטראַל פון האָפענונג.

דעם 27 דעצעמבער 1941 ווערט אַריבערגעוואָרפן אויף דעם באַזעצטן פוילישן געביט אַ גרופּע פון זעקס פּערזאָן, וועלכע דאַרף איבערנעמען די אָנפירונג מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג. צווישן זיי די חברים: מאַרצעלי נאָוואָטקאָ, פּאַוועל פינדער און אַנדזשעי שמידט — קאַרטין.

אין לאַנד זענען שוין אין דער צייט געווען טעטיק אַ טייל לינקע אָרגאַניזאַציעס, ווי „סיערפּ אי מלאָט", „פריינד פון ססס"ר", „אַרבעטער־און פויערישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע", „פּראָלעטאַריער" און אַנדערע.

אַ קורצע צייט שפּעטער ווערן אַ סך פון די אַלטע חברים אַרויסגערופן קיין מאָסקווע און צווישן זיי אויך ביעלסקי. דאָ האָט ער זיך דערוווּסט פון לעאָן קאָסמאַנען, וועלכער האָט דאָן שוין געאַרבעט אין קאָמינטערן, אַז ס'איז אַנשטאַנען די פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי פּ. פּ. ר. און ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ מיליטערישע אָרגאַניזאַציע אונטער דעם נאָמען „פּאָלקס־גוואַרדיע".

מען הייבט אָן צוגרייטן נייע קאַדרען, וואָס דאַרפן אַראָפּגעוואָרפן ווערן אויף דעם פּוילישן געביט. ביעלסקי ווערט צוזאַמען מיט אַן אָפּטיילונג פון זיבעציק מאַן אַרויסגעשיקט אויף אַ באַשטימטן אַעראָדראָם אויסצופּרוון

זיינע פעיִקייטן צום ערשטן שפרונג מיט דעם פאַלשירעם. אָבער לאַנג איז אים נאָך אויסגעקומען צו וואַרטן ביז ער איז געקומען אין באַרירונג מיטן שונא...

סוף מאַי 1943 ווערט אָרגאַניזירט אַן אָפּטיילונג אונטער דער אָנ־פירונג פון לעאָן קאָסמאַנען, וועלכע דאַרף אַראָפּגעוואָרפן ווערן אין פּאָ־לעסיער געביט מיטן ציל צו שאַפן אַ פּאַרטיזאַנישע באַזע פאַר אָפּנעמען „וואָרפן" מיט געווער פאַר די שוין קעמפנדיקע אין לאַנד אָפּטיילונגען פון דער „פאָלקס־גוואַרדיע". די אָפּטיילונג האָט אויך געהאַט אַן אויפגאַבע צו פאַרבינדן זעלנער פאַר דער „פאָלקס־גוואַרדיע" פון צווישן די דאָרטיקע פוילישע איינוווינער און אויך שאַפן אַן אָפּטיילונג, וואָס זאָל שפּעטער אַ באַוואָפנטע אַריבערגיין דעם טייך בוג.

*

„צפון־פּאָל" — אַזוי האָט געהייסן דער פּאַרטיזאַנישער פלי־פּלאַץ צווישן קאָברין און ברעסט, וועלכער איז געווען דער צומווייטסטן אַרויס־געררוקטער פונקט אויף מערב. אויף דעם דאָזיקן „צפון־פּאָל" האָבן גע־לאַנדעט סאָוויעטישע עראָפּלאַנען מיט געווער, אַמוניציע, מעדיקאַמענטן און אויך אינסטרוקטאָרן פאַר די פּאַרטיזאַנער. דאָ האָט זיך געפונען די „ברעסטער פּאַרטיזאַנישע פאַראייניקונג" אונטער דער אָנפירונג פון פּול־קאָווניק שיקאָרסקי.

דער ציל איז געווען די „פּינסקער בריגאַדע", וועמענס אָנפירער ס'איז געווען דער גרוזינער איוואַן געאָרגעוויטש שוביטידזע.

די „פּינסקער בריגאַדע" האָט געהאַט זעקס פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונ־גען, וועלכע האָבן געטראָגן די נעמען: „סטאַלין", „טשאַפּאַיעוו", „שטשאָרס", „טאַדעאוש קאָשטשושקאָ", „אָרדזשאָניקידזע" און „ניעמילאָוו". עס איז דאָ געווען דאָס אמתע „פּאַרטיזאַנישע לאַנד", ווו אַ דייטש האָט מורא געהאַט דעם קאָפּ אַריינצושטעקן.

די געאָגראַפישע לאַגע פון פּאָלעסיע איז געווען זייער גינסטיק פאַר אַ פּאַרטיזאַנישער באַזע. די געדיכטע וועלדער און זומפּן האָבן געשאַפן אַ נאַטירלעכע שוץ קעגן די דייטשן און זייערע קעגן־אַקציעס.

אין יענער צייט איז ביי די פוילישע טאָרף־אַרבעטער אַנטשטאַנען אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איר ציל איז געווען זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די אָנפאַלן מצד די אוקראַיִנישע נאַציאָנאַליסטן, די אַזוי גערופענע „באַנדע־

ראָווצעס". די גרופּע איז טאַקע געוועזן דער קערן פון דער פּוילישער פּאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אויף דעם נאָמען פון „טאַדעאוש קאָשטשושקאָ".

אָפּזייענדיק נישט מער ווי אַ וואָך אין דער „פּינסקער בריגאַדע"", האָט דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון מינסקער קרייז — פּיאָדאָר איוואַנאָוויטש פּאָלאָזשענצעוו פאָרגעלייגט ביעלסקין צו געבן עטלעכע רעפּעראַטן אין די אַרומיקע דערפער. ביעלסקי האָט דעם פאָרשלאָג גערן אָנגענומען, כדי צו באַקענען זיך בעסער מיט דער באַפעלקערונג און מיט דער געגנט. די רעפעראַטן האָבן געהאַט דערפאָלג און אויך פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון די פּאַרטיזאַנער אין די אויגן פון דער פּאָלעסיער באַפעלקערונג.

די פּאַרטיזאַנישע אַקציעס אויף דעם געביט נעמען אָן מיט יעדן טאָג אָן אַלץ גרעסערן און אינטענסיווערן שוווּנג. דאָס צווינגט די דייטשן אָפּ־צוציִען פון פראָנט אַלץ גרעסערע כוחות.

כדי אָפּצומערקן דעם יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, האָט די „פּינסקער פּאַרטיזאַנישע פאַראייניקונג" באַשלאָסן דורכצופירן אַ מאַסן־פאַרניכטונג פון די באַן־ליניעס אויף דעם גאַנצן געביט, באַנוצנדיק זיך נישט בלויז מיט טריטאָל, וועלכער רייסט אויף אונטער די רעלסן, איבער וועלכע עס פליִען צוגן מיט מיליטער און אַמוניציע, נאָר אויך אַרויסדרייען און באַזייטיקן באַן־רעלסן אויף גאַנצע אָפּשניטן, כדי צו פּאַראַליזירן דעם גאַנצן באַן־פאַרקער אויף אַ לאַנגער צייט.

אין די ערשטע טעג פון דעצעמבער 1943 ווערט דערהאַלטן אַ ידיעה פון מאָסקווע, אַז אין לאַנד זענען פאָרגעקומען גרויסע אַרעסטן און אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ זענען אַריינגעפאַלן דער סעקרעטאַר פון צענטראַל־קאָמיטעט פּאַוועל פינדער, מאַלגאָזשאַטאַ פאָרנאַלסקאַ, יאַנעק קראַשיצקי, מיעטעק היימאַן און אַ סך אַנדערע חברים. זיי באַקומען אויך אַ „וואָרף" מיט געווער און אַ באַפעל איבערצושרייטן דעם טייך בוג...

אין דער זעלבער צייט ווערט אַראָפּגעוואָרפן נאָך אַ גרופּע צווישן וועלכער עס זענען געווען דער לאָדזשער חבר שמעון קראַקאָווסקי און יאַנעק קאַנדעל. זיי ברענגען מיט זיך די לעצטע נייעס וועגן קאַמף הינטער לעבינאָ, וועגן דער אַנטשטאַנענער ערשטער פּוילישער דיוויזיע אויפן נאָמען פון קאָשטשושקאָ. דאָס איז געווען אַ גרויסע דערמונטערונג.

עס איז שנעל געשאַפן געוואָרן אַ נייע אָפּטיילונג, וועלכע האָט לויט דעם באַפעל געדאַרפט אַריבערגעוואָרפן ווערן אויף דעם פּוילישן געביט, עטלעכע צענדליק פּאַרטיזאַנער פון דער אָפּטיילונג „טאַדעאוש קאָשטשושקאָ"

איז געווען דער קערן. דאָס זענען געווען מענטשן שוין מיט גרעסערער דערפאַרונג.

פאַרן אַרויסמאַרש איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון פ. פּ. ר. מיטן ערשטן רעפּעראַט וועגן דעם פּראָגראַם פון דער פּאַרטיי איז אַרויסגעטראָטן דער חבר לעאָן קאַסמאַן, פּסעוודאָנים „יאַנאָווסקי".

די אָפּטיילונג איז צעטיילט געוואָרן אויף דריי גרופּן. די ערשטע גרופּע האָט געציילט ביי אַ פינף און צוואַנציק פּאַרטיזאַנער און האָט געדאַרפט זיך אַריבערקריגן אויפן געביט פון וואַרשעווער קרייז און אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיטן צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. צו דער גרופּע זענען צוגעטיילט געוואָרן: לעאָן קאַסמאַן, פּסעוודאָנים „יאַנאָווסקי", קאַזשימיעזש ווירוואַס, קאַזשימיעזש אוערהאַן, זדזשיסלאַוו טורלעיסקי, זאָפיאַ בראָדזשינסקאַ און לעאָן ביעלסקי, פּסעוודאָנים „ראָמאַן". די גרופּע האָט געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו זיין דער פאַרבינדלער צווישן פּוילן און מאָסקווע.

די צווייטע גרופּע, וועלכע האָט געדאַרפט שאַפן איר באַזע אין קרייז פון לובלין האָט איבערגענומען דער דאָצענט אַלעקסאַנדער סקאָטניצקי, פּסעוודאָנים „זעמסטאַ".

די דריטע גרופּע, די גרעסטע, וואָס האָט געציילט ביי זעכציק פּאַרטיזאַנער און געדאַרפט קומען אין געביט פון קעלץ, האָט איבערגענומען דער דערפאַרענער אָנטיילנעמער אין שפּאַנישן פרייהייטס־קאַמף, חבר באַרקאָווסקי. צו זיין גרופּע זענען אויך צוגעטיילט געוואָרן די חברים שמעון קראַקאָווסקי, יאַנעק קאַנדעל און אַנדערע.

דער אַרויסמאַרש איז געווען אין דער צווייטער העלפט פון חודש דעצעמבער 1943. אין דעם זעלבן טאָג האָבן אַלע אויך אָפּגעגעבן זייער פּאַרטיזאַנישע שבועה.

# דער קאַמף ביי דער ווייסל

דאָס נייע יאָר האָט די גרופּע פון לעאָן קאַסמאַן, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען לעאָן ביעלסקי, באַגעגנט אויף דער פוילישער ערד. די פרייד איז געווען גרויס, אָבער די פּאַרטיזאַנישע באַדינגונגען זענען געוואָרן שווערער. זיי האָבן זיך נישט געפונען מער אין „פּאַרטיזאַנישן לאַנד", צו וועלכן די דייטשן האָבן נישט געהאַט קיין צוטריט. זיי האָבן געלאַגערט אין וולאָדאַווער קרייז, ווו אַלע פונקטן זענען געווען באַזעצט מיט אַ גע־דיכטער נעץ פון דייטשע וואַך־הייזער. מען האָט זיך געמוזט צופּאַסן צו דעם אמתן פּאַרטיזאַנישן וואַנדער־לעבן. זיי האָבן אָבער געטראָפן אַ גרויסן פּאַרבינדעטן — די פּויערים אין די דערפער.

אין עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיי זיך געטראָפן מיט די פּאַרטי־זאַנישע אָפּטיילונגען פון ג. ל. און מיטן אָנפירער פון קרייז, פּולקאָווניק מיעטשיסלאַוו מאָטשאַר און שטאַב־שעף קאַזשימיעזש סידאָר. די ערשטע באַגעגעניש מיט דער אָנפירערשאַפט פון דער פּאָלקס־גוואַרדיע אויף דעם געביט און מיטן פּאַרטיי־סעקרעטאַר יאַן סלאַווינסקי, פּסעוודאָנים „טיפּוס", איז פאָרגעקומען אין דער פּאַרברענטער גאַיוווקע אין די פּאַרטשעווער וועלדער. דאָ האָבן זיי אויך באַגעגנט די יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן כיל גרינשפּאַן.

אין יענער צייט האָט דער לובלינער קרייז זיך געטיילט אויף דריי פּאַרטיזאַנישע געביטן, נאָר דער הויפּט־פּונקט און צענטער פון פּאַרטיזאַ־נישער טעטיקייט זענען געווען די פּאַרטשעווער וועלדער מיט דעם שטעטל אָסטראָוו און די יאַנאָווער וועלדער אין קרייז פון די ישובים זשעטשיצע און טשידניקי.

עס זענען דאָ געווען אויך אַ סך סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיי־לונגען. אין איין שיינעם פרימאָרגן האָבן זיי זיך באַגעגנט מיט איינער פון זיי און דער סאָוויעטישער קאָמאַנדיר האָט זיך געווענדט צו די פּוילישע פּאַרטיזאַנער מיט אַ ביטע, דערציילנדיק דערביי אַן אינטערעסאַנטע גע־שיכטע:

בעת אַן אָנגריף אויף אַ דייטש וואַך־הויז אין וואַרשעווער געביט

האָט איינער פון די דייטשע זעלנער זיך פּלוצעם אָפּגעשלאָגן און גענומען שיסן צו די אייגענע. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דאָס געווען אַן עסטרייכישער אַרבעטער, וועלכער האָט שוין לאַנג געפּלאַנט אַריבערצוגיין אויף דער זייט פון די פּאַרטיזאַנער, כדי צו קאָנען קעמפן קעגן די היט־לעריסטן.

אין דער סאָוויעטישער אָפּטיילונג האָט קיינער נישט געקאָנט קיין דייטש, דעריבער האָט ער פאָרגעשלאָגן דעם עסטרייכער צוצושטיין צו דער פּוילישער אָפּטיילונג.

לעאָן קאָסמאַן איז מסכים געווען. דעם צווייטן טאָג האָט ער זיך געמאָלדן צו זיין גרופּע. ער איז געווען שטאַרק צופרידן, ווייל ער האָט געהאַט מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט אין זיין מוטער־שפּראַך. דער עסטרייכישער אַרבעטער איז געוואָרן אַן איבערגעגעבענער חבר און צו־זאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער געקעמפט ביז דער באַפרייונג.

אַ קורצע צייט שפּעטער איז מיט איינעם אַ „וואָרף" פון דער גרויסער ערד", אין וועלכן די פּאַרטיזאַנער האָבן באַקומען צוויי ראַדיאָ־סטאַציעס און אויפרייס־מאַטעריאַל, מיט אַ פאַלשירעם אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן אויך אַ צווייטער עסטרייכער מיטן נאָמען ווילי. עטלעכע חדשים האָט ער באַ־דינט אַ ראַדיאָסטאַציע. די פּאַרטיזאַנער האָבן אים געדאַרפט העלפן אַריבער־קריגן זיך קיין עסטרייך, ווו ער האָט געהאַט אויסצופירן אַ ספּעציעלע שליחות...

צום גרויסן באַדויערן האָט ער זיין ציל נישט דערגרייכט. ווילי איז יוני 1944 געפאַלן אין אַ שווערן קאַמף, וואָס די פּאַרטיזאַנער האָבן געפירט מיט גרויסע מאָטאָריזירטע דייטשע אָפּטיילונגען אין די בילגאָראַיער וועל־דער. צווישן אַנדערע האָט דעמאָלט אָפּגעגעבן זיין יונג לעבן אויך דער לאָדזשער חבר שמעון קראַקאָווסקי.

דער פראָנט האָט זיך גערוקט ווייטער און אויך די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג האָט באַקומען אַ באַפעל צו ציִען ווייטער אויף מערב, אין דער געגנט פון בעסקידי שלאָנסקע. ביעלסקי האָט צוגעזוכט מענטשן און גע־וואָרט אויף דער פּרעציזירונג פון זיינע אויפגאַבן. מיטאַמאָל קומט אַ נייער באַפעל — גיין צוזאַמען מיט די אָפּטיילונגען פון טשעסלאָוו באַרעצקי, פּסעוודאָנים „בזשאָזאַ" און טאַדעאוש מאַי, פּסעוודאָנים „לאָקיעטעק" אויף דער צווייטער זייט ווייסל אין קעלצער געביט, כדי אין די שוויענטאָקשיסקער וועלדער צו שאַפן אַ פּאַרטיזאַנישע באַזע פאַר אָפּנעמען „וואָרפן" פון דער „גרויסער ערד"...

פון די יאַנאָווער וועלדער האָבן זיי אַרויסמאַרשירט סוף מאַי 1944. פון דער ווייסל האָט זיי געטיילט אַ צווייטאָגיקער מאַרש. ווען זיי האָבן זיך געפונען ביים ברעג פון טייך, האָבן זיי דאָ באַגעגנט פאַרשידענע מענטשן, הענדלער, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט אַריבער־צוקריגן זיך אויף דער צווייטער זייט וואַסער. דאָס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט אַלץ: לעבנס־מיטל, דאָקומענטן, לוקסוס־זאַכן, געווער. ווען ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז די פּאַרטיזאַנער גייען אַריבער די ווייסל מיט אַ גרויסער צאָל אַמוניציע, איז דער פּרייז פון אַמוניציע אויף דער „בערזע״ גלייך געפאַלן אויף אַ דריטל.

אין מיטן דער נאַכט האָבן די פּאַרטיזאַנער איבערגעשריטן די ווייסל. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן אַ סך דאָ געהאַט פריינד, באַקאַנטע און טראַץ דעם, וואָס ס׳איז געווען שפּעט אין דער נאַכט, זענען די פויערים אויפגעשטאַנען און גענומען גרייטן אַ זאַטע אויפנאַמע.

אַ גרויסער טייל פּאַרטיזאַנער פון דער אָפּטיילונג האָבן געהאַט הינטער זיך אַ לאַנג וואַנדערן און אַ לעבן פון וואַלד־מענטשן און זיי זענען ממש געוואָרן איבערראַשט פון דעם אַרט לעבן, אַז ס׳איז זיי שווער געווען פון דאַנען אַוועקצורייסן.

אין קעגנזאַץ צו די פּאַרטיזאַנישע געזעצן נישט צו בלייבן נאָענט פון אַ טייך — צו וועלכן מען קאָן צוגעשפּאַרט ווערן דורכן שונא און נישט האָבן קיין צוריקוועג — זענען זיי געבליבן אין דאָרף סולעיווו.

ביעלסקי האָט גלייך אַרויסגעשטעלט וואַך־פּאָסטנס און איבערגעגעבן אַ שיפרירטע מעלדונג, אַז זיי זענען אַריבער די ווייסל. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַן אָפּהילך פון שאָסן. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויס־געוויזן, זענען אין דאָרף אָנגעקומען מיט לאַסט־אויטאָס דייטשן, וועלכע האָבן געדאַרפט אָנהייבן די פאַרטיפיקאַציע־אַרבעטן ביי דער ווייסל.

איבערראַשט פון די פּלוצעמדיקע שאָסן, האָבן די פּאַרטיזאַנער גענומען גלייך צוזאַמענפּאַקן די ראַדיאָסטאַציע און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן דאָס פייער.

אויף איינעם פון די דייטשע אויטאָס האָבן די פּאַרטיזאַנער גלייך גע־שליידערט אַ בינטל גראַנאַטן און אים געשטעלט אין פלאַמען. עטלעכע היטלעריסטן זענען געפאַלן און די לעבנגעבליבענע האָבן זיך גענומען דעקן צווישן די הייזער. דאַקעגן די דייטשן פון די אַנדערע אויטאָס האָבן גלייך זיך צעשפּרייט אין אַ טיראַליערע און גענומען אַטאַקירן מיט דער גאַנצער קראַפט.

די לאַגע פון די פּאַרטיזאַנער איז געוואָרן זייער אַ שווערע. די דרו־זשינעס זענען געווען צעוואָרפן איבערן גאַנצן דאָרף און ס׳איז שווער געווען זיך צו אָריענטירן ווו ס׳זענען די דייטשן און ווו די אייגענע... דערצו זענען אַלע פיר וועגענער פאַרלאָדענע מיט אַמוניציע, טריטאָל, לופעס צו די מאַשין־ביקסן און די אַנטענע צו דער ראַדיאָסטאַציע גלייך אַריינגעפאַלן אין די דייטשע הענט...

דאָך איז שנעל געלונגען צו באַהערשן די געשאַפענע לאַגע. די אָפּ־טיילונג פון „לאָקיעטעק״ איז אַריבער אין אַ קעגנאָנגריף, אַרויסשטויסנדיק די דייטשן פון צווישן די הייזער. אין דער זעלבער צייט האָט די אָפּטיילונג פון „בזשאָזאַ״ אָפּגעשלאָגן די וועגענער מיט אַמוניציע און זיי אַריינגעצויגן טיף אין וואַלד אַריין.

איצט איז געקומען דער גענעראַל־אָנגריף אויף די היטלעריסטן, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף...

נאָך אַ צווייסשעהדיקן קאַמף איז דער שונא פולשטענדיק צעשמעטערט געוואָרן, איבערלאָזנדיק אויפן קאַמפּס־פּלאַץ איבער אַ צענדליק טויטע און אַזויפיל פאַרוואונדעטע. זעקס פון זיי האָבן די פּאַרטיזאַנער גענומען אין געפאַנגענשאַפט. די פּאַרטיזאַנער האָבן בלויז געהאַט איין טויטן און צוויי פאַרוואונדעטע.

אין די הענט פון די פּאַרטיזאַנער זענען דעמאָלט אַריינגעפאַלן די דייטשע פּלענער פון דער פאָרטיפיקאַציע אויף דער ווייסל, וועלכע לעאָן ביעלסקי האָט איבערגעגעבן דעם הויפּט־אָנפירער פון דער פאָלקס־אַרמיי — גענעראַל ראָלאַ־זשימיערסקי, וועלכער האָט זיי מיטגענומען מיט זיך קיין מאָסקווע.

*　*
*

# קירצונגען

א. ז. ה. פּ. — אַרכיוו פונעם אַנשטאַלט פאַר פּאַרטיי־געשיכטע ביים צ. ק. פּ. ז. פּ. ר.
א. ל. — פאָלקס־אַרמיי
א. נ. — אויפן נאָמען
א. ק. — לאַנדס־אַרמיי
אָ. ק. וו. — אויבערקאָמאַנדאָ פון דער ווערמאַכט
ב. כ. (בע. כאַ.) — פויערישע באַטאַ־ליאָנען
ג. ל. — פאָלקס־גוואַרדיע
גענ. — גענעראַל
ז. וו. ז. — פאַרבאַנד פאַר באַוואָפנטן קאַמף
ז. ס. ר. ר. — ראַטנפאַרבאַנד
זשאָב. — ייִדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַ־ציע
„וו“ — ווערמאַכט
זעט. מ. עם — קאַמפס־פאַרבאַנד פון דער יוגנט
יעפר. — יעפרייטער
מינ. — מינירער
מ. ס. וו. (עמ. עס. וו.) — מיניסטער־יום פאַר אינערלעכע ענינים
נ. ס. ז. (ענ. עס. זעט.) — נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כוחות
סיגנ. — סיגנאַטור
ס. ס. (עס. עס. = שוצשטאַפּעל) ספּע־ציעלע מיליטערישע אָפּטיילונגען
ספּעץ. — ספּעציעלע
פּאָר. — פּאָרוטשניק
פּאָדפּאָר. — פּאָדפּאָרוטשניק
פּולק. — פולקאָווניק
פּ. ז. פּ. ר. — פוילישע פאַראייניקטע אַרבעטער־פּאַרטיי
פלוט. — פלוטאָנאָווי
פּ. פּ. — פולק פּיעכאָטי
פּסעוו. — פסעוודאָנים
פּ. פּ. ס. — פוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי
פּ. פּ. ר. — פוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי
פּ. ק. או. — מיליטערישער ווערביר־פונקט
צ. ק. — צענטראַל־קאָמיטעט
צ. ק. מ. — שווערער מאַשין־געווער
קאָמיוג. — קאָמוניסטישער יוגנט־פאַרבאַנד
ק. ב. ק. (קאַראַבינעק) — האַנט־ביקס
קפּט. — קאַפּיטאַן
ק. פּ. פּ. — קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון פוילן.
ק. ק. אָ. — קאָמונאַלע שפּאָר־קאַסע
„ר“ — ריסטונג
ר. ק. מ. — האַנט־מאַשין־געווער

# אינדעקס פון נעמען און פסעוודאָנימען

## ד



## ה



## ו

## ק



## ר

# רשימה פון בילדער און דאָקומענטן

זייט

# אינהאַלט